# חוּמֶש

## ויקרא
## בּמדבּר
## דברים

אידיש פון

**יהוֹאָש**

פאַרלאַג
„תַּנַך״
ניו־יאָרק
1926

# וַיִּקְרָא

# סֶדרות פֿון וַיִּקְרָא

# וַיִּקְרָא

א 1 און גאָט האָט גערופן צו משהן, און האָט צו אים גערעדט
פון אוהל־מועד, אַזוי צו זאָגן: 2 רעד צו די קינדער פון
ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי: אַז עמיצער פון אַייך וועט
ברענגען אַ קרבּן צו גאָט, זאָלט איר פון פי, פון רינדער אָדער
פון שאָף, ברענגען אַייער קרבּן.
3 אויב אַ בראַנדאָפּפער איז זיין קרבּן, פון רינדער, זאָל ער
אים ברענגען אַ זָכר אָן אַ פעלער; צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד
זאָל ער אים ברענגען, כּדי ער זאָל באַוויליקט ווערן פאַר גאָט.
4 און ער זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון בראַנדאָפּפער,
און עס וועט באַוויליקט ווערן פון אים, מכפּר צו זיין אויף אים.
5 און ער זאָל שעכטן דאָס יונגע רינד פאַר גאָט, און די קינדער
פון אַהרן, די כּהנים, זאָלן גענענען דאָס בלוט, און שפּרענגען
דאָס בלוט רונד אַרום אויף דעם מזבּח וואָס ביים אַיינגאַנג פון
אוהל־מועד. 6 און ער זאָל אָפּשינדן דאָס בראַנדאָפּפער, און
עס צעשניידן אויף זיינע שטיקער. 7 און די קינדער פון אַהרן
דעם כּהן זאָלן אַרויפטאָן פייער אויפן מזבּח, און אָנלייגן האָלץ
אויפן פייער. 8 און די קינדער פון אַהרן, די כּהנים, זאָלן אויס־
לייגן די שטיקער, דעם קאָפּ, און דאָס פעטס, אויף דעם האָלץ
וואָס איבער דעם פייער וואָס אויפן מזבּח. 9 און זיינע
אינגעווייד און זיינע קני זאָל ער אָפּשווענקען אין וואַסער, און
דער כּהן זאָל אַלצדינג דעמפן אויפן מזבּח פאַר אַ בראַנד־
אָפּפער, אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט.
10 און אויב זיין קרבּן איז פון קליינפי, פון שעפסן אָדער פון

ציגן, פאַר אַ בראַנדאָפּפער, זאָל ער אים ברענגען אַ זָכר אָן אַ
פעלער. 11 און ער זאָל אים שעכטן ביי דער צפון־זייט פון מזבח
פאַר גאָט, און די קינדער פון אַהרן, די כֹהנים, זאָלן שפּרענגען
זיין בלוט אויפן מזבח רונד אַרום. 12 און ער זאָל אים צעשניידן
אויף זיינע שטיקער; און דער כֹהן זאָל זיי אויסלייגן מיטן קאָפּ
און מיטן פעטס אויף דעם האָלץ וואָס איבער דעם פייער
וואָס אויפן מזבח. 13 און די אינגעווייד און די קני זאָל ער
אָפּשווענקען אין וואַסער; און דער כֹהן זאָל אַלצדינג גענענען,
און דעמפן אויפן מזבח. אַ בראַנדאָפּפער איז דאָס, אַ פייער־
אָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט.
14 און אויב אַ בראַנדאָפּפער פון עוֹפות איז זיין קרבן צו
גאָט, זאָל ער ברענגען זיין קרבן פון טורטלטויבן אָדער פון יונגע
טויבן. 15 און דער כֹהן זאָל אים גענענען צום מזבח, און אָפּ־
קנייפּן זיין קאָפּ, און דעמפן אויפן מזבח; און זיין בלוט זאָל אויס־
געקוועטשט ווערן אויף דער וואַנט פון מזבח. 16 און ער זאָל
אַראָפּנעמען זיין וואָליע מיט אירע פעדערן, און זי אַוועקוואַרפן
לעבן מזבח אין מזרח־זייט, אין אָרט פון דער אַש. 17 און ער
זאָל אים אויפרייסן פאַר זיינע פליגלען, אָבער ניט פאַנאַנדער־
שיידן; און דער כֹהן זאָל אים דעמפן אויפן מזבח, אויף דעם
האָלץ וואָס איבערן פייער. אַ בראַנדאָפּפער איז דאָס, אַ
פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט.

ב 1 און אַז עמיצער וועט ברענגען אַ שפּייזאָפּפער צו גאָט, זאָל
זיין קרבן זיין פון זעמלמעל, און ער זאָל אַרויפגיסן אויף
אים אייל, און אַרויפטאָן אויף אים ווייריך. 2 און ער זאָל עס
ברענגען צו די קינדער פון אַהרן, די כֹהנים; און ער זאָל אָנהויפּן
דערפון זיין פולן הויפן—פון זיין זעמלמעל, און פון זיין אייל,
מיט זיין גאַנצן ווייריך, און דער כֹהן זאָל דעמפן זיין דערמאָנונג*
אויפן מזבח, אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט.

* פון דעם טייל וואָס איז פאַר אַ דערמאָנונג צו גאָט, אָדער, פון דעם שמעקעדיקן טייל.

[3]און דאָס איבעריקע פון דעם שפּייזאָפּפער איז פאַר אַהרנען און פאַר זיינע קינדער; אַ הייליקסטע הייליקייט פון די פייער־אָפּפער פון גאָט.

[4]און אַז דו וועסט ברענגען אַ שפּייזאָפּפער געבאַקן אין אַן אויוון, זאָל עס זיין פון זעמלמעל, אומגעזייערטע חלות פאַר־מישט מיט אייל, אָדער אומגעזייערטע קוכנס באַשמירט מיט אייל.

[5]און אויב אַ שפּייזאָפּפער אויף אַ באַקפאַן איז דיין קרבן, זאָל עס זיין פון זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל, אומגעזייערט.
[6]זאָלסט עס צעבראָקן אין בראָקן, און אַרויפגיסן דערויף אייל; אַ שפּייזאָפּפער איז דאָס.

[7]און אויב אַ שפּייזאָפּפער אין אַ בראָטפאַן איז דיין קרבן, זאָל עס געמאַכט ווערן פון זעמלמעל מיט אייל.

[8]און זאָלסט ברענגען דאָס שפּייזאָפּפער וואָס ווערט געמאַכט פון דידאָזיקע, צו גאָט; און מע זאָל עס דערלאַנגען צום כהן, און ער זאָל עס גענענען צום מזבח. [9]און דער כהן זאָל אַראָפּהייבן פון דעם שפּייזאָפּפער זיין דערמאָנונג, און דעמפן אויפן מזבח—אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [10]און דאָס איבעריקע פון דעם שפּייזאָפּפער איז פאַר אַהרנען און פאַר זיינע קינדער; אַ הייליקסטע הייליקייט פון די פייעראָפּפער פון גאָט. [11]קיין שפּייזאָפּפער וואָס איר וועט ברענגען צו גאָט, זאָל ניט געמאַכט ווערן פון חמץ, וואָרום פון קיין זויערטייג און קיין האָניק טאָרט איר ניט דעמפן אַ פייעראָפּפער צו גאָט. [12]פאַר אַ גאָב פון ערשטפרוכט מעגט איר זיי ברענגען צו גאָט, אָבער אויפן מזבח טאָרן זיי ניט אַרויפקומען פאַר אַ געשמאַקן ריח. [13]און דיין איטלאַך שפּייז־אָפּפער זאָלסטו מיט זאַלץ באַזאַלצן, און זאָלסט ניט אויסלאָזן

פון דיין שפּייזאָפּפער דאָס זאַלץ פון דיין גאָטס בונד; מיט
דיין איטלאַכן קרבן זאָלסטו מקריב זיין זאַלץ.

[14]און אויב דו וועסט ברענגען אַ שפּייזאָפּפער פון ערשט־
צייטיקע צו גאָט, זאָלסטו ברענגען זאַנגען געבּרענט אין פייער,
גריץ פון פרישע קערנער, פאַר דעם שפּייזאָפּפער פון דיינע
ערשטצייטיקע. [15]און זאָלסט אַרויפגיסן אויף אים אייל, און
אַרויפטאָן אויף אים ווייַרויך; אַ שפּייזאָפּפער איז דאָס. [16]און
דער כּהן זאָל דעמפן זיין דערמאָנונג, פון זיין גריץ, און פון זיין
אייל, מיט זיין גאַנצן ווייַרויך, אַ פייעראָפּפער צו גאָט.

ג [1]און אויב אַ פרידאָפּפער איז זיין קרבן, אויב ער ברענגט
פון רינדער, סיי אַ זָכר, סיי אַ נקבה, זאָל ער אָן אַ פעלער
אים ברענגען פאַר גאָט. [2]און ער זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן
קאָפּ פון זיין קרבן, און אים שעכטן ביים אַיינגאַנג פון אוהל־
מועד, און די קינדער פון אַהרן, די כּהנים, זאָלן שפּרענגען
דאָס בלוט אויפן מזבח רונד אַרום. [3]און ער זאָל גענענען פון
דעם פרידאָפּפער, אַ פייעראָפּפער צו גאָט, דאָס פעטס וואָס
דעקט צו די אינגעווייד, און דאָס גאַנצע פעטס וואָס אויף די
אינגעווייד, [4]און ביידע נירן, און דאָס פעטס וואָס אויף זיי, וואָס
ביי די פלאַנקען, און דאָס רויטפלייש איבערן לעבער—ביי די
נירן זאָל ער עס אַראָפּנעמען. [5]און די קינדער פון אַהרן זאָלן
עס דעמפן אויפן מזבח איבער דעם בראַנדאָפּפער וואָס אויפן
האָלץ וואָס איבערן פייער, אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן
ריח צו גאָט.

[6]און אויב פון קליינפי איז זיין קרבן פאַר אַ פרידאָפּפער
צו גאָט, אַ זָכר אָדער אַ נקבה, זאָל ער אָן אַ פעלער אים
ברענגען. [7]אויב אַ שעפּס ברענגט ער פאַר זיין קרבן, זאָל ער
אים גענענען פאַר גאָט. [8]און ער זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן
קאָפּ פון זיין קרבן, און אים שעכטן פאַרן אוהל־מועד; און די

קינדער פֿון אַהרן זאָלן שפּרענגען זײַן בלוט אויפֿן מזבח רונד
אַרום. 9און ער זאָל גענענען פֿון דעם פֿרידאָפּפֿער, אַ פֿײַער־
אָפּפֿער צו גאָט, זײַן פֿעטס, דעם גאַנצן ווײַדל—לעבן דעם רוקנ־
ביין זאָל ער אים אַראָפּנעמען—און דאָס פֿעטס וואָס דעקט צו
די אינגעווייד, און דאָס גאַנצע פֿעטס וואָס אויף די אינגעווייד,
10און ביידע נירן, און דאָס פֿעטס וואָס אויף זיי, וואָס בײַ די
פֿלאַנקען, און דאָס רויטפֿלייש איבערן לעבער—בײַ די נירן
זאָל ער עס אַראָפּנעמען. 11און דער כֹּהן זאָל עס דעמפֿן
אויפֿן מזבח, אַ שפּייז פֿון פֿײַעראָפּפֿער צו גאָט.

12און אויב אַ ציג איז זײַן קרבן, זאָל ער אים גענענען פֿאַר
גאָט. 13און ער זאָל אָנלענען זײַן האַנט אויף זײַן קאָפּ, און אים
שעכטן פֿאַרן אוהל־מועד; און די קינדער פֿון אַהרן זאָלן
שפּרענגען זײַן בלוט אויפֿן מזבח רונד אַרום. 14און ער זאָל
גענענען דערפֿון זײַן קרבן, אַ פֿײַעראָפּפֿער צו גאָט: דאָס פֿעטס
וואָס דעקט צו די אינגעווייד, און דאָס גאַנצע פֿעטס וואָס אויף
די אינגעווייד, 15און ביידע נירן, און דאָס פֿעטס וואָס אויף זיי,
וואָס בײַ די פֿלאַנקען, און דאָס רויטפֿלייש איבערן לעבער—
בײַ די נירן זאָל ער עס אַראָפּנעמען. 16און דער כֹּהן זאָל עס
דעמפֿן אויפֿן מזבח—אַ שפּייז פֿון פֿײַעראָפּפֿער פֿאַר אַ געשמאַקן
ריח; דאָס גאַנצע פֿעטס צו גאָט. 17אַן אייביק געזעץ אויף
אײַערע דור־דורות אין אַלע אײַערע וווינערטער: קיין חלב
און קיין בלוט זאָלט איר ניט עסן.

ד 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2רעד צו די
קינדער פֿון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:

אַז עמיצער וועט זינדיקן דורך אַ פֿאַרזע אין וואָסערע עס
איז פֿאַרבאָטזאַכן פֿון גאָט וואָס טאָרן ניט געטאָן ווערן, און ער
וועט טאָן איינע פֿון זיי, 3איז, אויב דאָס וועט זינדיקן דער
געזאַלבטער כֹּהן, צו דער פֿאַרשולדיקונג פֿון פֿאָלק, זאָל ער

מקריב זיין פאַר זיין זינד וואָס ער האָט געזינדיקט, אַ יונגן אָקס
אָן אַ פעלער צו גאָט פאַר אַ זינדאָפּפער. [4]און ער זאָל ברענגען
דעם אָקס צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד פאַר גאָט, און זאָל
אָנלעגן זיין האַנט אויפן קאָפּ פון דעם אָקס, און שעכטן דעם
אָקס פאַר גאָט. [5]און דער געזאַלבטער כהן זאָל נעמען פון
דעם בלוט פון אָקס, און זאָל עס ברענגען צום אוהל־מועד. [6]און
דער כהן זאָל אַיינטונקען זיין פינגער אין דעם בלוט, און
שפּריצן פון דעם בלוט זיבן מאָל פאַר גאָט, פאַר דעם פּרוֹכֶת
פון הייליקטום. [7]און דער כהן זאָל אַרויפטאָן פון דעם בלוט
אויף די הערנער פון דעם מזבח פאַר ווייררויך פון שמעקעדיקע
געווירצן וואָס פאַר גאָט אין אוהל־מועד, און דאָס גאַנצע
בלוט פון אָקס זאָל ער אויסגיסן אָן גרונט פון דעם מזבח פאַר
בראַנדאָפּפער וואָס ביים אַיינגאַנג פון אוהל־מועד. [8]און דאָס
גאַנצע פעטס פון דעם אָקס פון זינדאָפּפער זאָל ער פון אים
אַראָפּנעמען: דאָס פעטס וואָס דעקט צו די אינגעווייד, און
דאָס גאַנצע פעטס וואָס אויף די אינגעווייד, [9]און ביידע נירן,
און דאָס פעטס וואָס אויף זיי, וואָס ביי די פלאַנקען, און דאָס
רויטפלייש איבערן לעבער—ביי די נירן זאָל ער עס אַראָפּ־
נעמען, [10]אַזוי ווי עס ווערט אַראָפּגענומען פון דעם אָקס פון פריד־
אָפּפער; און דער כהן זאָל עס דעמפן אויפן מזבח פאַר בראַנד־
אָפּפער. [11]און דאָס פעל פון דעם אָקס, און דאָס גאַנצע פלייש
זיינס, מיט זיין קאָפּ, און מיט זיינע קני, און זיינע אינגעווייד, און
זיין מיסט—[12]דעם גאַנצן אָקס זאָל ער אַרויסטראָגן אויסן לאַגער
אין אַ ריינעם אָרט, וווּ מע שיט אויס די אַש, און אים פאַרברענען
אויף האָלץ אין פייער; וווּ מע שיט אויס די אַש זאָל ער פאַר־
ברענט ווערן.

[13]און אויב די גאַנצע עדה פון ישראל וועט פאַרזען, ווייל
אַ זאַך וועט זיין פאַרהוילן פון די אויגן פון קהל, און זיי וועלן

טאָן איינע פון אַלע פאַרבאָטזאַכן פון גאָט וואָס טאָרן ניט גע־
טאָן ווערן, און וועלן זיך פאַרשולדיקן, [14]און זיי וועט באַוווסט
ווערן די זינד וואָס זיי האָבן זיך דערמיט פאַרזינדיקט, זאָל
קהל ברענגען אַ יונגן אָקס פאַר אַ זינדאָפּפער, און זיי זאָלן אים
צוברענגען פאַרן אוהל־מועד. [15]און די עלטסטע פון דער עדה
זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויפן קאָפּ פון אָקס פאַר גאָט, און
מע זאָל שעכטן דעם אָקס פאַר גאָט. [16]און דער געזאַלבטער
כֹּהן זאָל ברענגען פון דעם בלוט פון אָקס צום אוהל־מועד.
[17]און דער כֹּהן זאָל אײַנטונקען זיין פינגער אין דעם בלוט, און
שפּריצן זיבן מאָל פאַר גאָט, פאָרנט פון פָּרוֹכֶת. [18]און ער
זאָל אַרויפטאָן פון דעם בלוט אויף די הערנער פון דעם מזבח
וואָס פאַר גאָט, וואָס אין אוהל־מועד, און דאָס גאַנצע בלוט
זאָל ער אויסגיסן אָן גרונט פון דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער
וואָס ביים אַיינגאַנג פון אוהל־מועד. [19]און דאָס גאַנצע פעטס
זיינס זאָל ער אַראָפּנעמען פון אים, און דעמפן אויפן מזבח.
[20]און ער זאָל טאָן מיט דעם אָקס, אַזוי ווי ער האָט געטאָן מיט
דעם אָקס פון זינדאָפּפער; גענוי אַזוי זאָל ער טאָן מיט אים;
און דער כֹּהן זאָל מכפּר זיין אויף זיי, און זיי וועט פאַרגעבן
ווערן. [21]און ער זאָל אַרויסטראָגן דעם אָקס אויסן לאַגער, און
אים פאַרברענען, אַזוי ווי ער האָט פאַרברענט דעם פריערדיקן
אָקס; אַ זינדאָפּפער פאַר קהל איז דאָס.

[22]אַז אַ פירשט וועט זינדיקן, און וועט טאָן דורך אַ פאַרזע
איינע פון אַלע פאַרבאָטזאַכן פון גאָט זיין האַר וואָס טאָרן ניט
געטאָן ווערן, און וועט זיך פאַרשולדיקן; [23]אויב אים ווערט
באַוווסט זיין זינד וואָס ער האָט זיך דערין פאַרזינדיקט, זאָל
ער ברענגען פאַר זיין קרבן אַ ציגנבאָק, אַ זָכר אָן אַ פעלער.
[24]און ער זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון באָק, און אים
שעכטן אין דעם אָרט ווו מע שעכט דאָס בראַנדאָפּפער פאַר

גאָט; אַ זינדאָפּפער איז דאָס. [25]און דער כּהן זאָל נעמען פון
דעם בלוט פון זינדאָפּפער מיט זיין פינגער, און אַרויפטאָן
אויף די הערנער פון דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער; און דאָס
[איבעריקע] בלוט זיינס זאָל ער אויסגיסן אָן גרונט פון דעם
מזבח פאַר בראַנדאָפּפער. [26]און דאָס גאַנצע פעטס זיינס זאָל
ער דעמפן אויפן מזבח, אזוי ווי דאָס פעטס פון דעם פריד־
אָפּפער; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פון וועגן זיין
זינד, און אים וועט פאַרגעבן ווערן.

[27]און אויב אַן איינצלנער מענטש פון דעם פאָלק פון לאַנד
וועט זינדיקן דורך אַ פאַרזע, מיט וואָס ער וועט טאָן איינע פון
די פאַרבאָטזאַכן פון גאָט וואָס טאָרן ניט געטאָן ווערן, און וועט
זיך פאַרשולדיקן; [28]אויב מע מאַכט אים וויסן זיין זינד וואָס ער
האָט געזינדיקט, זאָל ער ברענגען פאַר זיין קרבן אַ ציג אָן אַ
פעלער, אַ זי, פאַר דער זינד וואָס ער האָט געזינדיקט. [29]און ער
זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון דעם זינדאָפּפער, און
שעכטן דאָס זינדאָפּפער אין דעם אָרט פון דעם בראַנד־
אָפּפער. [30]און דער כּהן זאָל נעמען פון זיין בלוט מיט זיין
פינגער, און אַרויפטאָן אויף די הערנער פון דעם מזבח פאַר
בראַנדאָפּפער, און דאָס גאַנצע בלוט זיינס זאָל ער אויסגיסן
אָן גרונט פון מזבח. [31]און דאָס גאַנצע פעטס זיינס זאָל ער
אַראָפּנעמען, אַזוי ווי דאָס פעטס ווערט אַראָפּגענומען פון דעם
פרידאָפּפער; און דער כּהן זאָל עס דעמפן אויפן מזבח פאַר
אַ געשמאַקן ריח צו גאָט; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים,
און אים וועט פאַרגעבן ווערן.

[32]און אויב אַ שעפּס וועט ער ברענגען זיין קרבן פאַר אַ זינד־
אָפּפער, זאָל ער ברענגען אַ זי אָן אַ פעלער. [33]און ער זאָל
אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון זינדאָפּפער, און זאָל עס
שעכטן פאַר אַ זינדאָפּפער, אין דעם אָרט וווּ מע שעכט דאָס

בראַנדאָפּפער. [34]און דער כּהן זאָל נעמען פון דעם בלוט פון
זינדאָפּפער מיט זיין פינגער, און אַרויפטאָן אויף די הערנער
פון דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער, און דאָס גאַנצע בלוט זיינס
זאָל ער אויסגיסן אָן גרונט פון מזבח. [35]און דאָס גאַנצע פעטס
זיינס זאָל ער אַראָפּנעמען, אַזוי ווי דאָס פעטס פון שעפּס
ווערט אַראָפּגענומען פון דעם פרידאָפּפער; און דער כּהן זאָל
עס דעמפן אויפן מזבח, אויף די פייעראָפּפער פון גאָט; און
דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פון וועגן זיין זינד וואָס ער
האָט געזינדיקט, און אים וועט פאַרגעבן ווערן.
ה [1]און אַז עמיצער וועט זינדיקן מיט וואָס ער וועט הערן
דעם קָול פון באַשווערונג, ווען ער איז אַן עדות, סיי ער
האָט געזען, סיי ער ווייס עפּעס–אויב ער וועט ניט אויסזאָגן,
און טראָגן אויף זיך אַ זינד; [2]אָדער אז עמיצער וועט זיך אָנרירן
אָן עפּעס אַן אומריינער זאַך, סיי אָן דער נבֵלה פון אַן אומ־
ריינער חיה, סיי אָן דער נבֵלה פון אַן אומריינער בהמה, סיי
אָן דער נבֵלה פון אַן אומריינעם שרץ, און עס וועט זיין פאַר־
הוילן פון אים אַז ער איז אומריין, און ער וועט זיך פאַרשולדיקן;
[3]אָדער אַז ער וועט זיך אָנרירן אָן דער אומריינקייט פון אַ
מענטשן, וואָס נאָר זיין אומריינקייט איז וואָס ער איז אומריין
דערמיט, און עס וועט זיין פאַרהוילן פון אים; און ער וועט זיך
דערוויסן אַז ער האָט זיך פאַרשולדיקט; [4]אָדער אַז עמיצער
וועט שווערן דורך אַרויסרעדן מיט די ליפּן צום גוטן אָדער
צום שלעכטן, וואָס נאָר אַ מענטש וועט אַרויסרעדן מיט אַ
שבועה, און עס וועט זיין פאַרהוילן פון אים; און ער וועט זיך
דערוויסן אַז ער איז שולדיק אין איינער פון דידאָזיקע זאַכן;
[5]איז, אַז ער פאַרשולדיקט זיך אין איינער פון דידאָזיקע זאַכן,
זאָל ער זיך מתוודה זיין אויף וואָס ער האָט געזינדיקט. [6]און
ער זאָל ברענגען זיין שולדאָפּפער צו גאָט פאַר זיין זינד וואָס

ער האָט געזינדיקט, אַ זי פון קליינפי, אַ שעפּס אָדער אַ ציג, פאַר אַ זינדאָפּפער; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פון װעגן זיין זינד.

[7]און אויב זיין האַנט פאַרמאָגט ניט גענוג אויף אַ לאַם, זאָל ער ברענגען פאַר זיין שולדאָפּפער פאַר װאָס ער האָט געזינדיקט, צוויי טורטלטויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן, צו גאָט: איינע פאַר אַ זינדאָפּפער און איינע פאַר אַ בראַנדאָפּפער. [8]און ער זאָל זיי ברענגען צום כּהן; און ער זאָל מקריב זיין די װאָס פאַר אַ זינדאָפּפער צוערשט, און אָפּקנייפּן איר קאָפּ ביי איר געניק, אָבער ניט פאַנאַנדערשיידן. [9]און ער זאָל שפּריצן פון דעם בלוט פון זינדאָפּפער אויף דער װאַנט פון מזבח, און דער רעשט פון דעם בלוט זאָל אויסגעקװעטשט װערן אָן גרונט פון מזבח; אַ זינדאָפּפער איז דאָס. [10]און די צווייטע זאָל ער מאַכן פאַר אַ בראַנדאָפּפער אַזוי ווי דער דין; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פון װעגן זיין זינד װאָס ער האָט געזינדיקט, און אים װעט פאַרגעבן װערן.

[11]און אויב זיין האַנט פאַרמאָגט ניט אויף צוויי טורטלטויבן, אָדער אויף צוויי יונגע טויבן, זאָל ער ברענגען פאַר זיין קרבן פאַר װאָס ער האָט געזינדיקט, אַ צענטל אֵיפָה זעמלמעל פאַר אַ זינדאָפּפער; ער זאָל ניט אַרויפטאָן אויף אים אייל, און ניט אַרויפלייגן אויף אים װיירויך, װאָרום אַ זינדאָפּפער איז דאָס. [12]און ער זאָל עס ברענגען צום כּהן, און דער כּהן זאָל אָנהויפּן פון אים זיין פולן הויפן–זיין דערמאָנונג–און דעמפּן אויפן מזבח, אויף די פייעראָפּפער פון גאָט; אַ זינדאָפּפער איז דאָס. [13]און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פאַר זיין זינד װאָס ער האָט געזינדיקט אין איינער פון דידאָזיקע זאַכן, און אים װעט פאַרגעבן װערן. און עס זאָל געהערן צום כּהן אַזוי ווי אַ שפּייזאָפּפער.

14און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 15אַז עמיצער
וועט פעלשן אַ פעלשונג, און וועט זינדיקן דורך אַ פאַרזע
אַקעגן די הייליקייטן פון גאָט, זאָל ער ברענגען זיין שולד־
אָפּפער צו גאָט: אַ ווידער פון די שאָף, אָן אַ פעלער, לויט דיין
אָפּשאַצונג אין זילבער־שקלים, אויפן הייליקן שקל, פאַר אַ
שולדאָפּפער. 16און וואָס ער האָט פאַרשולדיקט קעגן דער
הייליקייט זאָל ער אָפּצאָלן, און צולעגן דערצו אַ פינפטל דער־
פון, און דאָס געבן צום כהן; און דער כהן זאָל מכפר זיין אויף
אים מיט דעם ווידער פון שולדאָפּפער, און אים וועט פאַר־
געבן ווערן.

17און אויב עמיצער וועט זינדיקן, און וועט טאָן איינע פון
אַלע פאַרבאָטזאַכן פון גאָט וואָס טאָרן ניט געטאָן ווערן, ווייל
ער האָט ניט געוווסט, און ער וועט זיך פאַרשולדיקן און טראָגן
אויף זיך אַ זינד, 18זאָל ער ברענגען אַ ווידער פון די שאָף, אָן
אַ פעלער, לויט דיין אָפּשאַצונג, פאַר אַ שולדאָפּפער, צום
כהן; און דער כהן זאָל מכפר זיין אויף אים, פאַר דעם פאַרזע
וואָס ער האָט פאַרזען, ווייל ער האָט ניט געוווסט, און אים
וועט פאַרגעבן ווערן. 19אַ שולדאָפּפער איז דאָס; פאַר־
שולדיקן האָט ער זיך פאַרשולדיקט קעגן גאָט.

20און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 21אַז
עמיצער וועט זינדיקן, און וועט פעלשן אַ פעלשונג אָן גאָט, און
וועט פאַרלייקענען זיין חבר אַן איינלאָג, אָדער אַ משכון, אָדער
אַ גזלה, אָדער ער וועט קריוודען זיין חבר; 22אָדער ער האָט
געפונען פאַרלאָרנס און פאַרלייקנט עס, און שווערט פאַלש—
אין איינער פון די אַלע זאַכן וואָס אַ מענטש באַגייט דערמיט
אַ זינד; 23איז, אַז ער האָט אַזוי געזינדיקט און זיך פאַרשולדיקט,
זאָל ער אומקערן די גזלה וואָס ער האָט געגזלט, אָדער
די קריוודע וואָס ער האָט געקריוודעט, אָדער דעם אַיינלאָג

וואָס איז אײַנגעלייגט געוואָרן בײַ אים, אָדער דאָס פאַר־
לאָרענע וואָס ער האָט געפונען, [24]אָדער וואָס נאָר ער האָט
געשוואָרן דערויף פאַלש; און ער זאָל באַצאָלן דעם קרן
דערפון, און אַ פינפטל דערפון צולייגן דערצו; צו דעם וועמען
עס געהערט זאָל ער עס אָפגעבן אין דעם טאָג וואָס ער שפירט
זיך שולדיק. [25]און ער זאָל ברענגען זײַן שולדאָפּפער צו גאָט:
אַ ווידער פון די שאָף, אָן אַ פעלער, לויט דײַן אָפּשאַצונג, פאַר
אַ שולדאָפּפער צום כֹּהן. [26]און דער כֹּהן זאָל מכפּר זײַן אויף
אים פאַר גאָט, און אים וועט פאַרגעבן ווערן וואָס נאָר פון
אַלעם דעם ער האָט געטאָן זיך צו פאַרשולדיקן דערמיט.

## צַו

ו [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפעל
אַהרנען און זײַנע זין, אַזוי צו זאָגן:

דאָס איז דער דין פון דעם בראַנדאָפּפער[א]: דאָס איז דאָס
וואָס גייט אַרויף[א] אויפן בראַנד אויפן מזבח אויף אַ גאַנצע נאַכט
ביז אין דער פרי; און דאָס פייער פון מזבח זאָל געהאַלטן ווערן
אין ברענען דערויף. [3]און דער כֹּהן זאָל אָנטאָן זײַן לײַנען
קלייד, און לײַנענע הויזן זאָל ער אָנטאָן אויף זײַן לײַב; און ער
זאָל אַראָפנעמען די אַש אויף וואָס דאָס פייער האָט פאַרצערט
דאָס בראַנדאָפּפער אויפן מזבח, און ער זאָל עס אַהינ־
טאָן לעבן מזבח. [4]און ער זאָל אויסטאָן זײַנע קליידער, און
אָנטאָן אַנדערע קליידער, און אַרויסטראָגן די אַש אויסן
לאַגער אין אַ ריינעם אָרט. [5]און דאָס פייער אויפן מזבח זאָל
געהאַלטן ווערן אין ברענען דערויף, עס זאָל ניט פאַרלאָשן
ווערן. און דער כֹּהן זאָל אָנצינדן דערויף האָלץ פרימאָרגן

א הָעֹולָה׃

אין פרימאָרגן; און ער זאָל אויסלייגן דערויף דאָס בראַנד־
אָפּפער, און דעמפּן דערויף דאָס פעטס פון די פרידאָפּפער.
[6]אַ פייער זאָל תמיד געהאַלטן ווערן אין ברענען אויפן מזבח;
עס זאָל ניט פאַרלאָשן ווערן.
[7]און דאָס איז דער דין פון דעם שפּייזאָפּפער: די קינדער
פון אַהרן זאָלן עס גענענען פאַר גאָט פאָרנט פון מזבח. [8]און
ער זאָל אַראָפּנעמען דערפון מיט זיין הויפן: פון דעם זעמל־
מעל פון דעם שפּייזאָפּפער, און פון זיין אייל, און דעם גאַנצן
וויירויך וואָס אויפן שפּייזאָפּפער; און ער זאָל דעמפּן זיין
דערמאָנונג אויפן מזבח פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [9]און
דאָס איבעריקע פון אים זאָלן עסן אַהרן און זיינע זין;
אומגעזייערט זאָל עס געגעסן ווערן, אין אַ הייליקן אָרט; אין
הויף פון אוהל־מועד זאָלן זיי עס עסן. [10]עס זאָל ניט געבאַקט
ווערן געזייערט. פאַר זייער חלק האָב איך דאָס זיי געגעבן
פון מיינע פייעראָפּפער; אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס,
אַזוי ווי דאָס זינדאָפּפער, און אַזוי ווי דאָס שולדאָפּפער.
[11]יעטוועדער מאַנספּאַרשוין צווישן די קינדער פון אַהרן מעג
עס עסן; אַן אייביק רעכט אויף אייערע דור־דורות פון די
פייעראָפּפער פון גאָט; אַלץ וואָס וועט זיך אָנרירן אָן דעם
זאָל ווערן הייליק.

[12]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [13]דאָס איז
דער קרבן פון אַהרנען און זיינע זין, וואָס זיי זאָלן מקריב זיין צו
גאָט אין דעם טאָג וואָס ער ווערט געזאַלבט: אַ צענטל אֵיפָה
זעמלמעל פאַר אַ שפּייזאָפּפער תמיד, אַ העלפט דערפון אין
דער פרי, און אַ העלפט דערפון אין אָוונט. [14]אויף אַ באַקפאַן,
מיט אייל, זאָל עס געמאַכט ווערן; גוט דורכגעשלאָגן זאָלסטו
עס ברענגען; אַ געבאַקט שפּייזאָפּפער אין בראָקן זאָלסטו
עס מקריב זיין פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [15]און דער כֹּהן
וואָס איז דער געזאַלבטער אויף זיין אָרט פון צווישן זיינע זין,

זאָל עס מאַכן; אַן אייביק געזעץ; אין גאַנצן צו גאָט זאָל עס
געדעמפּט ווערן. 16און יעטוועדער שפּייזאָפּפער פון אַ כהן
זאָל אין גאַנצן פאַרברענט ווערן; עס זאָל ניט געגעסן ווערן.
17און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 18רעד צו
אַהרנען און צו זיינע זין, אַזוי צו זאָגן:
דאָס איז דער דין פון דעם זינדאָפּפער: אין דעם אָרט ווו
דאָס בראַנדאָפּפער ווערט געשאָכטן, זאָל געשאָכטן ווערן דאָס
זינדאָפּפער פאַר גאָט; אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס.
19דער כהן וואָס ברענגט עס אויף פאַר אַ זינדאָפּפער זאָל עס
עסן; אין אַ הייליקן אָרט זאָל עס געגעסן ווערן, אין הויף פון
אוהל־מועד. 20אַלץ וואָס וועט זיך אָנרירן אָן זיין פלייש, זאָל
ווערן הייליק; און אויב עס וועט אַרויפשפּריצן פון זיין בלוט
אויף אַ בגד, זאָלסטו דאָס אויף וואָס עס וועט אַרויפשפּריצן,
וואַשן אין אַ הייליקן אָרט. 21און די ליימענע כלי וואָס עס ווערט
געקאָכט ווערן דערין, זאָל צעבראָכן ווערן; און אויב עס ווערט
געקאָכט אין אַ קופּערנער כלי, זאָל זי אויסגעשייערט ווערן, און
אויסגעשווענקט ווערן מיט וואַסער. 22יעטוועדער מאַנספּאַרשוין
צווישן די כהנים מעג דאָס עסן; אַ הייליקסטע הייליקייט
איז דאָס. 23אָבער קיין זינדאָפּפער, וואָס פון זיין בלוט ווערט
געבראַכט אין אוהל־מועד כדי מכפּר צו זיין אין הייליקטום,
זאָל ניט געגעסן ווערן; אין פייער זאָל עס פאַרברענט ווערן.
ז 1און דאָס איז דער דין פון דעם שולדאָפּפער: אַ הייליקסטע
הייליקייט איז דאָס. 2אין דעם אָרט ווו מע שעכט דאָס
בראַנדאָפּפער, זאָל מען שעכטן דאָס שולדאָפּפער; און זיין
בלוט זאָל מען שפּרענגען אויפן מזבח רונד אַרום. 3און דאָס
גאַנצע פעטס זיינס זאָל מען מקריב זיין פון אים, דעם ווידל,
און דאָס פעטס וואָס דעקט צו די אינגעווייד, 4און ביידע נירן,
און דאָס פעטס וואָס אויף זיי, וואָס ביי די פלאַנקען, און דאָס

רויטפלייש איבערן לעבער—ביי די נירן זאָל מען עס אַראָפּ־
נעמען. 5און דער כּהן זאָל עס דעמפן אויפן מזבח, אַ פייער־
אָפּפער צו גאָט; אַ שולדאָפּפער איז דאָס. 6יעטוועדער מאַנס־
פּאַרשוין צווישן די כּהנים מעג עס עסן; אין אַ הייליקן אָרט זאָל
עס געגעסן ווערן; אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס. 7ווי דאָס
זינדאָפּפער אַזוי דאָס שולדאָפּפער, איין דין פאַר זיי; דער
כּהן וואָס איז דערמיט מכפּר, צו אים זאָל עס געהערן. 8און
דער כּהן וואָס איז מקריב עמיצנס אַ בראַנדאָפּפער, זאָל
דאָס פעל פון דעם בראַנדאָפּפער וואָס ער האָט מקריב געווען,
געהערן צו אים, צום כּהן. 9און איטלאַך שפּייזאָפּפער וואָס
ווערט געבאַקן אין אויוון, און איטלאַכס וואָס ווערט געמאַכט
אין אַ בראָטפּאַן, אָדער אויף אַ באַקפּאַן, זאָל געהערן צו אים,
צו דעם כּהן וואָס איז דאָס מקריב. 10און איטלאַך שפּייזאָפּפער
פאַרמישט מיט אייל, אָדער טרוקן, זאָל געהערן צו אַלע
קינדער פון אַהרן, צו איינעם אַזוי ווי צום אַנדערן.
11און דאָס איז דער דין פון דעם פרידאָפּפער וואָס עמיצער
ברענגט צו גאָט: 12אויב ער ברענגט עס פאַר אַ דאַנקגעבונג,
זאָל ער ברענגען מיט דעם דאַנקאָפּפער אומגעזייערטע חלות
פאַרמישט מיט אייל, און אומגעזייערטע קוכנס באַשמירט
מיט אייל, און זעמלמעל גוט דורכגעשלאָגן, חלות פאַרמישט
מיט אייל. 13אין איינעם מיט חלות פון געזייערטן ברויט
זאָל ער ברענגען זיין אָפּפערגאָב ביי זיין פרידאָפּפער פון
דאַנק. 14און ער זאָל דערפון ברענגען איינס פון איטלאַכער
אָפּפערגאָב אַן אָפּשיידונג צו גאָט; צו דעם כּהן וואָס שפּרענגט
דאָס בלוט פון דעם פרידאָפּפער, צו אים זאָל עס געהערן.
15און דאָס פלייש פון זיין פרידאָפּפער פון דאַנק מוז געגעסן
ווערן אין דעם טאָג פון זיין קרבן; ער זאָל ניט איבערלאָזן דער־
פון ביז אין דער פרי. 16אויב אָבער דאָס שלאַכטאָפּפער פון

זיין קרבן איז אַ נדר, אָדער אַ פרייוויליקע גאָב, זאָל עס געגעסן
ווערן אין דעם טאָג וואָס ער איז מקריב זיין שלאַכטאָפּפער;
און אויך אויף מאָרגן מעג וואָס בלייבט דערפון געגעסן
ווערן. [17]אָבער וואָס בלייבט פון דעם פלייש פון דעם שלאַכט־
אָפּפער אויפן דריטן טאָג זאָל אין פייער פאַרברענט ווערן.
[18]און אויב געגעסן וועט געגעסן ווערן פון דעם פלייש פון זיין
פרידאָפּפער אויפן דריטן טאָג, וועט עס ניט באַוויליקט ווערן;
עס וועט ניט גערעכנט ווערן דעם וואָס איז דאָס מקריב; אַן
אומווערדיקייט וועט עס זיין, און דער מענטש וואָס עסט דערפון
וועט טראָגן זיין זינד. [19]און דאָס פלייש וואָס וועט זיך אָנרירן
אָן עפּעס אומריינס, זאָל ניט געגעסן ווערן; אין פייער זאָל עס
פאַרברענט ווערן. אָבער אַזוי דאָס פלייש—מעג איטלאַכער
וואָס איז ריין, עסן דאָס פלייש. [20]און דער מענטש וואָס וועט עסן
פלייש פון אַ פרידאָפּפער וואָס צו גאָט, מיט זיין אומריינקייט
אויף אים, יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק.
[21]און אַז עמיצער וועט זיך אָנרירן אָן עפּעס אומריינס, אָן דער
אומריינקייט פון אַ מענטשן, אָדער אָן אַן אומריינער בהמה,
אָדער אָן וואָסער עס איז אומריינעם שרץ, און ער וועט עסן
פון דעם פלייש פון אַ פרידאָפּפער וואָס צו גאָט, זאָל יענע זעל
פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק.

[22]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [23]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:

קיין חלב פון אַן אָקס, אָדער אַ שעפּס, אָדער אַ ציג, זאָלט
איר ניט עסן. [24]און חלב פון אַ געפאַלענער, און חלב פון אַ
פאַרצוקטער, מעג פאַרטאָן ווערן אויף אַלערליי אַרבעט;
אָבער עסן זאָלט איר עס ניט עסן. [25]וואָרום איטלאַכער וואָס
עסט חלב פון אַ בהמה וואָס מע איז מקריב פון איר אַ פייער־
אָפּפער צו גאָט, זאָל דער מענטש וואָס עסט עס, פאַרשניטן

ווערן פון זיין פאָלק. [26]און קיין בלוט זאָלט איר ניט עסן אין
אַלע אייערע וווינערטער, סיי פון אַן עוף, סיי פון אַ בהמה.
[27]איטלאַכער מענטש וואָס וועט עסן וואָסער עס איז בלוט,
יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק.

[28]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [29]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:

דער וואָס איז מקריב זיין פרידאָפּפער צו גאָט, ער זאָל
ברענגען זיין קרבן צו גאָט פון זיין פרידאָפּפער. [30]זיינע הענט
זאָלן ברענגען די פייעראָפּפער פון גאָט; דאָס פעטס מיט דער
ברוסט זאָל ער ברענגען; די ברוסט, כּדי זי אויפצוהייבן אַן
אויפהייבונג צו גאָט. [31]און דער כּהן זאָל דעמפן דאָס פעטס
אויפן מזבח, און די ברוסט זאָל געהערן צו אַהרנען און צו זיי־
נע קינדער. [32]און דעם רעכטן שענקל זאָלט איר געבן אַן אָפּ־
שיידונג צום כּהן פון אייערע פרידאָפּפער. [33]דער פון די
קינדער פון אַהרן וואָס איז מקריב דאָס בלוט פון דעם פריד־
אָפּפער און דאָס פעטס, צו אים זאָל געהערן דער רעכטער
שענקל פאַר אַ חלק. [34]וואָרום די ברוסט פון אויפהייבונג און
דעם שענקל פון אָפּשיידונג האָב איך גענומען פון די קינדער
פון ישׂראל, פון זייערע פרידאָפּפער, און האָב זיי געגעבן צו
אַהרן דעם כּהן און צו זיינע קינדער, פאַר אַן אייביקן רעכט,
פון די קינדער פון ישׂראל.

[35]דאָס איז דער טייל פון אַהרנען, און דער טייל פון זיינע
קינדער, פון די פייעראָפּפער פון גאָט, אין דעם טאָג וואָס מע
האָט זיי געמאַכט גענענען צו זיין כּהנים צו גאָט; [36]וואָס גאָט האָט
באַפוילן זיי צו געבן פון די קינדער פון ישׂראל, אין דעם טאָג
וואָס מע האָט זיי געזאַלבט; אַן אייביק רעכט אויף זייערע דור־
דורות.

37 דאָס איז דער דין פאַרן בראַנדאָפּפער, פאַרן שפּייז־
אָפּפער, און פאַרן זינדאָפּפער, און פאַרן שולדאָפּפער, און פאַרן
קרבן פון דערפילונג*, און פאַרן פרידאָפּפער; 38 וואָס גאָט האָט
באַפוילן משהן אויפן באַרג סיני, אין דעם טאָג וואָס ער האָט
באַפוילן די קינדער פון ישראל מקריב צו זיין זייערע קרבנות
צו גאָט, אין מדבר סיני.

ח 1 און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2 נעם אַהרנען
און זיינע זין מיט אים, און די קליידער, און דאָס אייל פון
זאַלבונג, און דעם אָקס פון זינדאָפּפער, און די צוויי ווידערס,
און דעם קאָרב אומגעזייערטן ברויט; 3 און די גאַנצע עדה זאַמל
איין צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד.
4 האָט משה געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן; און די
עדה האָט זיך אַיינגעזאַמלט צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד. 5 און
משה האָט געזאָגט צו דער עדה: דאָס איז די זאַך וואָס גאָט האָט
באַפוילן צו טאָן. 6 און משה האָט געמאַכט גענענען אַהרנען און
זיינע זין, און ער האָט זיי געוואַשן מיט וואַסער. 7 און ער האָט
אַרויפגעטאָן אויף אים דאָס העמדל, און אים אַרומגעגורט מיטן
גאַרטל, און אים אָנגעקליידט דעם מאַנטל, און אַרויפגעטאָן
אויף אים דעם אפוד, און אים אַרומגעגורט מיט דעם אַרומ־
באַנד פון אפוד, און אים אָנגעבונדן דעם אפוד דערמיט. 8 און
ער האָט אָנגעטאָן אויף אים דעם חושן, און אַרויפגעטאָן אויפן
חושן די אורים־ותומים. 9 און ער האָט אים אָנגעטאָן די הויב
אויפן קאָפּ, און אַרויפגעטאָן אויף דער הויב, אויף דער
פאָדערזייט, דאָס גילדערנע שטערנבלעך, די הייליקע
קרוין, אַזוי ווי גאָט האָט משהן באַפוילן. 10 און משה האָט
גענומען דאָס אייל פון זאַלבונג, און האָט געזאַלבט דעם משכן
און אַלץ וואָס אין אים, און האָט זיי געהייליקט. 11 און ער האָט
געשפּריצט דערפון אויפן מזבח זיבן מאָל; און ער האָט

* ד׳ ה׳ אײַנווייאונג, זע שמות כט׳.

געזאַלבט דעם מזבח, און אַלע זיינע כּלים, און דעם האַנטפּאַס
און זיין געשטעל, זיי צו הייליקן. [12]און ער האָט אַרויפגעגאָסן
פון דעם אייל פון זאַלבונג אויף אַהרנס קאָפּ, און האָט אים
געזאַלבט, אים צו הייליקן. [13]און משה האָט געמאַכט גענענען
אַהרנס זין, און האָט זיי אָנגעטאָן העמדלאַך, און זיי אָנגעגורט
גאַרטלען, און זיי אָנגעבונדן היטלען, אַזוי ווי גאָט האָט משהן
באַפוילן. [14]און ער האָט געמאַכט גענענען דעם אָקס פון זינד־
אָפּפער, און אַהרן און זיינע זין האָבן אָנגעלענט זייערע הענט
אויפן קאָפּ פון דעם אָקס פון זינדאָפּפער. [15]און מע האָט אים
געשאָכטן; און משה האָט גענומען דאָס בלוט, און האָט אַרויפ־
געטאָן מיט זיין פינגער אויף די הערנער פון מזבח רונד אַרום,
און גערייניקט דעם מזבח, און דאָס [איבעריקע] בלוט האָט ער
אויסגעגאָסן אָן גרונט פון מזבח, און אים געהייליקט, כּדי מכפּר
צו זיין אויף אים. [16]און ער האָט גענומען דאָס גאַנצע פעטס
וואָס אויף די אינגעווייד, און דאָס רויטפלייש פון לעבער, און
ביידע נירן און זייער פעטס, און משה האָט עס געדעמפּט אויפן
מזבח. [17]און דעם אָקס מיט זיין פעל, און זיין פלייש, און זיין
מיסט, האָט מען פאַרברענט אין פייער אויסן לאַגער, אַזוי ווי
גאָט האָט משהן באַפוילן. [18]און ער האָט געמאַכט גענענען
דעם ווידער פון בראַנדאָפּפער, און אַהרן און זיינע זין האָבן
אָנגעלענט זייערע הענט אויפן קאָפּ פון דעם ווידער. [19]און
מע האָט אים געשאָכטן, און משה האָט געשפּרענגט דאָס בלוט
אויפן מזבח רונד אַרום. [20]און דעם ווידער האָט מען צעשניטן
אויף זיינע שטיקער, און משה האָט געדעמפּט דעם קאָפּ און
די שטיקער און דאָס פעטס. [21]און די אינגעווייד און די קני
האָט מען אָפּגעשווענקט מיט וואַסער, און משה האָט געדעמפּט
דעם גאַנצן ווידער אויפן מזבח; אַ בראַנדאָפּפער איז דאָס
געווען, פאַר אַ געשמאַקן ריח, אַ פייעראָפּפער איז דאָס געווען

צו גאָט, אַזוי ווי גאָט האָט משהן באַפוילן. [22]און ער האָט
געמאַכט גענענען דעם צווייטן ווידער, דעם ווידער פון דער־
פילונג, און אַהרן און זיינע זין האָבן אָנגעלענט זייערע הענט אויפן
קאָפּ פון דעם ווידער. [23]און מע האָט אים געשאָכטן, און משה
האָט גענומען פון זיין בלוט, און אַרויפגעטאָן אויף אַהרנס
רעכטן אויערלעפּל, און אויפן דוימען פון זיין רעכטער האַנט,
און אויפן דוימען פון זיין רעכטן פוס. [24]און מע האָט געמאַכט
גענענען אַהרנס זין, און משה האָט אַרויפגעטאָן פון דעם בלוט
אויף זייער רעכטן אויערלעפּל, און אויפן דוימען פון זייער
רעכטער האַנט, און אויפן דוימען פון זייער רעכטן פוס; און משה
האָט געשפּרענגט דאָס בלוט אויפן מזבח רונד אַרום. [25]און ער
האָט גענומען דאָס פעטס, און דעם ווידל, און דאָס גאַנצע
פעטס וואָס אויף די אינגעווייד, און דאָס רויטפּלייש פון לע־
בער, און ביידע נירן און זייער פעטס, און דעם רעכטן שענקל.
[26]און פון דעם קאָרב אומגעזייערטן ברויט וואָס פאַר גאָט, האָט
ער גענומען איין אומגעזייערטע חלה, און איין חלה ברויט אויף
אייל, און איין קוכן, און האָט אַרויפגעטאָן אויפן פעטס, און אויפן
רעכטן שענקל. [27]און ער האָט אַרויפגעלייגט אַלצדינג אויף די
הענט פון אַהרנען, און אויף די הענט פון זיינע זין, און האָט זיי
אויפגעהויבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט. [28]און משה האָט עס צו־
גענומען פון זייערע הענט, און געדעמפּט אויפן מזבח איבערן
בראַנדאָפּפער; אַ דערפילונג זיינען זיי געווען, פאַר אַ געשמאַקן
ריח; אַ פייעראָפּפער איז דאָס געווען צו גאָט. [29]און משה האָט
גענומען די ברוסט, און האָט זי אויפגעהויבן אַן אויפהייבונג
פאַר גאָט; דאָס איז געווען משהן צום חלק פון דעם ווידער פון
דערפילונג, אַזוי ווי גאָט האָט משהן באַפוילן. [30]און משה האָט
גענומען פון דעם אייל פון זאַלבונג, און פון דעם בלוט וואָס
אויפן מזבח, און האָט געשפּריצט אויף אַהרנען, אויף זיינע

קליידער, און אויף זיינע זין און אויף זיינע זינס קליידער מיט
אים, און געהייליקט אַהרנען, זיינע קליידער, און זיינע זין און
זיינע זינס קליידער מיט אים. [31]און משה האָט געזאָגט צו
אַהרנען און צו זיינע זין: קאָכט דאָס פלייש ביים אײַנגאַנג פון
אוהל־מועד, און דאָרטן זאָלט איר עס עסן, מיט דעם ברויט
וואָס אין דעם קאָרב פון דערפילונג, לויט ווי איך האָב באַ־
פוילן, אַזוי צו זאָגן: אַהרן און זיינע זין זאָלן עס עסן. [32]און וואָס
בלייבט פון דעם פלייש און פון דעם ברויט, זאָלט איר אין
פייער פאַרברענען. [33]און פון דעם אײַנגאַנג פון אוהל־מועד זאָלט
איר ניט אַרויסגיין זיבן טעג, ביז דעם טאָג וואָס די טעג פון אײַער
דערפילונג ווערן פול; וואָרום זיבן טעג וועט מען דערפילן
אײַער האַנט. [34]אַזוי ווי מע האָט געטאָן היינטיקן טאָג, האָט
גאָט באַפוילן צו טאָן, כּדי מכפּר צו זיין אויף אײַך. [35]און אין
דעם אײַנגאַנג פון אוהל־מועד זאָלט איר בלייבן טאָג און נאַכט
זיבן טעג, און היטן די היטונג פון גאָט, כּדי איר זאָלט ניט
שטאַרבן; וואָרום אַזוי בין איך באַפוילן געוואָרן.
[36]און אַהרן און זיינע זין האָבן געטאָן אַלע זאַכן וואָס גאָט
האָט באַפוילן דורך משהן.

## שְׁמִינִי

ט [1]און עס איז געווען אויפן אַכטן טאָג, האָט משה גערופן
אַהרנען, און זיינע זין, און די עלטסטע פון ישראל. [2]און ער
האָט געזאָגט צו אַהרנען: נעם דיר אַ קאַלב, אַ יונג רינד, פאַר
אַ זינדאָפּפער, און אַ ווידער פאַר אַ בראַנדאָפּפער, אָן אַ פע־
לער, און זיי מקריב פאַר גאָט. [3]און צו די קינדער פון ישראל
זאָלסטו רעדן, אַזוי צו זאָגן: נעמט אַ ציגנבאָק פאַר אַ זינד־
אָפּפער; און אַ קאַלב און אַ שעפּס, יאָריקע אָן אַ פעלער, פאַר
בראַנדאָפּפער; [4]און אַן אָקס און אַ ווידער פאַר פרידאָפּפער,

צו שלאַכטן פאַר גאָט; און אַ שפּייזאָפּפער פאַרמישט מיט אייל; וואָרום היינט טוט זיך גאָט באַווייזן צו אייך.
[5]האָבן זיי געבראַכט וואָס משה האָט באַפוילן פאַרן אוהל־מועד, און די גאַנצע עדה האָט גענענט, און זיך געשטעלט פאַר גאָט. [6]און משה האָט געזאָגט: דאָס איז די זאַך וואָס גאָט האָט באַפוילן איר זאָלט טאָן, כּדי די פּראַכט פון גאָט זאָל זיך באַווייזן צו אייך. [7]און משה האָט געזאָגט צו אַהרנען: גענען צום מזבח, און מאַך דיין זינדאָפּפער און דיין בראַנדאָפּפער, און זיי מכפּר אויף זיך און אויפן פאָלק; און מאַך דעם קרבן פון פאָלק, און זיי מכפּר אויף זיי, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן.
[8]האָט אַהרן גענענט צום מזבח, און האָט געשאָכטן דאָס קאַלב פון זינדאָפּפער וואָס פאַר אים. [9]און די זין פון אַהרנען האָבן גענענט צו אים דאָס בלוט, און ער האָט איינגעטונקט זיין פינגער אין דעם בלוט, און אַרויפגעטאָן אויף די הערנער פון מזבח, און דאָס [איבעריקע] בלוט האָט ער אויסגעגאָסן אָן גרונט פון מזבח. [10]און דאָס פעטס, און די נירן, און דאָס רויט־פלייש פון לעבער, פון דעם זינדאָפּפער, האָט ער געדעמפט אויפן מזבח, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן. [11]און דאָס פלייש און דאָס פעל האָט מען פאַרברענט אין פייער אויסן לאַגער. [12]און ער האָט געשאָכטן דאָס בראַנדאָפּפער, און די זין פון אַהרנען האָבן אים דערלאַנגט דאָס בלוט, און ער האָט עס געשפּרענגט אויפן מזבח רונד אַרום. [13]און זיי האָבן אים דערלאַנגט דאָס בראַנדאָפּפער אין זיינע שטיקער, און דעם קאָפּ, און ער האָט עס געדעמפט אויפן מזבח. [14]און ער האָט אָפּגעשווענקט די אינגעווייד און די קני, און געדעמפט איבער דעם בראַנדאָפּפער אויפן מזבח. [15]און ער האָט געמאַכט גענענען דעם קרבן פון פאָלק; און ער האָט גענומען דעם באָק פון זינדאָפּפער וואָס פאַרן פאָלק, און האָט אים געשאָכטן,

און אים אויפגעבראַכט פאַר אַ זינדאָפּפער אַזוי ווי דאָס ערשטע.
16 און ער האָט געמאַכט גענענען דאָס בראַנדאָפּפער, און
האָט עס געמאַכט אַזוי ווי דער דין. 17 און ער האָט געמאַכט
גענענען דאָס שפּייזאָפּפער, און האָט אָנגעפילט זיין האַנט דער־
פון, און געדעמפט אויפן מזבח, אַחוץ דעם בראַנדאָפּפער פון
אין דער פרי. 18 און ער האָט געשאָכטן דעם אָקס און דעם
ווידער, דאָס פרידאָפּפער וואָס פאַרן פאָלק; און די זין פון
אַהרנען האָבן אים דערלאַנגט דאָס בלוט, און ער האָט עס
געשפּרענגט אויפן מזבח רונד אַרום. 19 און דאָס פעטס פון
דעם אָקס און פון דעם ווידער, דעם ווײדל, און דאָס וואָס
דעקט צו [די אינגעווייד], און די נירן, און דאָס רויטפלייש פון
לעבער — 20 דאָס פעטס האָבן זיי אַרויפגעטאָן אויף די ברוסטן,
און ער האָט געדעמפט דאָס פעטס אויפן מזבח. 21 און די
ברוסטן און דעם רעכטן שענקל האָט אַהרן אויפגעהויבן אַן
אויפהייבונג פאַר גאָט, אַזוי ווי משה האָט באַפוילן. 22 און
אַהרן האָט אויפגעהויבן זיינע הענט צום פאָלק, און האָט זיי
געבענטשט; און ער האָט אַראָפּגענידערט פון מאַכן דאָס זינד־
אָפּפער און דאָס בראַנדאָפּפער און דאָס פרידאָפּפער. 23 און
משה און אַהרן זיינען אַריינגעגאַנגען אין אוהל־מועד, און
זיינען אַרויסגעגאַנגען און האָבן געבענטשט דאָס פאָלק; און די
פּראַכט פון גאָט האָט זיך באַוויזן צום גאַנצן פאָלק. 24 און אַ
פייער איז אַרויסגעגאַנגען פון פאַר גאָט, און האָט פאַרצערט
אויפן מזבח דאָס בראַנדאָפּפער און דאָס פעטס. און דאָס
גאַנצע פאָלק האָט געזען, און זיי האָבן אויסגעשריען, און
זיינען געפאַלן אויף זייער פּנים.

י 1 און די זין פון אַהרנען, נָדָב און אַביהוא, האָבן גענומען
איטלאַכער זיין פייערפאַן, און האָבן אַריינגעלייגט דערין
פייער, און אַרויפגעטאָן דערויף ווייריך, און געבראַכט פאַר

גאָט פרעמד פייער, וואָס ער האָט זיי ניט באַפוילן. 2איז אַרויס
אַ פייער פון פאַר גאָט, און האָט זיי פאַרצערט, און זיי זײַנען
געשטאָרבן פאַר גאָט. 3און משה האָט געזאָגט צו אַהרנען: דאָס
איז וואָס גאָט האָט גערעדט, אַזוי צו זאָגן:

דורך מײַנע נאָנטע וועל איך געהייליקט ווערן,
און פאַרן גאַנצן פאָלק וועל איך געערליכט ווערן.

און אַהרן האָט געשוויגן. 4און משה האָט גערופן מישָאֵל
און אֶלצָפָן, די זין פון עוזיאֵל, אַהרנס פעטער, און האָט צו זיי
געזאָגט: גענענט, טראָגט אַרויס אײַערע ברידער פון פאַר דעם
הייליקטום אויסן לאַגער. 5האָבן זיי גענענט, און האָבן זיי
אַרויסגעטראָגן אין זייערע העמדלאַך אויסן לאַגער, אַזוי ווי
משה האָט גערעדט.

6און משה האָט געזאָגט צו אַהרנען, און צו אֶלעָזרן און צו
איתָמרן, זײַנע זין: אײַערע קעפּ זאָלט איר ניט לאָזן פאַרוואַקסן,
און אײַערע קליידער זאָלט איר ניט אײַנרײַסן, כּדי איר זאָלט
ניט שטאַרבן, און אויף דער גאַנצער עדה וועט ער צערענען;
נאָר אײַערע ברידער, דאָס גאַנצע הויז פון ישׂראל, זאָלן
באַוויינען די פאַרברענונג וואָס גאָט האָט פאַרברענט. 7און פון
אײַנגאַנג פון אוהל־מועד זאָלט איר ניט אַרויסגיין, כּדי איר זאָלט
ניט שטאַרבן; וואָרום דאָס אייל פון גאָטס זאַלבונג איז אויף אײַך.
און זיי האָבן געטאָן אַזוי ווי דאָס וואָרט פון משהן.

8און גאָט האָט גערעדט צו אַהרנען, אַזוי צו זאָגן: 9ווײַן און
שטאַרק געטראַנק זאָלסטו ניט טרינקען, דו און דײַנע זין מיט
דיר, ווען איר גייט אַרײַן אין אוהל־מועד, כּדי איר זאָלט ניט
שטאַרבן; אַן אייביק געזעץ אויף אײַערע דור־דורות; 10כּדי
איר זאָלט אָפּשיידן צווישן הייליקן און אומהייליקן, און צווישן
אומריינעם און ריינעם; 11און לערנען די קינדער פון ישׂראל
אַלע געזעצן וואָס גאָט האָט זיי געהייסן דורך משהן.

[12]און משה האָט גערעדט צו אַהרנען, און צו אֶלעָזָרן און צו איתָמָרן, זיינע געבליבענע זין: נעמט דאָס שפּייזאָפּפער וואָס בלייבט פון די פייעראָפּפער פון גאָט, און עסט עס אומ־געזייערט לעבן מזבח; וואָרום אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס. [13]און איר זאָלט עס עסן אין אַ הייליקן אָרט, ווייל דיין רעכט און דיינע קינדערס רעכט איז דאָס פון די פייעראָפּפער פון גאָט; וואָרום אַזוי בין איך באַפוילן געוואָרן. [14]און די ברוסט פון אויפהייבונג און דעם שענקל פון אָפּשיידונג זאָלט איר עסן אין אַ ריינעם אָרט, דו, און דיינע זין און דיינע טעכטער מיט דיר; וואָרום ווי דיין רעכט און דיינע קינדערס רעכט זיינען זיי געגעבן געוואָרן פון די פרידאָפּפער פון די קינדער פון ישׂראל. [15]דעם שענקל פון אָפּשיידונג און די ברוסט פון אויפהייבונג זאָלן זיי ברענגען מיט די פייעראָפּפער פון פעטס, כדי זיי אויפ־צוהייבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט; און עס זאָל געהערן צו דיר, און צו דיינע קינדער מיט דיר, פאַר אַן אייביקן רעכט, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן.

[16]און משה האָט נאָכגעפרעגן זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם באָק פון זינדאָפּפער, ערשט ער איז פאַרברענט געוואָרן. האָט ער געצערנט אויף אֶלעָזָרן און אויף איתָמָרן, אַהרנס געבליבענע זין, אַזוי צו זאָגן: [17]פאַר וואָס האָט איר ניט געגעסן דאָס זינדאָפּפער אין הייליקן אָרט? וואָרום אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס, און ער האָט דאָס אייך געגעבן, כדי צו נעמען אויף זיך די זינד פון דער עדה, מכפּר צו זיין אויף זיי פאַר גאָט. [18]זיין בלוט איז דאָך ניט געבראַכט געוואָרן אינעווייניק אין הייליקטום; עסן האָט איר עס געזאָלט עסן אין הייליקטום, אַזוי ווי איך האָב באַפוילן.

[19]האָט אַהרן גערעדט צו משהן: אָט האָבן זיי היינט געבראַכט זייער זינדאָפּפער און זייער בראַנדאָפּפער פאַר

גאָט, און מיר האָט אַזוי וואָס געטראָפן, און אַז איך וואָלט
געגעסן דאָס זינדאָפּפער היינט, וואָלט עס דען ווילגעפעלן
אין די אויגן פון גאָט? [20]און משה האָט צוגעהערט, און עס
איז ווילגעפעלן אין זיינע אויגן.

יא [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, זיי אַזוי
צו זאָגן: [2]רעדט צו די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:
דאָס זיינען די לעבעדיקע זאַכן וואָס איר מעגט עסן פון
אַלע בהמות וואָס אויף דער ערד. [3]איטלאַכע וואָס איז
באַקלויט מיט קלויען, און די קלויען זיינען ביי איר צעשפּאָלטן,
וואָס איז מַעֲלֶה־גֵרָה צווישן בהמות, זי מעגט איר עסן. [4]אָבער
דידאָזיקע טאָרט איר ניט עסן פון די וואָס זיינען מַעֲלֶה־גֵרָה,
און פון די וואָס זיינען באַקלויט מיט קלויען: דעם קעמל,
ווייל מַעֲלֶה־גֵרָה איז ער, אָבער מיט קלויען איז ער ניט
באַקלויט; ער איז אומריין פאַר אייך. [5]און דעם קיניגל, ווייל
מַעֲלֶה־גֵרָה איז ער, אָבער מיט קלויען איז ער ניט באַקלויט;
ער איז אומריין פאַר אייך. [6]און דעם האָז, ווייל מַעֲלֶה־גֵרָה
איז ער, אָבער מיט קלויען איז ער ניט באַקלויט; ער איז אומ־
ריין פאַר אייך. [7]און דעם חזיר, ווייל באַקלויט מיט קלויען
איז ער, און די קלויען זיינען ביי אים צעשפּאָלטן, אָבער ער
איז ניט מַעֲלֶה־גֵרָה; ער איז אומריין פאַר אייך. [8]פון זייער
פלייש טאָרט איר ניט עסן, און אָן זייער נבֵלה טאָרט איר זיך
ניט אָנרירן; אומריין זיינען זיי פאַר אייך.
[9]דידאָזיקע מעגט איר עסן פון אַלץ וואָס אין וואַסער: אַלץ
וואָס האָט פלוספעדערן און שופּן אין וואַסער, אין די ימען און
אין די טייכן, זיי מעגט איר עסן. [10]און אַלץ וואָס האָט ניט פלוס־
פעדערן און שופּן, אין די ימען און אין די טייכן, פון אַלע
ווידמענונגען פון וואַסער, און פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן
וואָס אין וואַסער, זיי זיינען אַן אומווערדיקייט פאַר אייך. [11]און

אַן אומוועדיקייט זאָלן זיי אַייך זיין; פֿון זייער פֿלייש זאָלט איר ניט עסן, און זייער נבֿלה זאָלט איר פֿאַראומווערדיקן. [12]אַלץ וואָס האָט ניט קיין פֿלוספֿעדערן און שופּן אין וואַסער, דאָס איז אַן אומווערדיקייט פֿאַר אַייך.

[13]און די־דאָזיקע זאָלט איר פֿאַראומווערדיקן פֿון פֿויגלען; זיי טאָרן ניט געגעסן ווערן; אַן אומווערדיגקייט זיינען זיי: דעם אָדלער, און דעם ביינברעכער, און דעם שוואַרצאָדלער; [14]און די ווײ, און דעם פֿאַלקפֿויגל לויט זיינע מינים; [15]יעטוועדער ראָב לויט זיינע מינים; [16]און דעם שטרויספֿויגל, און דעם נאַכט־שפּאַרבער, און דעם ים־פֿויגל, און דעם שפּאַרבער לויט זיינע מינים; [17]און די אייל, און דעם פֿישפֿרעסער, און די שטאָקאַייל; [18]און דעם אוהו, און דעם פּעליקאַן, און דעם גייער; [19]און דעם שטאָרך, דעם בושל לויט זיינע מינים, און דעם אויערהאָן, און די פֿלעדערמויז.

[20]און יעטוועדער געפֿליגלטע ווידמענונג וואָס גייט אויף פֿיר, זי איז אַן אומווערדיקייט פֿאַר אַייך. [21]אָבער דאָס מעגט איר עסן פֿון אַלע געפֿליגלטע ווידמענונגען וואָס גייען אויף פֿיר: דאָס וואָס האָט געלענקען איבער זיינע פֿיס, צו שפּרינגען מיט זיי אויף דער ערד. [22]די־דאָזיקע פֿון זיי מעגט איר עסן: דעם היישעריק לויט זיינע מינים, און דעם גראָזפֿרעסער לויט זיינע מינים, און דעם שפּרינגהיישעריק לויט זיינע מינים, און דעם גריל לויט זיינע מינים. [23]אָבער יעטוועדער [אַנדערע] געפֿליגלטע ווידמענונג וואָס האָט פֿיר פֿיס, זי איז אַן אומ־ווערדיקייט פֿאַר אַייך.

[24]און פֿון די־דאָזיקע וועט איר ווערן אומריין; איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן אָן זייער נבֿלה, זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט. [25]און איטלאַכער וואָס טראָגט עפּעס פֿון זייער נבֿלה, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיין אומריין ביזן אָוונט. [26]איטלאַכע בהמה

וואָס איז באַקלויט מיט קלויען, אָבער דורכגעשפּאָלטן זײַנען
זיי ניט דורכגעשפּאָלטן בײַ איר, אָדער זי איז ניט מַעֲלֵה־גֵרָה,
זיי זײַנען אומריין פֿאַר אײַך; איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן זיי
אָן, זאָל ווערן אומריין. 27און אַלע וואָס גייען אויף זייערע
לאַפּעס, צווישן אַלע חיות וואָס גייען אויף פֿיר, זיי זײַנען אומריין
פֿאַר אײַך; איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן אָן זייער נבֵלה, זאָל
זײַן אומריין ביזן אָוונט. 28און דער וואָס טראָגט זייער נבֵלה,
זאָל וואַשן זײַנע קליידער, און זײַן אומריין ביזן אָוונט; אומריין
זײַנען זיי פֿאַר אײַך.

29און דאָס איז וואָס איז אומריין פֿאַר אײַך צווישן די שרצים
וואָס קריכן אויף דער ערד: דאָס ווײַזעלע, און די מויז, און די
שילדקרעט לויט אירע מינים; 30און די גראָבמויז, און דער
לאַנדקראָקאָדיל, און דער עקדעש, און דער זאַמדעקדעש, און
דער כאַמעלעאָן. 31דאָס זײַנען די וואָס זײַנען אומריין פֿאַר
אײַך צווישן אַלע שרצים; איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן זיי אָן
ווען זיי זײַנען טויט, זאָל זײַן אומריין ביזן אָוונט. 32און אַלץ
וואָס עפּעס פֿון זיי וועט פֿאַלן דערויף ווען זיי זײַנען טויט, זאָל
ווערן אומריין, סײַ וואָסער עס איז הילצערנע כּלי, אָדער אַ
בגד, אָדער אַ פֿעל, אָדער אַ זאַק, איטלאַכע כּלי וואָס דערמיט
ווערט געטאָן אַרבעט, זאָל אַרײַנגעטאָן ווערן אין וואַסער, און
זײַן אומריין ביזן אָוונט, און ווערן ריין. 33און איטלאַכע ליימענע
כּלי וואָס אין איר וועט אַרײַנפֿאַלן עפּעס פֿון זיי, זאָל אַלץ
וואָס אין איר ווערן אומריין, און זי זאָלט איר צעברעכן.
34איטלאַך עסנוואַרג [דעריין] וואָס ווערט געגעסן, וואָס דערויף
איז געקומען וואַסער, זאָל ווערן אומריין; און יעטוועדער
געטראַנק וואָס ווערט געטרונקען אין אַלע אַזעלכע כּלים, זאָל
ווערן אומריין. 35און אַלץ וואָס עפּעס פֿון זייער נבֵלה וועט
פֿאַלן דערויף, זאָל ווערן אומריין; אויב אַ באַקאויוון אָדער אַ

קאָכאויוון, זאָל עס צעבראָכן ווערן; אומריין זיינען זיי, און
אומריין זאָלן זיי אײַך זיין. [36]אָבער אַ קוואַל אָדער אַ גרוב ווו
וואַסער איז אײַנגעזאַמלט, זאָל בלײַבן ריין; נאָר דער וואָס
רירט זיך אָן אָן זייער נבֵלה, זאָל ווערן אומריין. [37]און אויב
פון זייער נבֵלה וועט פאַלן אויף וואָסער עס איז זאָמען פון
זריעה וואָס ווערט געזייט, איז ער ריין. [38]אויב אָבער אויפן
זאָמען איז אַרויפגעטאָן געוואָרן וואַסער, און עפּעס פון זייער
נבֵלה וועט פאַלן דערויף, איז ער אומריין פאַר אײַך.
[39]און אַז איינע פון די בהמות וואָס זיינען פאַר אײַך צום עסן
וועט אַוועקפאַלן, זאָל דער וואָס רירט זיך אָן אָן איר נבֵלה, זיין
אומריין ביזן אָוונט. [40]און דער וואָס עסט פון איר נבֵלה, זאָל
וואַשן זיינע קליידער, און זיין אומריין ביזן אָוונט; און דער וואָס
טראָגט איר נבֵלה, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיין אומריין
ביזן אָוונט. [41]און יעטוועדער שרץ וואָס קריכט אויף דער
ערד, איז אַן אומווערדיקייט; ער זאָל ניט געגעסן ווערן. [42]אַלץ
וואָס גייט אויפן בויך, און אַלץ וואָס גייט אויף פיר, און אַלץ
וואָס איז פילפיסיק, אַלע שרצים וואָס קריכן אויף דער ערד,
זיי זאָלט איר ניט עסן, וואָרום אַן אומווערדיקייט זיינען זיי.
[43]איר זאָלט ניט פאַראומווערדיקן אײַער זעל מיט קיין שרץ
וואָס קריכט, און איר זאָלט זיך ניט פאַראומרייניקן מיט זיי,
און ווערן אומריין דורך זיי. [44]וואָרום איך בין יהוה אײַער
גאָט, און איר זאָלט זיך הייליקן און זיין הייליק, וואָרום איך
בין הייליק; און איר זאָלט ניט פאַראומרייניקן אײַער זעל מיט
קיין שרץ וואָס ווידמענט זיך אויף דער ערד. [45]וואָרום איך
בין יהוה וואָס האָט אײַך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם, אײַך
צו זיין צום גאָט; דרום זאָלט איר זיין הייליק, ווייל איך בין
הייליק.
[46]דאָס איז דער דין פון בהמות, און פויגלען, און יעטוועדער

לעבעדיקער באַשעפעניש וואָס ווידמענט זיך אין וואַסער, און
וועגן יעטוועדער באַשעפעניש וואָס קריכט אויף דער ערד,
[47]כּדי אָפּצושיידן צווישן אומריינעם און ריינעם, און צווישן דער
לעבעדיקער זאַך וואָס מעג געגעסן ווערן, און דער לעבעדיקער
זאַך וואָס טאָר ניט געגעסן ווערן.

## תַּזְרִיעַ

יב [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:
אַ פרוי אַז זי וועט געלעגן ווערן, און געבערען אַ אינגל, זאָל
זי זיין אומריין זיבן טעג; אַזוי ווי די טעג פון דער אָפּזונדערונג
אין איר קראַנקשאַפט זאָל זי זיין אומריין. [3]און אויפן אַכטן
טאָג זאָל געמלט ווערן דאָס פלייש פון זיין פאָרהויט. [4]און
דרייסיק טעג מיט דריי טעג זאָל זי בלייבן אין דעם בלוט פון
רייניקונג; אָן קיין הייליקער זאַך זאָל זי זיך ניט אָנרירן, און אין
הייליקטום זאָל זי ניט קומען, ביז די טעג פון איר רייניקונג ווערן
פול. [5]אויב אָבער זי וועט געבערן אַ מיידל, זאָל זי זיין אומ־
ריין צוויי וואָכן, אַזוי ווי אין איר אָפּזונדערונג, און זעכציק טעג
מיט זעקס טעג זאָל זי בלייבן אין דעם בלוט פון רייניקונג. [6]און
אַז די טעג פון איר רייניקונג ווערן פול, ביי אַ אינגל אָדער ביי
אַ מיידל, זאָל זי ברענגען אַ יאָריקן שעפּס פאַר אַ בראַנד־
אָפּפער, און אַ יונגע טויב, אָדער אַ טורטלטויב, פאַר אַ זינד־
אָפּפער, צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד, צום כּהן. [7]און ער זאָל
עס מקריב זיין פאַר גאָט, און מכפּר זיין אויף איר, און זי וועט
ווערן ריין פון איר בלוטקוואַל.
דאָס איז דער דין פון אַ קינפּעטאָרן, ביי אַ אינגל אָדער
ביי אַ מיידל. [8]און אויב איר האַנט פאַרמאָגט ניט גענוג אויף אַ
לאַם, זאָל זי נעמען צוויי טורטלטויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן,

איינע פּאַר אַ בראַנדאָפּפער, און איינע פּאַר אַ זינדאָפּפער; און
דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף איר, און זי וועט ווערן ריין.

יג [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרֹנען, אַזוי צו
זאָגן:
[2]אַ מענטש, אַז אויף דער הויט פון זיין לייב וועט זיין אַ
געשווילאַכץ, אָדער אַ גרינד, אָדער אַ פלעק, און וועט ווערן
אויף דער הויט פון זיין לייב ווי אַן אויסשלאָג פון צרעת, זאָל
ער געבראַכט ווערן צו אַהרן דעם כּהן, אָדער צו איינעם פון
זיינע קינדער די כּהנים. [3]און דער כּהן זאָל באַקוקן דעם אויס-
שלאָג אויף דער הויט פון לייב, און אויב די האָר אויפן אויס-
שלאָג איז געוואָרן ווייס, און דאָס אויסזען פון דעם אויסשלאָג
איז טיפער פון דער הויט, איז דאָס די פּלאָג פון צרעת; און
אַז דער כּהן וועט אים זען, זאָל ער אים מאַכן פאַר אומריין.
[4]אויב אָבער דאָס איז אַ ווייסער פלעק אויף דער הויט פון זיין
לייב, און זיין אויסזען איז ניט טיפער פון דער הויט, און די
האָר אויף אים איז ניט געוואָרן ווייס, זאָל דער כּהן איינ-
שליסן דעם וואָס האָט דעם אויסשלאָג אויף זיבן טעג. [5]און אַז
דער כּהן וועט אים באַקוקן אויפן זיבעטן טאָג, ערשט דער
אויסשלאָג איז געבליבן ביי זיין אויסזען, דער אויסשלאָג האָט
זיך ניט פאַרשפּרייט אויף דער הויט, זאָל אים דער כּהן איינ-
שליסן אַ צווייט מאָל אויף זיבן טעג. [6]און אַז דער כּהן וועט
אים באַקוקן אויפן זיבעטן טאָג אַ צווייט מאָל, ערשט דער אויס-
שלאָג איז מאַט, און דער אויסשלאָג האָט זיך ניט פאַרשפּרייט
אויף דער הויט, זאָל אים דער כּהן מאַכן פאַר ריין; אַ גרינד
איז דאָס; און ער זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיין ריין. [7]אויב
אָבער שפּרייטן וועט זיך פאַרשפּרייטן דער גרינד אויף דער
הויט נאָכדעם ווי ער האָט זיך געוויזן צום כּהן פאַר זיין רייניקונג,
זאָל ער זיך ווייזן צום כּהן אַ צווייט מאָל. [8]און אַז דער כּהן

וועט זען, ערשט דער גרינד האָט זיך פֿאַרשפּרייט אויף דער
הויט, זאָל דער כּהן אים מאַכן פֿאַר אומריין; צרעת איז דאָס.
9אַז די פּלאָג פֿון צרעת וועט זיין אויף אַ מענטשן, זאָל ער
געבראַכט ווערן צום כּהן. 10און אַז דער כּהן וועט זען, ערשט
אַ ווייסע געשווילאַכץ איז אויף דער הויט, און זי האָט פֿאַר־
קערט די האָר אין ווייס, און אַן אָנוווּקס פֿון ווילדפֿלייש איז
אויף דער געשווילאַכץ, 11איז דאָס אַן אַלטע צרעת אויף דער
הויט פֿון זיין לייב, און דער כּהן זאָל אים מאַכן פֿאַר אומריין;
ער דאַרף אים ניט אײַנשליסן, וואָרום ער איז אומריין. 12און
אויב אויסברעכן וועט אויסברעכן די צרעת אויף דער הויט,
און די צרעת וועט באַדעקן די גאַנצע הויט פֿון דעם וואָס האָט
דעם אויסשלאָג פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ווו נאָר די אויגן פֿון כּהן
גיבן אַ קוק, 13איז, אַז דער כּהן וועט זען, ערשט די צרעת האָט
באַדעקט זיין גאַנצן לייב, זאָל ער מאַכן דעם וואָס האָט דעם
אויסשלאָג פֿאַר ריין; ער איז אין גאַנצן געוואָרן ווייס, איז ער
ריין. 14אָבער דעם טאָג וואָס עס באַווייזט זיך אויף אים ווילד־
פֿלייש, זאָל ער ווערן אומריין. 15און אַז דער כּהן וועט זען
דאָס ווילדפֿלייש, זאָל ער אים מאַכן פֿאַר אומריין; ווילדפֿלייש
דאָס איז אומריין; צרעת איז דאָס. 16אויב אָבער דאָס ווילד־
פֿלייש וועט ווידער ווערן ווייס, זאָל ער קומען צום כּהן. 17און
אַז דער כּהן וועט אים באַקוקן, ערשט דער אויסשלאָג איז גע־
וואָרן ווייס, זאָל דער כּהן מאַכן דעם וואָס האָט דעם אויס־
שלאָג, פֿאַר ריין; ער איז ריין.
18און אַ לייב, אַז בײַ אים אויף זיין הויט וועט זיין אַן אויסשיט,
און ער וועט פֿאַרהיילט ווערן, 19און אויף דעם אָרט פֿון דעם
אויסשיט וועט ווערן אַ ווייסע געשווילאַכץ, אָדער אַ רויטלאַך
ווייסער פֿלעק, זאָל ער באַווייזן ווערן צום כּהן. 20און אַז דער
כּהן וועט זען, ערשט דאָס אויסזען דערפֿון איז נידעריקער

פון דער הויט, און די האָר דערויף איז געוואָרן ווייס, זאָל דער
כּהן אים מאַכן פאַר אומריין; די פּלאָג פון צרעת איז דאָס,
וואָס האָט אויסגעבראָכן אויף דעם אויסשיט. [21]און אַז דער
כּהן וועט עס באַקוקן, ערשט ווייסע האָר איז דערויף ניטאָ,
און עס איז ניט נידעריקער פון דער הויט, און עס איז מאַט,
זאָל אים דער כּהן אײַנשליסן אויף זיבן טעג. [22]אויב אָבער
שפּרייטן וועט עס זיך פאַרשפּרייטן אויף דער הויט, זאָל
דער כּהן אים מאַכן פאַר אומריין; די פּלאָג איז דאָס. [23]און
אויב דער פלעק שטייט אויף זײַן אָרט, ער האָט זיך ניט פאַר־
שפּרייט, איז דאָס דער צייכן פון דעם אויסשיט, און דער כּהן
זאָל אים מאַכן פאַר ריין.

[24]אָדער אַ לײַב, אַז אויף זײַן הויט וועט זײַן אַ ברען פון
פייער, און דער אָנוווקס פון דעם ברען וועט ווערן אַ רויטלאַך
ווייסער אָדער אַ ווייסער פלעק, [25]און דער כּהן וועט עס
באַקוקן, ערשט די האָר אויף דעם פלעק איז געוואָרן ווייס,
און דאָס אויסזען דערפון איז טיפער פון דער הויט, איז דאָס
אַ צרעת וואָס האָט אויסגעבראָכן אויפן ברען, און דער כּהן
זאָל אים מאַכן פאַר אומריין; די פּלאָג פון צרעת איז דאָס.
[26]אויב אָבער דער כּהן וועט עס באַקוקן, ערשט ווייסע האָר
איז אויפן פלעק ניטאָ, און עס איז ניט נידעריקער פון דער
הויט, און עס איז מאַט, זאָל אים דער כּהן אײַנשליסן אויף זיבן
טעג. [27]און דער כּהן זאָל אים באַקוקן אויפן זיבעטן טאָג; אויב
שפּרייטן האָט עס זיך פאַרשפּרייט אויף דער הויט, זאָל אים
דער כּהן מאַכן פאַר אומריין; די פּלאָג פון צרעת איז דאָס.
[28]אויב אָבער דער פלעק שטייט אויף זײַן אָרט, עס האָט זיך
ניט פאַרשפּרייט אויף דער הויט, און עס איז מאַט, איז דאָס אַ
געשווילאַכץ פון דעם ברען, און דער כּהן זאָל אים מאַכן פאַר
ריין; וואָרום דער צייכן פון דעם ברען איז דאָס.

[29]און אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי, אַז בײַ זײ װעט זײַן אַן אויסשלאָג
אויפֿן קאָפּ אָדער אין באָרד, [30]און דער כֹּהן װעט באַקוקן דעם
אויסשלאָג, ערשט דאָס אויסזען דערפֿון איז טיפֿער פֿון דער
הויט, און דערויף איז געלע דינע האָר, זאָל דער כֹּהן אים
מאַכן פֿאַר אומריין; שלעכטע קרעץ איז דאָס, צרעת פֿון קאָפּ
אָדער פֿון באָרד איז דאָס. [31]און אַז דער כֹּהן װעט באַקוקן
דעם אויסשלאָג פֿון די שלעכטע קרעץ, ערשט זײַן אויסזען איז
ניט טיפֿער פֿון דער הויט, און שװאַרצע האָר איז דערויף ניטאָ,
זאָל דער כֹּהן אײַנשליסן דעם װאָס האָט דעם אויסשלאָג פֿון
די שלעכטע קרעץ, אויף זיבן טעג. [32]און אַז דער כֹּהן װעט
באַקוקן דעם אויסשלאָג אויפֿן זיבעטן טאָג, ערשט די שלעכטע
קרעץ האָבן זיך ניט פֿאַרשפּרייט, און געלע האָר איז דערויף
ניטאָ, און דאָס אויסזען פֿון די שלעכטע קרעץ איז ניט טיפֿער
פֿון דער הויט, [33]זאָל ער זיך אָפּגאָלן, און די שלעכטע קרעץ
זאָל ער ניט אָפּגאָלן; און דער כֹּהן זאָל אײַנשליסן דעם װאָס
האָט די שלעכטע קרעץ אַ צװייט מאָל אויף זיבן טעג. [34]און
אַז דער כֹּהן װעט באַקוקן די שלעכטע קרעץ אויפֿן זיבעטן
טאָג, ערשט די שלעכטע קרעץ האָבן זיך ניט פֿאַרשפּרייט אויף
דער הויט, און זייער אויסזען איז ניט טיפֿער פֿון דער הויט,
זאָל אים דער כֹּהן מאַכן פֿאַר ריין; און ער זאָל װאַשן
זײַנע קליידער, און זײַן ריין. [35]אויב אָבער שפּרייטן װעלן
זיך פֿאַרשפּרייטן די שלעכטע קרעץ אויף דער הויט נאָך זײַן
רייניקונג, [36]און דער כֹּהן װעט אים באַקוקן, ערשט די שלעכטע
קרעץ האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אויף דער הויט, דאַרף דער כֹּהן
ניט זוכן קיין געלע האָר: ער איז אומריין. [37]אויב אָבער די
שלעכטע קרעץ זײַנען געבליבן בײַ זייער אויסזען, און שװאַרצע
האָר איז אויסגעװאַקסן דערויף, זײַנען די שלעכטע קרעץ
פֿאַרהיילט; ער איז ריין, און דער כֹּהן זאָל אים מאַכן פֿאַר ריין.

38און אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי, אַז אויף דער הויט פֿון זייער
לייב וועלן זיין פֿלעקן, ווייסע פֿלעקן, 39און דער כּהן וועט אַ
קוק טאָן, ערשט די פֿלעקן אויף דער הויט פֿון זייער לייב
זיינען מאַט ווייס, איז דאָס אַ לישאַי וואָס האָט אויסגעבראָכן
אויף דער הויט; ער איז ריין.
40און אַ מאַן, אַז זיין קאָפּ וועט אויסקריכן, האָט ער אַ פּליך;
ער איז ריין. 41און אויב זיין קאָפּ וועט אויסקריכן צו דער
זייט פֿון זיין פּנים, האָט ער אַ פֿאָדערפּליך; ער איז ריין.
42אויב אָבער אויף דעם הינטערפּליך אָדער אויף דעם
פֿאָדערפּליך וועט זיין אַ רויטלאַך ווייסער אויסשלאָג, איז דאָס
אַ צרעת וואָס ברעכט אויס אויף זיין פֿאָדערפּליך אָדער אויף
זיין הינטערפּליך. 43און אַז דער כּהן וועט אים באַקוקן, ערשט
די געשווילאַכץ פֿון דעם אויסשלאָג איז רויטלאַך ווייס אויף זיין
הינטערפּליך אָדער אויף זיין פֿאָדערפּליך, אַזוי ווי דאָס אויס-
זען פֿון צרעת אויף דער הויט פֿון לייב, 44איז ער אַ מאַן אַ
מצורע; אומריין איז ער; פֿאַר אומריין זאָל אים מאַכן דער
כּהן; ער האָט די פּלאָג אויף זיין קאָפּ.
45און דער מצורע וואָס די פּלאָג איז אויף אים, זיינע
קליידער זאָלן זיין צעריסן, און זיין קאָפּ זאָל זיין פֿאַרוואַקסן,
און זיין אויבערשטע ליפּ זאָל ער פֿאַרדעקן, און „טמא! טמא!“
זאָל ער אויסרופֿן. 46אַלע טעג וואָס די פּלאָג איז אויף אים,
זאָל ער זיין אומריין; אומריין איז ער; אַליין זאָל ער זיצן, אויסן
לאַגער זאָל זיין זיין וווינונג.
47און אַז די פּלאָג פֿון צרעת וועט זיין אין אַ בגד, אין אַ
וואָלענעם בגד, אָדער אין אַ פֿלאַקסענעם בגד, 48אָדער אין
גרונטוועב, אָדער אין דורכוואַרף, פֿון פֿלאַקס, צי פֿון וואָל,
אָדער אין אַ פֿעל, אָדער אין וואָסער עס איז אַרבעט פֿון פֿעל;
49און דער אויסשלאָג וועט זיין גרינלאַך אָדער רויטלאַך אין דעם

בגד, אָדער אין דעם פּעל, אָדער אין דעם גרונטוועב, אָדער אין
דעם דורכוואַרף, אָדער אין וואָסער עס איז זאַך פון פּעל, איז
דאָס די פּלאָג פון צרעת, און עס זאָל באַוויזן ווערן צום כּהן.
[50]און אַז דער כּהן וועט באַקוקן דעם אויסשלאָג, זאָל ער אײַנ־
שליסן דאָס וואָס האָט דעם אויסשלאָג, אויף זיבן טעג. [51]און
אַז ער וועט זען דעם אויסשלאָג אויפן זיבעטן טאָג, אַז דער
אויסשלאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אין דעם בגד, אָדער אין דעם
גרונטוועב, אָדער אין דעם דורכוואַרף, אָדער אין דעם פּעל—
וואָס נאָר פאַר אַן אַרבעט עס איז געמאַכט פון פּעל—איז דער
אויסשלאָג אַן עסיקע צרעת; אומריין איז ער. [52]און מע זאָל פאַר־
ברענען דעם בגד, אָדער דעם גרונטוועב, אָדער דעם דורכוואַרף,
פון וואָל צי פון פלאַקס, אָדער וואָס נאָר פאַר אַ זאַך פון פּעל
וואָס דער אויסשלאָג וועט זײַן דערין; וואָרום אַן עסיקע צרעת
איז דאָס; אין פײַער מוז עס פאַרברענט ווערן. [53]אויב אָבער דער
כּהן וועט זען, ערשט דער אויסשלאָג האָט זיך ניט פאַרשפּרייט
אין דעם בגד, אָדער אין דעם גרונטוועב, אָדער אין דעם דורכ־
וואַרף, אָדער אין וואָסער עס איז זאַך פון פּעל, [54]זאָל דער
כּהן הייסן מע זאָל וואַשן דאָס וואָס דער אויסשלאָג איז דערין,
און ער זאָל עס אײַנשליסן אַ צווייט מאָל אויף זיבן טעג. [55]און
אַז דער כּהן וועט זען, נאָכדעם ווי מע האָט געוואַשן דעם אויס־
שלאָג, ערשט דער אויסשלאָג האָט ניט געביטן זײַן אָנבליק,
הגם דער אויסשלאָג האָט זיך ניט פאַרשפּרייט, איז דאָס אומ־
ריין; אין פײַער זאָלסטו עס פאַרברענען. אַן אויסעסונג איז
דאָס, סײַ דאָס איז אויף דער לינקער זײַט, סײַ אויף דער
רעכטער. [56]און אויב דער כּהן וועט זען, ערשט דער אויס־
שלאָג איז געוואָרן מאַט נאָכדעם ווי מע האָט אים געוואַשן,
זאָל ער אים אַראָפּרײַסן פון דעם בגד, אָדער פון דעם פּעל,
אָדער פון דעם גרונטוועב, אָדער פון דעם דורכוואַרף. [57]און

אויב ער וועט זיך ווידער באַווייזן אין דעם בגד, אָדער אין דעם
גרונטוועב, אָדער אין דעם דורכוואַרף, אָדער אין וואָסער עס
איז זאַך פון פעל–ברעכט דאָס אויס; זאָלסטו אין פייער
פאַרברענען דאָס וואָס דער אויסשלאָג איז דערין. 58און דער
בגד, אָדער דער גרונטוועב, אָדער דער דורכוואַרף, אָדער
וואָסער עס איז זאַך פון פעל, וואָס דו וועסט וואַשן און דער
אויסשלאָג וועט זיך אָפּטאָן דערפון, זאָל געוואַשן ווערן אַ
צווייט מאָל, און זיין ריין.
59דאָס איז דער דין פון דער פּלאָג פון צרעת אין אַ בגד
פון וואָל אָדער פלאַקס, אָדער אין גרונטוועב, אָדער אין דורכ־
וואַרף, אָדער אין וואָסער עס איז זאַך פון פעל, דאָס צו מאַכן
פאַר ריין, אָדער דאָס צו מאַכן פאַר אומריין.

## מְצוֹרָע

יד 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן:
2דאָס זאָל זיין דער דין פון מצורע אין טאָג פון זיין
רייניקונג: ער זאָל געבראַכט ווערן צום כהן. 3און דער כהן
זאָל אַרויסגיין אויסן לאַגער, און אַז דער כהן וועט זען, ערשט
די פּלאָג פון צרעת איז פאַרהיילט אויפן מצורע, 4זאָל דער
כהן הייסן מע זאָל נעמען פאַר דעם וואָס רייניקט זיך צוויי
לעבעדיקע ריינע פויגלען, און צעדערהאָלץ, און ווערמילרויט,
און אֵזוב־גראָז. 5און דער כהן זאָל הייסן מע זאָל שעכטן איין
פויגל אין אַ ליימענער כלי איבער לעבעדיקע וואַסער. 6דעם
לעבעדיקן פויגל, אים זאָל ער נעמען, און דאָס צעדערהאָלץ,
און דאָס ווערמילרויט, און דאָס אֵזוב־גראָז, און איינטונקען זיי
און דעם לעבעדיקן פויגל אין דעם בלוט פון דעם פויגל וואָס
איז געשאָכטן געוואָרן איבערן לעבעדיקן וואַסער. 7און ער זאָל
שפּריצן אויף דעם וואָס רייניקט זיך פון דער צרעת, זיבן מאָל,

און אים מאַכן ריין; און ער זאָל אַוועקלאָזן דעם לעבעדיקן
פויגל אויפן פרייען פעלד. 8און דער וואָס רייניקט זיך, זאָל
וואַשן זיינע קליידער, און אָפּגאָלן זיינע גאַנצע האָר, און זיך
באָדן אין וואַסער, און ווערן ריין; און דערנאָך מעג ער אַריינ־
קומען אין לאַגער, אָבער ער זאָל זיצן דרויסן פון זיין געצעלט
זיבן טעג. 9און עס זאָל זיין אויפן זיבעטן טאָג, זאָל ער אָפּ־
גאָלן זיינע גאַנצע האָר, זיין קאָפּ, און זיין באָרד, און די ברעמען
פון זיינע אויגן—זיינע גאַנצע האָר זאָל ער אָפּגאָלן; און ער זאָל
וואַשן זיינע קליידער, און באָדן זיין לייב אין וואַסער, און זיין
ריין. 10און אויפן אַכטן טאָג זאָל ער נעמען צוויי שעפּסן אָן אַ
פעלער, און איין שאָף אַ יאָריקע אָן אַ פעלער, און דריי צענטל
זעמלמעל פאַר אַ שפּייזאָפּפער, פאַרמישט מיט אייל, און איין
לוֹג אייל. 11און דער כּהן וואָס רייניקט, זאָל אַוועקשטעלן דעם
מאַן וואָס רייניקט זיך, און זיי, פאַר גאָט, ביים אײַנגאַנג פון אוהל־
מוֹעד. 12און דער כּהן זאָל נעמען איין שעפּס און אים ברענגען
פאַר אַ שולדאָפּפער מיט דעם לוֹג אייל, און ער זאָל זיי
אויפהייבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט. 13און ער זאָל שעכטן
דעם שעפּס אין דעם אָרט וווּ מע שעכט דאָס זינדאָפּפער און
דאָס בראַנדאָפּפער, אין אַ הייליקן אָרט; וואָרום אַזוי ווי דאָס
זינדאָפּפער איז דאָס שולדאָפּפער פאַרן כּהן; אַ הייליקסטע
הייליקייט איז דאָס. 14און דער כּהן זאָל נעמען פון דעם בלוט
פון שולדאָפּפער, און דער כּהן זאָל אַרויפטאָן אויפן רעכטן
אויערלעפּל פון דעם וואָס רייניקט זיך, און אויפן דוימען פון
זיין רעכטער האַנט, און אויפן דוימען פון זיין רעכטן פוס.
15און דער כּהן זאָל נעמען פון דעם לוֹג אייל, און אַרויפגיסן
אויף דער לינקער האַנטפלעך פון כּהן. 16און דער כּהן זאָל
אײַנטונקען זיין רעכטן פינגער אין דעם אייל וואָס אויף זיין
לינקער האַנטפלעך, און שפּריצן פון דעם אייל מיט זיין פינגער

זיבן מאָל פאַר גאָט. [17]און פון דעם רעשט אייל וואָס אויף זיין
האַנטפלעך זאָל דער כּהן אַרויפטאָן אויפן רעכטן אויערלעפּל
פון דעם וואָס רייניקט זיך, און אויפן דוימען פון זיין רעכטער
האַנט, און אויפן דוימען פון זיין רעכטן פוס, איבערן בלוט פון
שולדאָפּפער. [18]און וואָס בלייבט איבער פון דעם אייל וואָס
אויף דעם כּהנס האַנטפלעך, זאָל ער אַרויפטאָן אויפן קאָפּ פון
דעם וואָס רייניקט זיך; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים
פאַר גאָט. [19]און דער כּהן זאָל מאַכן דאָס זינדאָפּפער, און
מכפּר זיין אויף דעם וואָס רייניקט זיך פון זיין אומריינקייט;
און דערנאָך זאָל ער שעכטן דאָס בראַנדאָפּפער. [20]און דער
כּהן זאָל אויפברענגען דאָס בראַנדאָפּפער און דאָס שפּייז־
אָפּפער אויפן מזבח; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים,
און ער וועט זיין ריין.

[21]און אויב ער איז אָרעם, און זיין האַנט פאַרמאָגט ניט, זאָל
ער נעמען איין שעפּס, אַ שולדאָפּפער, פאַר אַן אויפהייבונג,
מכפּר צו זיין אויף אים, און איין צענטל זעמלמעל פאַרמישט מיט
אייל, פאַר אַ שפּייזאָפּפער, און אַ לוג אייל; [22]און צוויי טורטל־
טויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן, לויט ווי זיין האַנט פאַרמאָגט;
און איינע זאָל זיין אַ זינדאָפּפער, און איינע אַ בראַנדאָפּפער.
[23]און ער זאָל זיי ברענגען אויפן אַכטן טאָג פון זיין רייניקונג צום
כּהן, צום אייַנגאַנג פון אוהל־מועד, פאַר גאָט. [24]און דער כּהן
זאָל נעמען דעם שעפּס פון שולדאָפּפער, און דעם לוג אייל,
און דער כּהן זאָל זיי אויפהייבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט. [25]און
ער זאָל שעכטן דעם שעפּס פון שולדאָפּפער; און דער כּהן
זאָל נעמען פון דעם בלוט פון שולדאָפּפער, און אַרויפטאָן
אויפן רעכטן אויערלעפּל פון דעם וואָס רייניקט זיך, און אויפן
דוימען פון זיין רעכטער האַנט, און אויפן דוימען פון זיין רעכטן
פוס. [26]און פון דעם אייל זאָל דער כּהן אַרויסגיסן אויף דער

לינקער האַנטפּלעך פון כּהן. [27]און דער כּהן זאָל שפּריצן מיט זיין רעכטן פינגער פון דעם אייל וואָס אויף זיין לינקער האַנטפלעך, זיבן מאָל פאַר גאָט. [28]און דער כּהן זאָל אַרויפ־טאָן פון דעם אייל וואָס אויף זיין האַנטפלעך אויפן רעכטן אויערלעפל פון דעם וואָס רייניקט זיך, און אויפן דוימען פון זיין רעכטער האַנט, און אויפן דוימען פון זיין רעכטן פוס, אין דעם אָרט פון דעם בלוט פון שולדאָפּפער. [29]און וואָס בלייבט איבער פון דעם אייל וואָס אויף דעם כּהנס האַנט־פלעך, זאָל ער אַרויפטאָן אויפן קאָפּ פון דעם וואָס רייניקט זיך, מכפּר צו זיין אויף אים פאַר גאָט. [30]און ער זאָל מאַכן איינע פון די טורטלטויבן, אָדער פון די יונגע טויבן—פון וואָס זיין האַנט פאַרמאָגט; [31]אַזוי ווי זיין האַנט פאַרמאָגט—איינע פאַר אַ זינדאָפּפער, און איינע פאַר אַ בראַנדאָפּפער, מיט דעם שפּייזאָפּפער; און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף דעם וואָס רייניקט זיך פאַר גאָט.

[32]דאָס איז דער דין פון דעם וואָס אויף אים איז די פּלאָג פון צרעת, וואָס זיין האַנט פאַרמאָגט ניט ביי זיין רייניקונג.

[33]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי צו זאָגן:

[34]אַז איר וועט קומען אין לאַנד כּנַעַן וואָס איך גיב אייך צום אייגנטום, און איך וועל ברענגען אַ פּלאָג פון צרעת אין אַ הויז פון דעם לאַנד פון אייער אייגנטום, [35]זאָל קומען דער וואָס דאָס הויז געהערט צו אים, און ער זאָל דערציילן דעם כּהן, אַזוי צו זאָגן: אַזוי ווי אַן אויסשלאָג ווייזט מיר אויס אין הויז. [36]און דער כּהן זאָל הייסן מע זאָל אויסראַמען דאָס הויז איידער דער כּהן וועט קומען באַקוקן דעם אויסשלאָג, כּדי אַלץ וואָס אין הויז זאָל ניט ווערן אומריין; און דערנאָך זאָל דער כּהן קומען באַקוקן דאָס הויז. [37]און אַז ער וועט באַקוקן דעם אויסשלאָג,

ערשט דער אויסשלאָג אויף די ווענט פון הויז איז גרינלאַכע
און רויטלאַכע גריבלאַך, און זייער אויסזען איז נידעריקער
פון דער וואַנט, 38 זאָל דער כּהן אַרויסגיין פון הויז אין אַיינגאַנג
פון הויז, און פאַרשליסן דאָס הויז אויף זיבן טעג. 39 און דער
כּהן זאָל צוריקקומען אויפן זיבעטן טאָג, און אַז ער וועט
זען, ערשט דער אויסשלאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אויף די ווענט
פון הויז, 40 זאָל דער כּהן הייסן מע זאָל אַרויסנעמען די שטיי־
נער וואָס אויף זיי איז דער אויסשלאָג, און מע זאָל זיי אַוועק־
וואַרפן אויסן שטאָט אין אַן אומריינעם אָרט. 41 און דאָס הויז
זאָל ער לאָזן אַרומהאַקן פון אינעווייניק רונד אַרום, און די
ליים וואָס מע האַקט אויס, זאָל מען אויסשיטן אויסן שטאָט
אין אַן אומריינעם אָרט. 42 און מע זאָל נעמען אַנדערע שטיינער,
און אַריינשטעלן אויף דעם אָרט פון יענע שטיינער, און מע
זאָל נעמען אַנדערע ליים, און פאַרקלעפּן דאָס הויז. 43 און
אויב דער אויסשלאָג וועט ווידער אויסברעכן אין הויז נאָכ־
דעם ווי מע האָט אַרויסגענומען די שטיינער, און נאָכן אַרומ־
האַקן דאָס הויז, און נאָכן פאַרקלעפּן, 44 און דער כּהן וועט
קומען און זען, ערשט דער אויסשלאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אין
הויז, איז דאָס אַן עסיקע צרעת אין הויז; אומריין איז דאָס.
45 און מע זאָל צעברעכן דאָס הויז, זיינע שטיינער, און זיין האָלץ,
און די גאַנצע ליים פון הויז, און אַרויסטראָגן אויסן שטאָט אין אַן
אומריינעם אָרט. 46 און דער וואָס קומט אַריין אין הויז אַלע טעג
וואָס מע האַלט עס אָפּגעשלאָסן, זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט.
47 און דער וואָס ליגט אין דעם הויז, זאָל וואַשן זיינע קליידער; און
דער וואָס עסט אין דעם הויז, זאָל וואַשן זיינע קליידער. 48 און
אויב קומען וועט קומען דער כּהן און וועט זען, ערשט דער
אויסשלאָג האָט זיך ניט פאַרשפּרייט אין הויז נאָכן פאַרקלעפּן
דאָס הויז, זאָל דער כּהן מאַכן דאָס הויז פאַר ריין, וואָרום

דער אויסשלאָג האָט זיך פאַרהיילט. [49]און ער זאָל נעמען
אויף צו רייניקן דאָס הויז, צוויי פויגלען, און צעדערהאָלץ, און
ווערמילרויט, און אֵזוֹב־גראָז. [50]און ער זאָל שעכטן איין פויגל
אין אַ ליימענער כּלי איבער לעבעדיקע וואַסער. [51]און ער
זאָל נעמען דאָס צעדערהאָלץ, און דאָס אֵזוֹב־גראָז, און דאָס
ווערמילרויט, און דעם לעבעדיקן פויגל, און ער זאָל זיי אײַנ־
טונקען אינעם בלוט פון דעם געשאָכטענעם פויגל, און אינעם
לעבעדיקן וואַסער, און שפּריצן אויפן הויז זיבן מאָל. [52]און
ער זאָל רייניקן דאָס הויז מיטן בלוט פון דעם פויגל, און מיטן
לעבעדיקן וואַסער, און מיטן לעבעדיקן פויגל, און מיטן
צעדערהאָלץ, און מיטן אֵזוֹב־גראָז, און מיטן ווערמילרויט. [53]און
ער זאָל אַוועקלאָזן דעם לעבעדיקן פויגל אויסן שטאָט אויפן
פרייען פעלד; און ער זאָל מכפּר זיין אויפן הויז, און עס וועט
זיין ריין.

[54]דאָס איז דער דין פאַר יעטוועדער פּלאָג פון צרעת, און
פאַר שלעכטע קרעץ, [55]און פאַר צרעת פון אַ בגד, און פאַר אַ
הויז, [56]און פאַר אַ געשווילאַכץ, און פאַר אַ גרינד, און פאַר אַ
פלעק; [57]כּדי צו לערנען ווען עס איז אומריין, און ווען עס
איז ריין. דאָס איז דער דין פון צרעת.

טו [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי
צו זאָגן: [2]רעדט צו די קינדער פון ישׂראל, און איר זאָלט
זאָגן צו זיי:

יעטוועדער מאַן, אַז ער וועט זיין פלוסיק פון זיין לייב, איז
זיין פליסונג אומריין. [3]און דאָס זאָל זיין זיין אומריינקייט אין
זיין פליסונג: סיי זיין לייב רינט מיט זיין פליסונג, סיי זיין לייב
איז פאַרשטאָפּט פון זיין פליסונג, איז דאָס זיין אומריינקייט.
[4]איטלעך געלעגער וואָס דער פלוסיקער וועט דערויף ליגן, זאָל
זיין אומריין, און איטלעכע זאַך וואָס ער וועט דערויף זיצן, זאָל

זיין אומריין. [5]און אַ מאַן וואָס וועט זיך אָנרירן אָן זיין געלעגער,
זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין
אומריין ביזן אָוונט. [6]און דער וואָס זיצט אויף אַ זאַך וואָס דער
פלוסיקער איז דערויף געזעסן, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און
זיך באָדן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט. [7]און דער
וואָס רירט זיך אָן אָן דעם לייב פון פלוסיקן, זאָל וואַשן זיינע
קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט.
[8]און אַז דער פלוסיקער וועט אַרויפשפּייען אויף אַ ריינעם, זאָל
יענער וואַשן זיינע קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין
אומריין ביזן אָוונט. [9]און יעטוועדער רייטזאַך וואָס דער
פלוסיקער וועט רייטן דערויף, זאָל זיין אומריין. [10]און איטלאַכער
וואָס רירט זיך אָן אָן וואָס נאָר עס איז געווען אונטער אים,
זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט; און דער וואָס טראָגט עס, זאָל וואַשן
זיינע קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן
אָוונט. [11]און איטלאַכער וואָס דער פלוסיקער וועט זיך אָן
אים אָנרירן, אַוו ער האָט ניט אָפּגעשווענקט זיינע הענט אין
וואַסער, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער,
און זיין אומריין ביזן אָוונט. [12]און אַ ליימענע כּלי וואָס דער
פלוסיקער וועט זיך אָן איר אָנרירן, זאָל צעבראָכן ווערן; און
יעטוועדער הילצערנע כּלי זאָל אָפּגעשווענקט ווערן אין
וואַסער.

[13]און אַז דער פלוסיקער וועט ריין ווערן פון זיין פליסונג,
זאָל ער זיך ציילן זיבן טעג פון זיין ריין ווערן, און וואַשן זיינע
קליידער, און באָדן זיין לייב אין לעבעדיקע וואַסער, און זיין
ריין. [14]און אויפן אַכטן טאָג זאָל ער זיך נעמען צוויי טורטל־
טויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן, און ער זאָל קומען פאַר גאָט
צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד, און זיי געבן צום כּהן. [15]און
דער כּהן זאָל זיי מאַכן איינע אַ זינדאָפּפער, און איינע אַ

בראַנדאָפּפּער, און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף אים פאַר
גאָט פון וועגן זיין פליסונג.
[16]און אַ מאַן, אַז פון אים וועט אַרויסגיין אַ פלוס פון זאָמען,
זאָל ער באָדן אין וואַסער זיין גאַנצן לייב, און זיין אומריין ביזן
אָוונט. [17]און יעטוועדער בגד, און יעטוועדער פעל, וואָס דערויף
וועט זיין פלוס פון זאָמען, זאָל געוואַשן ווערן אין וואַסער,
און זיין אומריין ביזן אָוונט. [18]און אַ פרוי, אַז אַ מאַן וועט ליגן
מיט איר אַ ביישלאָף פון זאָמען, זאָלן זיי זיך באָדן אין וואַסער,
און זיין אומריין ביזן אָוונט.
[19]און אַ פרוי, אַז זי וועט זיין פלוסיק—בלוט וועט זיין איר
פליסונג פון איר לייב—זאָל זי זיבן טעג זיין אין איר אָפּזונדערונג,
און איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן איר אָן, זאָל זיין אומריין
ביזן אָוונט. [20]און אַלץ וואָס זי וועט ליגן דערויף אין איר אָפּ־
זונדערונג, זאָל זיין אומריין; און אַלץ וואָס זי וועט זיצן דערויף,
זאָל זיין אומריין. [21]און איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן אָן איר
געלעגער, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער,
און זיין אומריין ביזן אָוונט. [22]און איטלאַכער וואָס רירט זיך
אָן אָן עפּעס אַ זאַך וואָס זי זיצט דערויף, זאָל וואַשן זיינע
קליידער, און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט.
[23]אַפילו אויב ער איז אויף דעם געלעגער אָדער אויף דער זאַך
וואָס זי זיצט דערויף, ווען ער רירט זיך אָן דעם אָן, זאָל ער
[נאָר] זיין אומריין ביזן אָוונט. [24]און אויב ליגן וועט ליגן מיט
איר אַ מאַן, און איר אומריינקייט וועט זיין אויף אים, זאָל ער
זיין אומריין זיבן טעג, און איטלאַך געלעגער וואָס ער וועט
ליגן דערויף, זאָל זיין אומריין.
[25]און אַ פרוי, אַז איר בלוטפליסונג וועט פליסן פיל טעג,
ניט אין דער צייט פון איר אָפּזונדערונג, אָדער זי וועט זיין
פלוסיק איבער דער צייט פון איר אָפּזונדערונג, זאָל זי אַלע טעג

פון איר אומריינער פליסונג זיין אַזוי ווי אין די טעג פון איר אָפּ־
זונדערונג; זי איז אומריין. [26]איטלאַך געלעגער וואָס זי וועט
ליגן דערויף אַלע טעג פון איר פליסונג, זאָל איר זיין אַזוי ווי
דאָס געלעגער פון איר אָפּזונדערונג; און איטלאַכע זאַך וואָס
זי וועט זיצן דערויף, זאָל זיין אומריין אַזוי ווי די אומריינקייט
פון איר אָפּזונדערונג. [27]און איטלאַכער וואָס רירט זיך אָן
זיי אָן, זאָל ווערן אומריין; און ער זאָל וואַשן זיינע קליידער,
און זיך באָדן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט. [28]און
אַז זי ווערט ריין פון איר פליסונג, זאָל זי זיך ציילן זיבן טעג,
און דערנאָך זאָל זי זיין ריין. [29]און אויפן אַכטן טאָג זאָל זי זיך
נעמען צוויי טורטלטויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן, און זיי ברענגען
צום כֹּהן, צום אַיינגאַנג פון אוהל־מוֹעד. [30]און דער כֹּהן זאָל
מאַכן איינע אַ זינדאָפּפער, און איינע אַ בראַנדאָפּפער, און דער
כֹּהן זאָל מכפּר זיין אויף איר פאַר גאָט פון וועגן איר אומריינער
פליסונג.

[31]און איר זאָלט אָפּשיידן די קינדער פון ישׂראל פון זייער
אומריינקייט, כּדי זיי זאָלן ניט שטאַרבן דורך זייער אומריינקייט,
אַז זיי וועלן פאַראומרייניקן מיין מִשכּן וואָס צווישן זיי.

[32]דאָס איז דער דין פון דעם פלוסיקן, און פון דעם וואָס
פון אים גייט אַרויס אַ פלוס פון זאָמען, צו ווערן אומריין דורך
דעם; [33]און פון דער קראַנקער אין איר אָפּזונדערונג, און פון
דעם וואָס איז פלוסיק מיט אַ פליסונג, סיי אַ מאַנספּאַרשוין,
און סיי אַ פרוי; און פון אַ מאַן וואָס וועט ליגן מיט אַן אומריינער.

## אַחֲרֵי מות

טז [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן נאָך דעם טויט פון
אַהרנס צוויי זין, ווען זיי האָבן גענענט פאַר גאָט, און
זיינען געשטאָרבן; [2]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: רעד צו דיין

ברודער אַהרֹנען, אַז ער זאָל ניט אַריינגיין צו יעטוועדער
צייט אין הייליקטום אינעווייניק פון פָּרוֹכֶת, פאַרן דעק וואָס
איבערן אָרון, כּדי ער זאָל ניט שטאַרבן; וואָרום איך באַווייז
זיך אין וואָלקן איבערן דעק. [3]דערמיט זאָל אַהרן קומען אין
הייליקטום: מיט אַ יונגן אָקס פאַר אַ זינדאָפּפער, און אַ ווידער
פאַר אַ בראַנדאָפּפער. [4]אַ הייליק ליינען העמדל זאָל ער
אָנטאָן, און ליינענע הויזן זאָלן זיין אויף זיין לייב, און מיט אַ
ליינענעם גאַרטל זאָל ער זיך אַרומגורטן, און מיט אַ ליינענער
הויב זאָל ער זיך באַהויבן; הייליקע קליידער זיינען דאָס,
און ער זאָל באָדן זיין לייב אין וואַסער, און זיי אָנטאָן. [5]און
פון דער עדה פון די קינדער פון ישׂראל זאָל ער נעמען צוויי
ציגנבעק פאַר אַ זינדאָפּפער, און איין ווידער פאַר אַ בראַנד־
אָפּפער. [6]און אַהרן זאָל מאַכן גענענען דעם אָקס פון זינד־
אָפּפער וואָס פאַר אים, און ער זאָל מכפּר זיין אויף זיך און
אויף זיין הויזגעזינט. [7]און ער זאָל נעמען די צוויי בעק, און זיי
אַוועקשטעלן פאַר גאָט ביים איינגאַנג פון אוהל־מועד. [8]און
אַהרן זאָל אַרויפטאָן אויף ביידע בעק גורלות, איין גורל פאַר
יהוה, און איין גורל פאַר עזאָזל. [9]און אַהרן זאָל מאַכן גענענען
דעם באָק וואָס אויף אים איז אַרויף דער גורל פאַר יהוה,
און אים מאַכן פאַר אַ זינדאָפּפער. [10]און דער באָק וואָס אויף
אים איז אַרויף דער גורל פאַר עזאָזל, זאָל אַוועקגעשטעלט
ווערן אַ לעבעדיקער פאַר גאָט, מכפּר צו זיין איבער אים,
אים אַוועקצושיקן צו עזאָזל אין מדבר. [11]און אַהרן זאָל מאַכן
גענענען דעם אָקס פון זינדאָפּפער וואָס פאַר אים, און מכפּר זיין
אויף זיך און אויף זיין הויזגעזינט; און ער זאָל שעכטן דעם אָקס
פון זינדאָפּפער וואָס פאַר אים. [12]און ער זאָל נעמען אַ פולע
פייערפאַן פייערקוילן פון דעם מזבח, פון פאַר גאָט, און זיינע
פולע הויפנס דינעם ווייריך פון שמעקעדיקע געווירצן, און

ברענגען אינעווייניק פון פָּרוֹכֶת. [13]און ער זאָל אַרויפטאָן דעם
ווייַרויך אויפן פייער פאַר גאָט, און דער וואָלקן פון דעם ווייַרויך
זאָל פאַרדעקן דעם דעק וואָס איבערן געזעץ, כּדי ער זאָל ניט
שטאַרבן. [14]און ער זאָל נעמען פון דעם בלוט פון אָקס, און
שפּריצן מיט זיין פינגער אויפן דעק צו מזרח; און פאַרן דעק
זאָל ער שפּריצן פון דעם בלוט זיבן מאָל מיט זיין פינגער.
[15]און ער זאָל שעכטן דעם באָק פון זינדאָפּפער וואָס פאַרן
פאָלק, און ברענגען זיין בלוט אינעווייניק פון פָּרוֹכֶת, און טאָן
מיט זיין בלוט אַזוי ווי ער האָט געטאָן מיט דעם בלוט פון אָקס,
און עס שפּריצן אויפן דעק און פאַרן דעק. [16]און ער זאָל
מכפּר זיין אויף דעם הייליקטום פון וועגן די אומריינקייטן פון
די קינדער פון ישׂראל, און פון וועגן זייערע פאַרברעכן אין
אַלע זייערע חטאים; און אַזוי זאָל ער טאָן צום אוהל־מועד וואָס
רוט בײַ זיי אין מיטן פון זייערע אומריינקייטן. [17]און קיין
מענטש זאָל ניט זיין אין אוהל־מועד, ווען ער קומט מכפּר צו
זיין אין הייליקטום, ביז ער גייט אַרויס. און ער זאָל מכפּר
זיין אויף זיך, און אויף זיין הויזגעזינט, און אויף דער גאַנצער
איינזאַמלונג פון ישׂראל. [18]און ער זאָל אַרויסגיין צום מזבח וואָס
פאַר גאָט, און מכפּר זיין אויף אים; און ער זאָל נעמען פון דעם
בלוט פון אָקס, און פון דעם בלוט פון באָק, און אַרויפטאָן אויף
די הערנער פון מזבח רונד אַרום. [19]און ער זאָל שפּריצן אויף
אים פון דעם בלוט מיט זיין פינגער זיבן מאָל, און אים ריייניקן,
און אים הייליקן פון די אומריינקייטן פון די קינדער פון ישׂראל.
[20]און אַז ער וועט ענדיקן מכפּר זיין אויפן הייליקטום, און אויפן
אוהל־מועד, און אויפן מזבח, זאָל ער מאַכן גענענען דעם
לעבעדיקן באָק. [21]און אַהרן זאָל אָנלענען זיינע ביידע הענט
אויפן קאָפּ פון דעם לעבעדיקן באָק, און זיך מתוודה זיין
איבער אים אויף אַלע זינד פון די קינדער פון ישׂראל, און אויף

אַלע זייערע פֿאַרברעכן אין אַלע זייערע חטאים; און ער זאָל
זיי אַרויפֿטאָן אויפֿן קאָפּ פֿון דעם באָק, און אים אַוועקשיקן
דורך דער האַנט פֿון אַן אומיסטנעם מענטשן אין מדבר. [22]און
דער באָק זאָל אַוועקטראָגן אויף זיך אַלע זייערע זינד אין אַן
אָפּגעשניטענעם לאַנד; און ער זאָל אַוועקלאָזן דעם באָק אין
דער מדבר. [23]און אַהרן זאָל אַרייַנגיין אין אוהל־מועד, און
אויסטאָן די לייַנענע קליידער וואָס ער האָט אָנגעטאָן בײַ זײַן
אַרייַנגיין אין הייליקטום, און ער זאָל זיי דאָרטן לאָזן. [24]און
ער זאָל באָדן זײַן לײַב אין וואַסער אין אַ הייליקן אָרט, און
אָנטאָן זײַנע קליידער, און אַרויסגיין, און מאַכן זײַן בראַנד־
אָפּפֿער און דאָס בראַנדאָפּפֿער פֿון פֿאָלק, און מכפּר זײַן אויף
זיך און אויפֿן פֿאָלק. [25]און דאָס פֿעטס פֿון דעם זינדאָפּפֿער
זאָל ער דעמפֿן אויפֿן מזבח. [26]און דער וואָס באַלייט דעם
באָק צו עזאָזל, זאָל וואַשן זײַנע קליידער, און באָדן זײַן לײַב
אין וואַסער, און דערנאָך מעג ער אַרייַנקומען אין לאַגער.
[27]און דעם אָקס פֿון זינדאָפּפֿער, און דעם באָק פֿון זינדאָפּפֿער,
וואָס זייער בלוט איז געבראַכט געוואָרן, מכפּר צו זײַן אין
הייליקטום, זאָל מען אַרויסטראָגן אויסן לאַגער, און פֿאַרברענען
אין פֿײַער זייערע פֿעלן, און זייער פֿלייש, און זייער מיסט.
[28]און דער וואָס פֿאַרברענט זיי, זאָל וואַשן זײַנע קליידער, און
באָדן זײַן לײַב אין וואַסער, און דערנאָך מעג ער אַרייַנקומען
אין לאַגער.

[29]און דאָס זאָל אײַך זײַן צום אײביקן געזעץ: אין זיבטן
חודש, אין צענטן טאָג פֿון חודש, זאָלט איר פּייניקן אײַער זעל,
און קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, סײַ דער אײַנגעבאָרענער,
און סײַ דער פֿרעמדער וואָס האַלט זיך אויף צווישן אײַך.
[30]וואָרום אין דעמדאָזיקן טאָג וועט מען מכפּר זײַן אויף אײַך,
אײַך צו רייניקן; פֿון אַלע אײַערע זינד וועט איר ריין ווערן פֿאַר

גאָט. [31]אַ שבת פון רואונג איז דאָס פאַר אײַך, און איר זאָלט
פּייניקן אײַער זעל; אַן אײביק געזעץ. [32]און דער כּהן וואָס מע
וועט אים זאַלבן, און וואָס מע וועט דערפילן זײַן האַנט צו זײַן
אַ כּהן אויף זײַן פאָטערס אָרט, זאָל מכפּר זײַן; און ער זאָל
אָנטאָן די לײַנענע קליידער, די הייליקע קליידער. [33]און ער
זאָל מכפּר זײַן אויפן קָדשי־קָדשים, און אויפן אוהל־מועד; אויך
אויפן מזבח זאָל ער מכפּר זײַן, און אויף די כּהנים, און אויף
דעם גאַנצן פאָלק פון דער אײַנזאַמלונג זאָל ער מכפּר זײַן.
[34]און דאָס זאָל אײַך זײַן צום אײביקן געזעץ, מכפּר צו זײַן אויף
די קינדער פון ישׂראל פון וועגן אַלע זייערע זינד, איין מאָל
אין יאָר.
און ער האָט געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.

יז [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד צו
אַהרׂנען, און צו זײַנע זין, און צו אַלע קינדער פון ישׂראל,
און זאָלסט זאָגן צו זיי: דאָס איז די זאַך וואָס גאָט האָט באַפוילן,
אַזוי צו זאָגן:
[3]יעטוועדער מאַן פון דעם הויז פון ישׂראל וואָס וועט
שעכטן אַן אָקס, אָדער אַ שעפּס, אָדער אַ ציג, אין לאַגער,
אָדער וואָס וועט שעכטן אויסן לאַגער, [4]און צום אײַנגאַנג פון
אוהל־מועד האָט ער עס ניט געבראַכט, מקריב צו זײַן פאַר
אַ קרבּן צו גאָט, פאַרן משכּן פון גאָט, זאָל עס ווי בלוט
גערעכנט ווערן יענעם מאַן; בלוט האָט ער פאַרגאָסן; און יענער
מענטש זאָל פאַרשניטן ווערן פון צווישן זײַן פאָלק. [5]כּדי די
קינדער פון ישׂראל זאָלן ברענגען זייערע שלאַכטאָפּפער, וואָס
זיי שלאַכטן אויפן פרייען פעלד—זיי זאָלן זיי ברענגען צו גאָט,
צום אײַנגאַנג פון אוהל־מועד, צום כּהן, און זיי שלאַכטן פרידאָפּ־
אָפּפער צו גאָט. [6]און דער כּהן זאָל שפּרענגען דאָס בלוט
אויפן מזבח פון גאָט, בײַם אײַנגאַנג פון אוהל־מועד, און דעמפן

דאָס פעטס פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. 7און זיי זאָלן מער
ניט שלאַכטן זייערע שלאַכטאָפּפער צו די שדים, וואָס זיי
זײנען פאַרפירט נאָך זיי. אַן אײביק געזעץ זאָל דאָס זיי זײן
אויף זייערע דור־דורות.
8און זאָלסט זאָגן צו זיי: יעטוועדער מאַן פון דעם הויז פון
ישׂראל, אָדער פון דעם פרעמדן וואָס וועט זיך אויפהאַלטן
צווישן זיי, וואָס וועט אויפברענגען אַ בראַנדאָפּפער אָדער אַ
שלאַכטאָפּפער, 9און צום אוהל־מועד וועט ער עס ניט ברענגען,
דאָס צו מאַכן צו גאָט, יענער מענטש זאָל פאַרשניטן ווערן פון
זײן פאָלק.
10און יעטוועדער מאַן פון דעם הויז פון ישׂראל, אָדער
פון דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי, וואָס וועט
עסן וואָסער עס איז בלוט, וועל איך קערן מײן פּנים קעגן דעם
מענטשן וואָס עסט דאָס בלוט, און איך וועל אים פאַרשניידן
פון צווישן זײן פאָלק. 11וואָרום דאָס לעבן פון דעם פלייש איז
אין דעם בלוט, און איך האָב עס אײַך געגעבן אויפן מזבח
מכפּר צו זײן אויף אײַערע נפשות; וואָרום דאָס איז דאָס בלוט
וואָס איז מכפּר, מיט דעם לעבן [וואָס אין אים]. 12דרום זאָג
איך צו די קינדער פון ישׂראל: קיין נפש פון אײַך זאָל ניט עסן
בלוט; אויך דער פרעמדער וואָס האַלט זיך אויף צווישן אײַך,
זאָל ניט עסן בלוט.
13און יעטוועדער מאַן פון די קינדער פון ישׂראל, אָדער
פון דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי, וואָס וועט
פאַנגען אַ געפאַנג פון אַ חיה אָדער אַ פויגל וואָס מעג געגעסן
ווערן, זאָל אויסגיסן זײן בלוט, און עס צודעקן מיט ערד.
14וואָרום דאָס לעבן פון יעטוועדער פלייש—זײן בלוט דאָס איז
זײן לעבן; דרום זאָג איך צו די קינדער פון ישׂראל: דאָס בלוט פון
קיין פלייש זאָלט איר ניט עסן, וואָרום דאָס לעבן פון יעטוועדער

פלייש דאָס איז זיין בלוט; איטלאַכער וואָס עסט עס, זאָל
פאַרשניטן ווערן. 15און יעטוועדער מענטש וואָס וועט עסן
געפאַלנס אָדער פאַרצוקטס, סיי דער אַיינגעבאָרענער, און סיי
דער פרעמדער, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און באָדן זיין לייב
אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט, און ווערן ריין. 16און
אויב ער וועט זיי ניט וואַשן, און זיין לייב ניט באָדן, וועט ער
טראָגן זיין זינד.

יח 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
איך בין יהוה אַייער גאָט. 3אַזוי ווי די מעשׂים פון לאַנד
מִצרַיִם וואָס איר זייט דערין געזעסן, זאָלט איר ניט טאָן; און
אַזוי ווי די מעשׂים פון לאַנד כּנַעַן, וואָס איך ברענג אַייך אַהין,
זאָלט איר ניט טאָן; און אין זייערע חוקים זאָלט איר ניט גיין.
4מיינע געזעצן זאָלט איר טאָן, און מיינע חוקים זאָלט איר היטן
צו גיין אין זיי; איך בין יהוה אַייער גאָט. 5און איר זאָלט היטן
מיינע חוקים און מיינע געזעצן, וואָס אַז אַ מענטש טוט זיי, לעבט
ער דורך זיי: איך בין יהוה.

6איר זאָלט ניט גענענען קיין איינער צו אַ שום לייבנאָנטער
זיינער, צו אַנטפּלעקן די שאַנד: איך בין יהוה.

7די שאַנד פון דיין פאָטער, און די שאַנד פון דיין מוטער,
זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן: זי איז דיין מוטער, טאָרסטו ניט
אַנטפּלעקן איר שאַנד.

8די שאַנד פון דיין פאָטערס ווייב זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן;
די שאַנד פון דיין פאָטער איז דאָס.

9די שאַנד פון דיין שוועסטער, דיין פאָטערס טאָכטער,
אָדער דיין מוטערס טאָכטער, געבאָרן אין הויז, אָדער געבאָרן
פון אויסן—זייער שאַנד זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן.

10די שאַנד פון דיין זונס טאָכטער, אָדער פון דיין טאָכטערס טאָכטער—זייער שאַנד זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן, וואָרום דיין שאַנד זיינען זיי.
11די שאַנד פון דער טאָכטער פון דיין פאָטערס ווייב, געבאָרן פון דיין פאָטער—זי איז דיין שוועסטער, זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן איר שאַנד.
12די שאַנד פון דיין פאָטערס שוועסטער זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן; דיין פאָטערס לייבנאָנטע איז זי.
13די שאַנד פון דיין מוטערס שוועסטער זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן, וואָרום דיין מוטערס לייבנאָנטע איז זי.
14די שאַנד פון דיין פאָטערס ברודער זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן: צו זיין ווייב זאָלסטו ניט גענענען; דיין מומע איז זי.
15די שאַנד פון דיין שנור זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן; דיין זונס ווייב איז זי, טאָרסטו ניט אַנטפּלעקן איר שאַנד.
16די שאַנד פון דיין ברודערס ווייב זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן; די שאַנד פון דיין ברודער איז דאָס.
17די שאַנד פון אַ פרוי מיט איר טאָכטער זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן. איר זונס טאָכטער, אָדער איר טאָכטערס טאָכטער, זאָלסטו ניט נעמען, צו אַנטפּלעקן איר שאַנד; אירע לייבנאָנטע זיינען זיי, איז דאָס אַ שענדלאַכקייט.
18און אַ פרוי צו איר שוועסטער זאָלסטו ניט נעמען צו זיין אַ מיטווייב, צו אַנטפּלעקן איר שאַנד לעבן יענער ביי איר לעבן.
19און צו אַ פרוי אין דער אָפּזונדערונג פון איר אומריינקייט זאָלסטו ניט גענענען צו אַנטפּלעקן איר שאַנד.
20און מיט דער ווייב פון דיין חבר זאָלסטו ניט האָבן אַ ביישלאָף פון זאָמען, זיך צו פאַראומרייניקן מיט איר.
21און פון דיינע קינדער זאָלסטו ניט געבן אויף מקריב זיין

צו מולֶך, און זאָלסט ניט פאַרשוועכן דעם נאָמען פון דיין גאָט:
איך בין יהוה.
22און מיט אַ מאַנספּאַרשוין זאָלסטו ניט ליגן אַזוי ווי מע
ליגט מיט אַ פרוי; אַן אומווערדיקייט איז דאָס.
23און מיט קיין בהמה זאָלסטו ניט ליגן, זיך צו פאַר־
אומרייניקן מיט איר; און אַ פרוי זאָל ניט שטיין פאַר אַ בהמה
צו ליגן מיט איר; אַ פאַרמישונג איז דאָס.
24איר זאָלט אײַך ניט פאַראומרייניקן מיט אַלע דידאָזיקע,
וואָרום מיט אַלע דידאָזיקע האָבן זיך פאַראומרייניקט די פעל־
קער וואָס איך טרייב אַרויס פון פאַר אײַך. 25און דאָס לאַנד
איז געוואָרן אומריין, און איך האָב זיך אָפּגערעכנט מיט איר
פאַר אירע זינד, און דאָס לאַנד האָט אַרויסגעשפּיגן אירע
באַוווינער. 26דרום זאָלט איר היטן מיינע חוקים און מיינע
געזעצן, און איר זאָלט ניט טאָן פון אַלע דידאָזיקע אומ־
ווערדיקייטן, סיי דער אײַנגעבאָרענער, און סיי דער פרעמדער
וואָס האַלט זיך אויף צווישן אײַך—27וואָרום אַלע דידאָזיקע אומ־
ווערדיקייטן האָבן געטאָן די מענטשן פון לאַנד וואָס פאַר אײַך,
און דאָס לאַנד איז געוואָרן אומריין—28כדי דאָס לאַנד זאָל
אײַך ניט אויסשפּייען, אַז איר וועט עס פאַראומרייניקן, אַזוי ווי
עס האָט אויסגעשפּיגן דאָס פאָלק וואָס פאַר אײַך. 29וואָרום
איטלעכער וואָס וועט טאָן פון אַלע דידאָזיקע אומווערדיקייטן
—די נפשות וואָס טוען עס, זאָלן פאַרשניטן ווערן פון צווישן
זייער פאָלק. 30און איר זאָלט היטן מיין היטונג, ניט צו טאָן
פון די אומווערדיקע אײַנפירן וואָס זיינען געטאָן געוואָרן פאַר
אײַך, און איר זאָלט אײַך ניט פאַראומרייניקן מיט זיי: איך בין
יהוה אײַער גאָט.

# קְדוֹשִׁים

יט 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2רעד צו דער
גאַנצער עדה פון די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן
צו זיי:
הייליק זאָלט איר זיין, וואָרום איך יהוה אַייער גאָט בין
הייליק. 3איר זאָלט איטלאַכער האָבן אָפּשיי פאַר זיין מוטער
און זיין פאָטער, און מיינע שבתים זאָלט איר היטן: איך בין יהוה
אַייער גאָט.
4איר זאָלט אַייך ניט קערן צו די געצן, און געגאָסענע געטער
זאָלט איר אַייך ניט מאַכן: איך בין יהוה אַייער גאָט.
5און אַז איר וועט שלאַכטן אַ פרידאָפּפער צו גאָט, זאָלט
איר עס שלאַכטן אַז איר זאָלט באַוויליקט ווערן. 6אין דעם
טאָג פון אַייער שלאַכטונג זאָל עס געגעסן ווערן, און אויף
מאָרגן; און וואָס בלייבט איבער ביז אויפן דריטן טאָג, זאָל אין
פייער פאַרברענט ווערן. 7און אויב געגעסן וועט עס געגעסן
ווערן אויפן דריטן טאָג, איז דאָס אַן אומווערדיקייט; עס וועט
ניט באַוויליקט ווערן. 8און דער וואָס עסט דאָס, וועט טראָגן
זיין זינד, וואָרום אַ הייליקייט פון גאָט האָט ער פאַרשוועכט;
און יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק.
9און אַז איר שניידט דעם שניט פון אייער לאַנד, זאָלסטו
ניט דערענדיקן שניידן דעם עק פון דיין פעלד, און דעם נאָכ־
קלייב פון דיין שניט זאָלסטו ניט נאָכקלייבן. 10און דיין וויי־
גאָרטן זאָלסטו ניט אַרומקלייבן ריין, און דאָס אַראָפּגעפאַלענע
פון דיין וויינגאָרטן זאָלסטו ניט אויפקלייבן; פאַרן אָרעמאַן
און פאַרן פרעמדן זאָלסטו זיי איבערלאָזן: איך בין יהוה
אַייער גאָט.
11איר זאָלט ניט גנבֿען, און איר זאָלט ניט פאַרלייקענען, און
איר זאָלט ניט זאָגן ליגן איינער דעם אַנדערן. 12און איר זאָלט

ניט שווערן בײַ מײַן נאָמען צום פֿאַלשן, און פֿאַרשוועכן דעם
נאָמען פֿון דײַן גאָט: איך בין יהוה.
[13]זאָלסט ניט דריקן דײַן חבֿר, און ניט באַגזלען. זאָלסט
ניט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פֿון אַ געדונגענעם בײַ דיר
ביז אין דער פֿרי. [14]זאָלסט ניט שילטן אַ טויבן, און פֿאַר אַ
בלינדן זאָלסטו ניט לייגן אַ שטרויכלונג; און זאָלסט מורא האָבן
פֿאַר דײַן גאָט: איך בין יהוה.
[15]איר זאָלט ניט טאָן אַן עוולה אין אַ משפּט; זאָלסט ניט
שוינען דעם פּנים פֿון אַן אָרעמאַן, און ניט שאַנעווען דעם פּנים
פֿון אַ גרויסן מאַן; מיט גערעכטיקייט זאָלסטו משפּטן דײַן חבֿר.
[16]זאָלסט ניט אַרומגיין מיט רכילות צווישן דײַן פֿאָלק; זאָלסט
ניט שטיין רויִק בײַ דעם בלוט פֿון דײַן חבֿר: איך בין יהוה.
[17]זאָלסט ניט פֿײַנט האָבן דײַן ברודער אין דײַן האַרצן;
אויסרעדן זאָלסטו אויסרעדן דײַן חבֿר, כּדי זאָלסט ניט טראָגן
איבער אים אַ זינד. [18]זאָלסט זיך ניט נוקם זײַן, און ניט האַלטן
אַ שׂנאה אויף די קינדער פֿון דײַן פֿאָלק; נײַערט זאָלסט ליב
האָבן דײַן חבֿר אַזוי ווי זיך אַליין: איך בין יהוה.
[19]מײַנע געזעצן זאָלט איר היטן. דײַן בהמה זאָלסטו ניט
פּאָרן געמישט; דײַן פֿעלד זאָלסטו ניט פֿאַרזייען געמישט; און
אַ בגד פֿון געמישטן געוואַנט, שַעטנֵז, זאָל ניט אַרויפֿקומען
אויף דיר.
[20]און אַז אַ מאַן וועט ליגן מיט אַ פֿרוי אַ בײַשלאָף פֿון זאָמען,
און זי איז אַ דינסט וואָס איז באַשטימט פֿאַר אַ מאַן, אָבער אויס־
געלייזט איז זי ניט אויסגעלייזט געוואָרן, און פֿרײַשאַפֿט איז איר
ניט געגעבן געוואָרן, זאָל זײַן אַן אויספֿאָרשונג; זיי זאָלן ניט
געטייט ווערן, וואָרום זי איז ניט באַפֿרײַט געוואָרן. [21]און ער זאָל
ברענגען זײַן שולדאָפּפֿער צו גאָט, צום אײַנגאַנג פֿון אוהל־מועד;
אַ ווידער פֿאַר אַ שולדאָפּפֿער. [22]און דער כּהן זאָל מכפּר זײַן

אויף אים מיט דעם ווידער פון שולדאָפּפער פאַר גאָט, וועגן זיין זינד וואָס ער האָט געזינדיקט; און אים וועט פאַרגעבן ווערן פאַר זיין זינד וואָס ער האָט געזינדיקט.

[23]און אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד, און וועט פלאַנצן אַלערליי עסבוימער, זאָלט איר לאָזן זייער פרוכט אומבאַשניטן; דריי יאָר זאָל עס אַייך זיין אומבאַשניטן, עס זאָל ניט געגעסן ווערן. [24]און אויפן פירטן יאָר זאָל זייער גאַנצע פרוכט זיין הייליק פאַר אַ לויבגעבונג צו גאָט. [25]און אויפן פינפטן יאָר מעגט איר עסן זייער פרוכט, כדי אַייך זאָל צוקומען זייער אַיינטראָג: איך בין יהוה אַייער גאָט.

[26]איר זאָלט ניט עסן מיטן בלוט.

איר זאָלט ניט צויבערן און ניט וואָרזאָגן.

[27]איר זאָלט ניט אָפּשניידן רונד די ברעגן פון אַייער קאָפּ; און זאָלסט ניט פאַרדאַרבן די ברעגן פון דיין באָרד.

[28]און אַ שניט נאָך אַ טויטן זאָלט איר ניט מאַכן אויף אַייער לייב, און אַן אויסגעשטאָכן געשריפט זאָלט איר אויף זיך ניט מאַכן: איך בין יהוה.

[29]זאָלסט ניט פאַרשוועכן דיין טאָכטער זי צו מאַכן פאַר אַ זונה, כדי דאָס לאַנד זאָל ניט אויסגעלאַסן ווערן, און דאָס לאַנד וועט פול ווערן מיט שענדלאַכקייט.

[30]מיינע שבתים זאָלט איר היטן, און פאַר מיין הייליקטום זאָלט איר האָבן אָפּשיי: איך בין יהוה.

[31]איר זאָלט אַייך ניט קערן צו גייסטער, און ביי רוחות זאָלט איר ניט פרעגן, זיך צו פאַראומריייניקן מיט זיי: איך בין יהוה אַייער גאָט.

[32]פאַר אַ גרייז זאָלסטו אויפשטיין, און זאָלסט שאַנעווען דעם פּנים פון אַ זקן, און מורא האָבן פאַר דיין גאָט: איך בין יהוה.

[33]און אַז בײַ דיר װעט זיך אױפֿהאַלטן אַ פֿרעמדער אין
אײַער לאַנד, זאָלסטו אים ניט קריװודען. [34]אַזױ װי אַן אײַער
געבאָרענער פֿון אײַך זאָל אײַך זײַן דער פֿרעמדער װאָס האַלט
זיך אױף בײַ אײַך; און זאָלסט אים ליב האָבן אַזױ װי זיך אַלײן;
װאָרום פֿרעמדע זײַט איר געװען אין לאַנד מצרים: איך בין
יהוה אײַער גאָט.

[35]איר זאָלט ניט טאָן אַן עװלה אין אַ משפּט, אין מעסט־
שטאָק, אין װאָג, אָדער אין מאָס. [36]אַ ריכטיקע װאָגשאָל,
ריכטיקע װאָגשטײנער, אַ ריכטיקע אֵיפֿה, און אַ ריכטיקער הין,
זאָל בײַ אײַך זײַן: איך בין יהוה אײַער גאָט, װאָס האָב אײַך
אַרױסגעצױגן פֿון לאַנד מִצרַיִם. [37]און איר זאָלט היטן אַלע
מײַנע חוקים, און אַלע מײַנע געזעצן, און זײ טאָן: איך בין יהוה.

כ [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזױ צו זאָגן: [2]אױך זאָלסטו
זאָגן צו די קינדער פֿון ישׂראל:

יעטװעדער מאַן פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, אָדער פֿון דעם
פֿרעמדן װאָס האַלט זיך אױף אין ישׂראל, װאָס װעט געבן
פֿון זײַנע קינדער צו מולך, זאָל טײטן געטײט װערן; דאָס
פֿאָלק פֿון לאַנד זאָל אים פֿאַרװאַרפֿן מיט שטײנער. [3]און איך
װעל קערן מײַן פּנים קעגן יענעם מענטשן, און װעל אים פֿאַר־
שנײַדן פֿון צװישן זײַן פֿאָלק, װײַל ער האָט געגעבן פֿון זײַנע
קינדער צו מולך, כּדי צו פֿאַראומרײניקן מײַן הײליקטום,
און צו פֿאַרשװעכן מײַן הײליקן נאָמען. [4]און אױב פֿאַרהױלן
װעט פֿאַרהױלן דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד זײערע אױגן פֿון יענעם
מענטשן, װען ער גיט פֿון זײַנע קינדער צו מולך, אים ניט צו
טײטן, [5]װעל איך קערן מײַן פּנים קעגן יענעם מענטשן, און קעגן
זײַן משפּחה, און איך װעל אים, און אַלע װאָס זײַנען פֿאַרפֿירט
נאָך אים צו זײַן פֿאַרפֿירט נאָך מולך, פֿאַרשנײַדן פֿון צװישן
זײער פֿאָלק. [6]און די זעל װאָס װעט זיך װענדן צו גײַסטער

און צו רוחות, צו זיין פאַרפירט נאָך זיי, וועל איך קערן מיין
פנים קעגן יענער זעל, און וועל אים פאַרשניידן פון צווישן זיין
פאָלק. [7]און איר זאָלט אַייך הייליקן, און זיין הייליק, וואָרום
איך בין יהוה אַייער גאָט. [8]און איר זאָלט היטן מיינע געזעצן
און זיי טאָן: איך בין יהוה וואָס הייליקט אַייך. [9]וואָרום
יעטוועדער איינער וואָס וועט שילטן זיין פאָטער אָדער זיין
מוטער, זאָל טייטן געטייט ווערן; זיין פאָטער אָדער זיין מוטער
האָט ער געשאָלטן, זיין בלוט אויף אים! [10]און אַ מאַן וואָס
וועט מזנה זיין מיט אַן אשת־איש—אַז ער וועט מזנה זיין מיט זיין
חברס ווייב, זאָל טייטן געטייט ווערן אי דער מאַן, אי די פרוי,
וואָס האָט מזנה געווען. [11]און אַ מאַן, אַז ער וועט ליגן מיט זיין
פאָטערס ווייב, האָט ער די שאַנד פון זיין פאָטער אַנטפלעקט;
טייטן געטייט ווערן זאָלן זיי ביידע; זייער בלוט אויף זיי!
[12]און אַז אַ מאַן וועט ליגן מיט זיין שנור, זאָלן זיי טייטן געטייט
ווערן ביידע; אַ פאַרמישונג זיינען זיי באַגאַנגען, זייער בלוט
אויף זיי! [13]און אַז אַ מאַן וועט ליגן מיט אַ מאַנספאַרשוין אַזוי
ווי מע ליגט מיט אַ פרוי, האָבן זיי ביידע אַן אומווערדיקייט
געטאָן; טייטן זאָלן זיי געטייט ווערן; זייער בלוט אויף זיי! [14]און
אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ פרוי מיט איר מוטער, איז דאָס אַ
שענדלאַכקייט; אין פייער זאָל מען פאַרברענען אי אים, אי זיי,
כדי עס זאָל ניט זיין קיין שענדלאַכקייט צווישן אַייך. [15]און
אַ מאַן וואָס וועט ליגן מיט אַ בהמה, זאָל ער טייטן געטייט ווערן,
און די בהמה זאָלט איר הרגען. [16]און אַז אַ פרוי וועט גענענען
צו וואָסער עס איז בהמה צו ליגן מיט איר, זאָלסטו הרגען אי
די פרוי, אי די בהמה; טייטן מוזן זיי געטייט ווערן, זייער בלוט
אויף זיי! [17]און אַז אַ מאַן וועט נעמען זיין שוועסטער, זיין
פאָטערס טאָכטער, אָדער זיין מוטערס טאָכטער, און ער
וועט זען איר שאַנד, און זי וועט זען זיין שאַנד, איז דאָס אַ

שאַנדהאַפטיקייט, און זיי זאָלן פֿאַרשניטן ווערן פֿאַר די אויגן פֿון
די קינדער פֿון זייער פֿאָלק; די שאַנד פֿון זיין שוועסטער האָט
ער אַנטפּלעקט, זאָל ער טראָגן זיין זינד. [18]און אַז אַ מאַן וועט
ליגן מיט אַ פֿרוי אין איר קראַנקשאַפֿט, און וועט אַנטפּלעקן
איר שאַנד—ער האָט אַנטבלייזט איר קוואַל, און זי האָט
אַנטפּלעקט דעם קוואַל פֿון איר בלוט, זאָלן זיי ביידע פֿאַרשניטן
ווערן פֿון צווישן זייער פֿאָלק. [19]און די שאַנד פֿון דיין מוטערס
שוועסטער, אָדער פֿון דיין פֿאָטערס שוועסטער, זאָלסטו ניט
אַנטפּלעקן; וואָרום זיין לייבנאָנטע אַנטבלייזט ער; זיי זאָלן
טראָגן זייער זינד. [20]און אַז אַ מאַן וועט ליגן מיט זיין מומען,
האָט ער די שאַנד פֿון זיין פֿעטער אַנטפּלעקט; זיי זאָלן טראָגן
זייער זינד; אָן קינדער זאָלן זיי שטאַרבן. [21]און אַז אַ מאַן וועט
נעמען זיין ברודערס ווייב, איז דאָס אַן אומריינקייט; די שאַנד
פֿון זיין ברודער האָט ער אַנטפּלעקט; אָן קינדער זאָלן זיי
בלייבן.

[22]און איר זאָלט היטן אַלע מיינע חוקים, און אַלע מיינע
געזעצן, און זיי טאָן, כּדי דאָס לאַנד וואָס איך ברענג אייך אַהין,
זיך צו באַזעצן דרינען, זאָל אייך ניט אַרויסשפּייען. [23]און איר
זאָלט ניט גיין אין די איינפֿירן פֿון דעם פֿאָלק וואָס איך פֿאַר־
טרייב פֿון פֿאַר אייך; וואָרום דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן, און איך
האָב מיך פֿאַרעקלט מיט זיי. [24]און איך האָב געזאָגט צו אייך:
איר וועט אַרבן זייער ערד, און איך וועל זי אייך געבן זי צו
אַרבן—אַ לאַנד וואָס פֿליסט מיט מילך און האָניק. איך
בין יהוה אייער גאָט וואָס האָב אייך אָפּגעשיידט פֿון די אומות.
[25]דרום זאָלט איר אָפּשיידן צווישן דער ריינער בהמה און דער
אומריינער, און צווישן דעם אומריינעם פֿויגל און דעם ריינעם,
און איר זאָלט ניט פֿאַראומווערדיקן אייער זעל מיט אַ בהמה,
אָדער מיט אַ פֿויגל, אָדער מיט וואָס נאָר די ערד ווידמענט,

וואָס איך האָב אָפּגעשיידט צו מאַכן אומריין פאַר אײַך. [26]און
איר זאָלט מיר זיין הייליק, וואָרום איך יהוה בין הייליק, און
איך האָב אײַך אָפּגעשיידט פון די אומות, צו געהערן צו מיר.
[27]און אַ מאַן אָדער אַ פרוי, אַז זיי וועלן זיך פאַרנעמען
מיט אַ גייסט אָדער אַ רוח, זאָלן זיי טייטן געטייט ווערן; מיט
שטיינער זאָל מען זיי פאַרוואַרפן; זייער בלוט אויף זיי!

## אֱמוֹר

כא [1]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: רעד צו די כּהנים, די
זין פון אַהרנען, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
קיינער זאָל זיך ניט פאַראומרייניקן אָן אַ טויטן צווישן זיין
פאָלק; [2]סיידן אָן זיינעם אַ לייב־קרוב וואָס איז נאָנט צו אים,
אָן זיין מוטער, און אָן זיין פאָטער, און אָן זיין זון, און אָן זיין
טאָכטער, און אָן זיין ברודער; [3]און אָן זיין שוועסטער אַ יונג־
פרוי, וואָס איז נאָנט צו אים, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט אַ מאַן—
אָן איר מעג ער זיך פאַראומרייניקן. [4]דער האַר צווישן זיין
פאָלק טאָר זיך ניט פאַראומרייניקן זיך צו פאַרשוועכן. [5]זיי
זאָלן ניט מאַכן אַ פּליך אויף זייער קאָפּ, און די ברעגן פון זייער
באָרד זאָלן זיי ניט אָפּגאָלן, און אויף זייער לייב זאָלן זיי ניט
אײַנשניידן אַן אײַנשניידונג. [6]הייליק זאָלן זיי זיין צו זייער גאָט,
און זיי זאָלן ניט פאַרשוועכן דעם נאָמען פון זייער גאָט,
וואָרום די פייעראָפּפער פון יהוה, די שפּייז פון זייער גאָט, זיינען
זיי מקריב, דרום מוזן זיי זיין הייליק. [7]אַ ווייב אַ זונה אָדער
אַ פאַרשוועכטע זאָלן זיי ניט נעמען, און אַ ווייב געטריבן פון איר
מאַן זאָלן זיי ניט נעמען; וואָרום ער איז הייליק צו זיין גאָט.
[8]און זאָלסט אים האַלטן הייליק, וואָרום די שפּייז פון דיין גאָט
איז ער מקריב; הייליק זאָל ער דיר זיין, וואָרום הייליק בין
איך יהוה, וואָס הייליק אײַך.

[9]און די טאָכטער פֿון אַ מאַן אַ כֹּהן, אַז זי וועט זיך פֿאַר־
שוועכן מזנה צו זיין, פֿאַרשוועכט זי איר פֿאָטער; אין פֿייער
זאָל זי פֿאַרבּרענט ווערן.
[10]און דער כֹּהן וואָס איז דער גרעסטער פֿון זיינע בּרידער,
וואָס אויף זיין קאָפּ איז אַרויפֿגעגאָסן געוואָרן דאָס אייל פֿון
זאַלבּונג, און מע האָט דערפֿילט זיין האַנט אָנצוטאָן די קליידער,
זאָל ניט לאָזן פֿאַרוואַקסן זיין קאָפּ, און ניט אַיינרייסן זיינע
קליידער; [11]און צו קיין לייב פֿון אַ מת זאָל ער ניט צוגיין;
אַפֿילו אָן זיין פֿאָטער און אָן זיין מוטער זאָל ער זיך ניט
פֿאַראומרייניקן. [12]און פֿון הייליקטום זאָל ער ניט אַרויסגיין,
און ניט פֿאַרשוועכן דאָס הייליקטום פֿון זיין גאָט, וואָרום די
קרוין פֿון דעם אייל פֿון גאָטס זאַלבּונג איז אויף אים: איך בּין
יהוה. [13]און אַ ווייב אין איר יונגפֿרוישאַפֿט זאָל ער נעמען.
[14]אַן אַלמנה, אָדער אַ גרושה, אָדער אַ פֿאַרשוועכטע, אַ זונה,
דידאָזיקע זאָל ער ניט נעמען; נאָר בּלויז אַ יונגפֿרוי פֿון זיין
פֿאָלק זאָל ער נעמען פֿאַר אַ ווייב. [15]און ער זאָל ניט פֿאַר־
שוועכן זיין זאָמען צווישן זיין פֿאָלק, וואָרום איך יהוה הייליק
אים.

[16]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [17]רעד צו
אַהרֹנען, אַזוי צו זאָגן:

איטלעכער פֿון דיין זאָמען אויף זייערע דור־דורות, וואָס
אין אים וועט זיין אַ מום, זאָל ניט גענענען מקריב צו זיין די
שפּייז פֿון זיין גאָט. [18]וואָרום איטלעכער מאַן וואָס אין אים
איז דאָ אַ מום, טאָר ניט גענענען: אַ מאַן אַ בּלינדער, אָדער אַ
הינקעדיקער, אָדער מיט אַן איינגעפֿאַלענער נאָז, אָדער מיט
איין גליד צו לאַנג, [19]אָדער אַ מאַן וואָס בּיי אים וועט זיין צע־
בּראָכן אַ פֿוס, אָדער צעבּראָכן אַ האַנט, [20]אָדער אַ הויקער,
אָדער אַ קאַרליק, אָדער מיט אַ בּעלם אויף זיין אויג, אָדער מיט

טרוקענע קרעץ, אָדער פייכטע קרעץ, אָדער אַ געבריכטער.
[21]איטלאַכער מאַן פון דעם זאָמען פון אַהרן דעם כּהן, וואָס
אין אים איז דאָ אַ מום, זאָל ניט גענענען מקריב צו זיין די
פייעראָפּפער פון גאָט; אַ מום איז דאָ אין אים, טאָר ער ניט
גענענען מקריב צו זיין די שפּייז פון זיין גאָט. [22]די שפּייז פון
זיין גאָט, פון די הייליקסטן הייליקן אַזוי ווי פון הייליקן, מעג ער
עסן. [23]אָבער צום פּרוֹכֶת טאָר ער ניט קומען, און צום מזבח
טאָר ער ניט גענענען, ווייל אַ מום איז דאָ אין אים; און ער זאָל
ניט פאַרשוועכן מיינע הייליקייטן, וואָרום איך יהוה הייליק זיי.
[24]און משה האָט דאָס גערעדט צו אַהרנען, און צו זיינע
זין, און צו אַלע קינדער פון ישׂראל.

כב [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד
צו אַהרנען און צו זיינע זין, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן אָפּ־
געשיידט פון די הייליקע זאַכן פון די קינדער פון ישׂראל, וואָס
זיי הייליקן צו מיר, און זיי זאָלן ניט פאַרשוועכן מיין הייליקן
נאָמען: איך בין יהוה. [3]זאָג צו זיי:
איטלאַכער מאַן פון אַל אייער זאָמען אויף אייערע דור־
דורות וואָס וועט גענענען צו די הייליקע זאַכן, וואָס די קינדער
פון ישׂראל וועלן הייליקן צו גאָט, מיט זיין אומריינקייט אויף
אים, יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון פאַר מיר: איך בין
יהוה. [4]יעטוועדער מאַן פון דעם זאָמען פון אַהרן וואָס איז
אַ מצורע אָדער אַ פלוסיקער, טאָר פון די הייליקע זאַכן ניט
עסן, ביז ער וועט ריין ווערן. און דער וואָס רירט זיך אָן אָן
עמיצן וואָס איז אומריין פון אַ טויטן; אָדער אַ מאַן וואָס פון אים
וועט אַרויסגיין אַ פלוס פון זאָמען; [5]אָדער אַ מאַן וואָס וועט
זיך אָנרירן אָן וואָסער עס איז שרץ וואָס מע ווערט פון אים
אומריין, אָדער אָן אַ מענטשן וואָס מע ווערט פון אים אומריין,
וואָס נאָר זיין אומריינקייט איז—[6]דער מענטש וואָס וועט זיך

אָנרירן אָן זיי, זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט, און ער זאָל ניט
עסן פון די הייליקע זאַכן, סיידן ער האָט געבאָדן זיין לייב אין
וואַסער. [7]און אַז די זון וועט אונטערגיין, זאָל ער זיין ריין, און
דערנאָך מעג ער עסן פון די הייליקע זאַכן, וואָרום דאָס איז
זיין ברויט. [8]געפאַלנס און פאַרצוקטס זאָל ער ניט עסן, צו
ווערן אומריין דערמיט: איך בין יהוה. [9]און זיי זאָלן היטן
מיין היטונג, כּדי זיי זאָלן ניט טראָגן וועגן דעם אַ זינד און
שטאַרבן דורך דעם, אַז זיי וועלן עס פאַרשוועכן: איך יהוה
הייליק זיי. [10]און קיין פרעמדער טאָר ניט עסן הייליקס; אַ
וווינער ביי אַ כּהן, אָדער אַ געדונגענער, טאָר ניט עסן הייליקס.
[11]און אַז אַ כּהן וועט קויפן עמיצן אין אַיינקויף פאַר זיין געלט,
מעג ער עסן דערפון; און די וואָס זיינען געבאָרן אין זיין
הויז, זיי מעגן עסן פון זיין ברויט. [12]און די טאָכטער פון אַ כּהן
אַז זי וועט נעמען אַ מאַן אַ פרעמדן, טאָר זי פון דער הייליקער
אָפּשיידונג ניט עסן. [13]אָבער די טאָכטער פון אַ כּהן, אַז זי וועט
ווערן אַן אַלמנה, אָדער אַ גרושה, און קיין קינדער האָט זי ניט,
און זי וועט זיך אומקערן צו איר פאָטערס הויז אַזוי ווי אין איר
יוגנט, מעג זי עסן פון איר פאָטערס ברויט; אָבער קיין פרעמדער
טאָר דערפון ניט עסן. [14]און אַז עמיצער וועט עסן הייליקס
דורך אַ פאַרזע, זאָל ער צולייגן דערצו אַ פינפטל דערפון, און
אָפּצאָלן דאָס הייליקע צום כּהן. [15]און זיי זאָלן ניט פאַרשוועכן
די הייליקע זאַכן פון די קינדער פון ישׂראל, וואָס זיי שיידן אָפּ
צו גאָט, [16]און זיי מאַכן טראָגן אַ זינד פון פאַרשולדיקונג, אַז זיי
וועלן עסן זייערע הייליקע זאַכן; וואָרום איך יהוה הייליק זיי.

[17]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [18]רעד צו
אַהרנען און צו זיינע זין, און צו אַלע קינדער פון ישׂראל, און
זאָלסט זאָגן צו זיי:

אַז עמיצער אַ מאַן פון דעם הויז פון ישׂראל, אָדער פון

דעם פרעמדן אין ישׂראל, וועט ברענגען זיין קרבן, פון אַלע
זייערע נדרים, אָדער פון אַלע זייערע פרייוויליקע גאָבן, וואָס
זיי וועלן ברענגען צו גאָט פאַר אַ בראַנדאָפּפער, 19כּדי איר
זאָלט באַוויליקט ווערן, מוז עס זיין אַ זָכר אָן אַ פעלער, פון
רינדער, פון שעפּסן, אָדער פון ציגן. 20קיינס וואָס אין אים
איז דאָ אַ מום זאָלט איר ניט ברענגען, וואָרום עס וועט אַייך
ניט זיין צו באַוויליקונג. 21און אַז אַ מאַן וועט ברענגען אַ פריד־
אָפּפער צו גאָט, לויט אַ קלאָר אַרויסגערעדטן נדר, אָדער
פאַר אַ פרייוויליקער גאָב, פון רינדער, אָדער פון שאָף, מוז
עס זיין ניט געפעלערט, כּדי באַוויליקט צו ווערן; קיין מום זאָל
אין אים ניט זיין. 22אַ בלינדס, אָדער אַ געשעדיקטס, אָדער
אַ פאַרקריפּלטס, אָדער מיט אַ גוז, אָדער מיט טרוקענע קרעץ,
אָדער פייכטע קרעץ–דידאָזיקע זאָלט איר ניט ברענגען צו
גאָט, און ניט מאַכן פון זיי אַ פייעראָפּפער אויפן מזבח צו גאָט.
23און אַן אָקס אָדער אַ לאַם מיט איין גליד צו לאַנג אָדער צו
קורץ, דאָס מעגסטו מאַכן אַ פרייוויליקע גאָב, אָבער פאַר אַ נדר
וועט עס ניט באַוויליקט ווערן. 24און אַזאַ וואָס זיינע געשלעכט־
גלידער זיינען צעדריקט, אָדער צעהאַקט, אָדער אָנגעריסן,
אָדער אויסגעשניטן, זאָלט איר ניט ברענגען צו גאָט; און איר
זאָלט אין אַייער לאַנד ניט מאַכן אַזוי־וואָס. 25אַפילו פון דער
האַנט פון אַ פרעמדן זאָלט איר ניט ברענגען די שפּייז פון אַייער
גאָט פון אַלע דידאָזיקע, וואָרום זייער פאַרדאַרבונג איז אין
זיי, אַ מום איז אין זיי; זיי וועלן ניט באַוויליקט ווערן פון אַייך.

26און גאָט האָט גערעדט צו משֹהן, אַזוי צו זאָגן:
27אַ רינד, אָדער אַ שעפּס, אָדער אַ ציג, אַז עס וועט
געבאָרן ווערן, זאָל עס זיבן טעג זיין אונטער זיין מוטער, און פון
אַכטן טאָג אָן און ווייטער וועט עס באַוויליקט ווערן פאַר אַ
קרבן, אַ פייעראָפּפער צו גאָט. 28און אַ רינד צי אַ שאָף, זאָלט

איר עס ניט שעכטן אין איין טאָג מיט זיין קינד. [29]און אַז איר
וועט שלאַכטן אַ דאַנקאָפּפער צו גאָט, זאָלט איר עס שלאַכטן
אַז איר זאָלט באַוויליקט ווערן. [30]אין דעם אייגענעם טאָג זאָל
עס געגעסן ווערן; איר זאָלט ניט איבערלאָזן דערפון ביז אין
דער פרי: איך בין יהוה. [31]און איר זאָלט היטן מיינע געבאָט
און זיי טאָן: איך בין יהוה. [32]און איר זאָלט ניט פאַרשוועכן
מיין הייליקן נאָמען, כדי איך זאָל זיין געהייליקט צווישן די
קינדער פון ישׂראל: איך בין יהוה וואָס הייליקט אייך; [33]דער
וואָס האָט אייך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, אייך צו זיין
צום גאָט: איך בין יהוה.

כג [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:

די יָום־טובים פון גאָט וואָס איר זאָלט זיי אויסרופן פאַר
הייליקע צונויפרופונגען—דאָס זיינען מיינע יָום־טובים: [3]זעקס
טעג זאָל געטאָן ווערן אַרבעט, אָבער אויפן זיבעטן טאָג איז
אַ שבת פון רואונג, אַ הייליקע צונויפרופונג; קיין אַרבעט זאָלט
איר ניט טאָן; דאָס איז שבת צו גאָט אין אַלע אייערע וווינערטער.

[4]דאָס זיינען די יָום־טובים פון גאָט, די הייליקע צונויפ־
רופונגען, וואָס איר זאָלט זיי אויסרופן אין זייער געשטעלטער
צייט. [5]אין ערשטן חודש, אין פערצנטן טאָג פון חודש, אַקעגן
אָוונט, איז דער קָרבן־פֶּסח צו גאָט. [6]און אויפן פופצנטן טאָג
פון דעמדאָזיקן חודש, איז דער יָום־טוב פון מצות צו גאָט; זיבן
טעג זאָלט איר עסן מצות. [7]אין ערשטן טאָג זאָל אַ הייליקע
צונויפרופונג זיין ביי אייך; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט
טאָן. [8]און איר זאָלט ברענגען אַ פייעראָפּפער צו גאָט זיבן
טעג; אויפן זיבעטן טאָג איז אַ הייליקע צונויפרופונג; קיין
דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן.

[9]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [10]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד וואָס איך גיב אייַך, און
איר וועט שניידן איר שניט, זאָלט איר ברענגען אַ גאַרב פון
אייַער ערשטן שניט צום כּהן. [11]און ער זאָל אויפהייבן די גאַרב
פאַר גאָט, כּדי איר זאָלט באַוויליקט ווערן; אויף מאָרגן נאָך
דעם רוטאָגª זאָל זי דער כּהן אויפהייבן. [12]און איר זאָלט
מאַכן, אין דעם טאָג וואָס איר הייבט אויף די גאַרב, אַ שעפּס אָן
אַ פעלער אַ יאָריקן, פאַר אַ בראַנדאָפּפער צו גאָט; [13]און אַ
שפּייזאָפּפער דערצו, צוויי צענטל זעמלמעל פאַרמישט מיט
אייל, אַ פייעראָפּפער צו גאָט פאַר אַ געשמאַקן ריח; און אַ גיס־
אָפּפער דערצו, ווייַן אַ פערטל הין. [14]און ברויט, און גע־
ברענטע קערנער, און פרישע זאַנגען, זאָלט איר ניט עסן ביז
דעמדאָזיקן אייגענעם טאָג, ביז איר ברענגט דעם קרבן פון
אייַער גאָט; אַן אייביק געזעץ אויף אייַערע דור־דורות אין אַלע
אייַערע וווינערטער.
[15]און איר זאָלט אייַך ציילן פון אויף מאָרגן נאָך דעם רו־
טאָגª, פון דעם טאָג וואָס איר ברענגט די גאַרב פון אויפהייבונג;
זיבן גאַנצע וואָכן זאָלן עס זיין; [16]ביז אויף מאָרגן נאָך דער
זיבעטער וואָך זאָלט איר אָפּציילן פופציק טעג, און ברענגען
אַ שפּייזאָפּפער פון דער נייַער תּבֿואה צו גאָט. [17]איר זאָלט
ברענגען פון אייַערע וווינערטער צוויי ברויטן פאַר אַן אויפ־
הייבונג; פון צוויי צענטל זעמלמעל זאָלן זיי זיין, געזייערט זאָלן
זיי געבאַקט ווערן, אַן ערשטגאָב צו גאָט. [18]און איר זאָלט
ברענגען מיטן ברויט זיבן שעפּסן יאָריקע אָן אַ פעלער,
און איין יונגן אָקס, און צוויי ווידערס; זיי זאָלן זיין אַ בראַנד־
אָפּפער צו גאָט, מיט זייערע שפּייזאָפּפער און זייערע גיס־
אָפּפער—אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [19]און

ª אין טעקסט: הַשַּׁבָּת. לויט דעם טראַדיציאָנעלן אויסטייַטש מיינט דאָס דעם ערשטן טאָג פּסח.

איר זאָלט מאַכן איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפּפער, און צוויי
שעפּסן יאָריקע פאַר אַ פרידאָפּפער. [20]און דער כּהן זאָל
זיי אויפהייבן מיט דעם ברויט פון דעם ערשטצייטיקן, אַן אויפ־
הייבונג פאַר גאָט, מיט די צוויי שעפּסן; הייליק זאָלן זיי זיין צו
גאָט, פאַרן כּהן. [21]און איר זאָלט מאַכן אַן אויסרופונג אין דעמ־
דאָזיקן אייגענעם טאָג; אַ הייליקע צונויפרופונג זאָל זיין בײַ
אײַך; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן. אַן אייביק געזעץ
אין אַלע אײַערע וווינערטער אויף אײַערע דור־דורות.

[22]און אַז איר שניידט דעם שניט פון אײַער לאַנד, זאָלסטו
ניט דערענדיקן דעם עק פון דיין פעלד בײַ דיין שניידן, און
דעם נאָכקלייב פון דיין שניט זאָלסטו ניט נאָכקלייבן; פאַרן
אָרעמאַן און פאַרן פרעמדן זאָלסטו זיי איבערלאָזן: איך בין
יהוה אײַער גאָט.

[23]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [24]רעד צו
די קינדער פון ישראל, אַזוי צו זאָגן:

אין זיבעטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, זאָל זיין בײַ
אײַך אַ רואונג, אַ דערמאָנונג דורך שאַלונג, אַ הייליקע צונויפ־
רופונג. [25]קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, און איר זאָלט
ברענגען אַ פייעראָפּפער צו גאָט.

[26]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן:

[27]אָבער אין צענטן טאָג פון דעמדאָזיקן זיבעטן חודש איז
דער טאָג פון פאַרגעבונג; אַ הייליקע צונויפרופונג זאָל זיין בײַ
אײַך, און איר זאָלט פּייניקן אײַער זעל, און ברענגען אַ פייער־
אָפּפער צו גאָט. [28]און קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן אין
דעמדאָזיקן אייגענעם טאָג, ווייל אַ טאָג פון פאַרגעבונג איז דאָס,
מכפּר צו זיין אויף אײַך פאַר גאָט אײַער האַר. [29]וואָרום
יעטוועדער זעל וואָס וועט זיך ניט פּייניקן אין דעמדאָזיקן
אייגענעם טאָג, זאָל פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק. [30]און

יעטוועדער מענטש וואָס וועט טאָן עפּעס אַן אַרבעט אין דעם־
דאָזיקן אייגענעם טאָג, יענע זעל וועל איך אונטערברענגען
פון צווישן איר פאָלק. [31]קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן; אַן
אייביק געזעץ אויף אײַערע דור־דורות אין אַלע אײַערע
וווינערטער. [32]אַ שבת פון רואונג איז עס פאַר אײַך; און איר
זאָלט פּייניקן אײַער זעל; אין נײַנטן טאָג פון חודש אין אָוונט,
פון אָוונט ביז אָוונט, זאָלט איר האַלטן אײַער שבת.
[33]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [34]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:
אין פופצנטן טאָג פון דעמדאָזיקן זיבעטן חודש איז דער
יום־טוב פון סוכּות זיבן טעג צו גאָט. [35]אין ערשטן טאָג איז אַ
הייליקע צונויפרופונג; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן.
[36]זיבן טעג זאָלט איר ברענגען אַ פײַעראָפּפער צו גאָט; אויפן
אַכטן טאָג זאָל אַ הייליקע צונויפרופונג זײַן בײַ אײַך, און איר
זאָלט ברענגען אַ פײַעראָפּפער צו גאָט; אַ הייליקע אײַנזאַמלונג
איז דאָס; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן.
[37]דאָס זײַנען די יום־טובים פון גאָט, וואָס איר זאָלט זיי
אויסרופן פאַר הייליקע צונויפרופונגען, צו ברענגען אַ פײַער־
אָפּפער צו גאָט, אַ בראַנדאָפּפער, און אַ שפּייזאָפּפער, אַ
שלאַכטאָפּפער, און גיסאָפּפער; וואָס פאַר איטלאַכן טאָג, אין
זײַן טאָג. [38]אַחוץ די שבתים פון גאָט, און אַחוץ אײַערע גאָבן,
און אַחוץ אַלע אײַערע נדרים, און אַחוץ אַלע אײַערע פרײַ־
ווילִיקע קרבּנות, וואָס איר וועט געבן צו גאָט.
[39]אָבער אין דעם פופצנטן טאָג פון זיבעטן חודש, ווען
איר זאַמלט אײַן דעם אײַנטראָג פון לאַנד, זאָלט איר פײַערן
דעם פײַערטאָג פון גאָט זיבן טעג; אין ערשטן טאָג זאָל זײַן
אַ רואונג, און אויפן אַכטן טאָג אַ רואונג. [40]און איר זאָלט
אײַך נעמען אין ערשטן טאָג פרוכט פון אַ שיינעם בוים,

טייטלבלעטער, און צווייגן פֿון אַ געדיכטן בוים, און ווערבעס
פֿון טײַך, און איר זאָלט זיך פֿרייען פֿאַר גאָט אײַער האַר זיבן
טעג. [41]און איר זאָלט עס פֿייערן אַ פֿײַערטאָג צו גאָט זיבן טעג
אין יאָר; אַן אײביק געזעץ אויף אײַערע דור־דורות; אין זיבעטן
חודש זאָלט איר עס פֿייערן. [42]אין סוכּות זאָלט איר זיצן זיבן
טעג; אַלע אײַנגעבאָרענע אין ישׂראל זאָלן זיצן אין סוכּות.
[43]כּדי אײַערע דור־דורות זאָלן וויסן, אַז אין ביידלאַך האָב איך
געמאַכט זיצן די קינדער פֿון ישׂראל, ווען איך האָב זיי אַרויס־
געצויגן פֿון לאַנד מִצרַיִם: איך בין יהוה אײַער גאָט.

[44]און משה האָט אָנגעזאָגט די קינדער פֿון ישׂראל די יָום־
טובֿים פֿון גאָט.

כד [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפֿעל
די קינדער פֿון ישׂראל, זיי זאָלן דיר ברענגען ריינע
געשלאָגענע בוימל פֿאַר דער לײַכטונג, אויף אָנצוצינדן אַ ליכט
תּמיד. [3]דרויסן פֿון דעם פָּרוֹכֶת פֿון געזעץ אין אוהל־מועד
זאָל עס אַהרן צוריכטן אויף פֿון אָוונט ביז אין דער פֿרי פֿאַר
גאָט תּמיד; אַן אײביק געזעץ אויף אײַערע דור־דורות. [4]אין
דער ריינער מנורה זאָל ער צוריכטן די רערלאַך פֿאַר גאָט
תּמיד.

[5]און זאָלסט נעמען זעמלמעל, און אויסבאַקן דערפֿון
צוועלף חלות; פֿון צוויי צענטל זאָל זײַן יעטוועדער חלה. [6]און
זאָלסט זיי לייגן אין צוויי רייען, זעקס אין אַ ריי, אויפֿן ריינעם
טיש פֿאַר גאָט. [7]און זאָלסט אַרויפֿטאָן אויף איטלאַכער ריי
לויטערן ווײַרויך, כּדי עס זאָל זײַן צו דעם ברויט פֿאַר אַ
דערמאָנונגא, אַ פֿײַעראָפּפֿער צו גאָט. [8]שבת אין שבת זאָל ער
עס אויסלייגן פֿאַר גאָט תּמיד; פֿון די קינדער פֿון ישׂראל אַן
אײביקער בונד. [9]און עס זאָל געהערן צו אַהרנען און צו זײַנע

א זע ב, 2.

קינדער, און זיי זאָלן עס עסן אין אַ הייליקן אָרט, וואָרום אַ הייליקסטע הייליקייט איז דאָס, וואָס געהערט צו אים פון די פייעראָפּפער פון גאָט; אַן אייביק רעכט.

[10]און דער זון פון אַ פרוי פון ישׂראל, וואָס איז געווען דער זון פון אַ מאַן אַ מִצרי, איז אַרויסגעגאַנגען צווישן די קינדער פון ישׂראל; און דער זון פון דער פרוי פון ישׂראל און אַ מאַן פון ישׂראל האָבן זיך געקריגט אין לאַגער. [11]און דער זון פון דער פרוי פון ישׂראל האָט געלעסטערט דעם נאָמען*, און געשאָלטן, און מע האָט אים געבראַכט צו משהן. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען שלומית, די טאָכטער פון דברין, פון שבט דָן. [12]און מע האָט אים אַריינגעזעצט אין וואַך, ביז מע וועט זיי באַשיידן לויט דעם מויל פון גאָט.

[13]האָט גאָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [14]פיר אַרויס דעם וואָס האָט געשאָלטן, אויסן לאַגער, און אַלע וואָס האָבן געהערט זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויף זיין קאָפּ, און די גאַנצע עדה זאָל אים פאַרשטיינען. [15]און צו די קינדער פון ישׂראל זאָלסטו רעדן, אַזוי צו זאָגן: יעטוועדער מאַן וואָס וועט שילטן זיין גאָט, זאָל טראָגן זיין זינד. [16]און דער וואָס לעסטערט דעם נאָמען פון יהוה, זאָל טייטן געטייט ווערן; פאַרשטיינען זאָל אים פאַרשטיינען די גאַנצע עדה; ווי דער פרעמדער אַזוי דער איינגעבאָרענער, אַז ער לעסטערט דעם נאָמען, זאָל ער געטייט ווערן.

[17]און אַז אַ מאַן וועט דערשלאָגן עמיצן אַ מענטשן צום טויט, זאָל ער טייטן געטייט ווערן. [18]און דער וואָס דער־שלאָגט אַ בהמה צום טויט, זאָל זי אָפּצאָלן; אַ לעבן פאַר אַ לעבן. [19]און אַז אַ מאַן וועט מאַכן זיין חבר אַ מום, זאָל געטאָן ווערן צו אים אַזוי ווי ער האָט געטאָן: [20]אַ בראָך פאַר אַ בראָך, אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן; אַזוי ווי דער מום וואָס

* דעם נאָמען פון גאָט.

ער וועט מאַכן דעם מענטשן, אַזוי זאָל געמאַכט ווערן צו אים.
21 יאָ, דער וואָס דערשלאָגט אַ בהמה מוז זי אָפּצאָלן; און דער
וואָס דערשלאָגט אַ מענטשן מוז געטייט ווערן. 22 איין געזעץ
זאָל זיין ביי אײַך, ווי דער פרעמדער אַזוי זאָל זיין דער אײַנ־
געבאָרענער, וואָרום איך בין יהוה אײַער גאָט.
23 און משה האָט גערעדט צו די קינדער פון ישׂראל, און
זיי האָבן אַרויסגעפירט דעם וואָס האָט געשאָלטן אויסן לאַגער,
און האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער; און די קינדער פון
ישׂראל האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.

## בְּהַר

כה 1 און גאָט האָט גערעדט צו משהן אויפן באַרג סיני, אַזוי
צו זאָגן: 2 רעד צו די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט
זאָגן צו זיי:
אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד וואָס איך גיב אײַך, זאָל
דאָס לאַנד האַלטן אַ שבת צו גאָט. 3 זעקס יאָר זאָלסטו פאַר־
זייען דיין פעלד, און זעקס יאָר זאָלסטו אַרומשניידן דיין ווייַנ־
גאָרטן, און אײַנזאַמלען דעם אײַנטראָג דערפון. 4 אָבער אויפן
זיבעטן יאָר זאָל זיין אַ שבת פון רואונג פאַרן לאַנד, אַ שבת צו
גאָט; דיין פעלד זאָלסטו ניט פאַרזייען, און דיין ווייַנגאָרטן
זאָלסטו ניט אַרומשניידן. 5 דעם נאָכוואוקס פון דיין שניט זאָלסטו
ניט שניידן, און די טרויבן פון דיינע ניט באַשניטענע ווייַנשטאָקן
זאָלסטו ניט האַרבסטן; אַ יאָר פון רואונג זאָל עס זיין פאַרן
לאַנד. 6 און די שבת־פרוכט פון לאַנד זאָל זיין פאַר אײַך צום
עסן: פאַר דיר, און פאַר דיין קנעכט, און פאַר דיין דינסט,
און פאַר דיין געדונגענעם, און פאַר דיין אײַנגעוואַנדערטן, וואָס
האַלט זיך אויף ביי דיר; 7 און פאַר דיין בהמה, און פאַר דער

חיה וואָס אין דײַן לאַנד, זאָל זײַן איר גאַנצער אײַנטראָג צום
עסן.

[8]און זאָלסט דיר אָפּצײלן זיבן שבתים יאָרן, זיבן מאָל זיבן
יאָר; און די טעג פֿון די זיבן שבתים יאָרן װעלן דיר זײַן נײַן און
פֿערציק יאָר. [9]דענסמאָל זאָלסטו אַרויסלאָזן אַ שאַלונג פֿון
שופֿר; אין זיבעטן חודש, אין צענטן טאָג פֿון חודש, אום יום־
כּפּור, זאָלט איר אַרויסלאָזן אַ שופֿר אין אײַער גאַנצן לאַנד.
[10]און איר זאָלט הײליקן דאָס פֿופֿציקסטע יאָר, און אויסרופֿן
אַ פֿרײַלאָזונג אין לאַנד פֿאַר אַלע אירע באַװױנער; יובל זאָל
עס אײַך זײַן; און איר זאָלט אַײך אומקערן איטלאַכער צו זײַן
אײגנטום, און איטלאַכער צו זײַן משפּחה זאָלט איר אײַך אומ־
קערן. [11]יובל זאָל דאָס פֿופֿציקסטע יאָר אײַך זײַן; איר זאָלט
ניט זײען, און ניט שנײַדן זײַנע נאָכװוּקסן, און ניט האַרבסטן
זײַנע ניט באַשניטענע װײַנשטאָקן. [12]װאָרום יובל איז דאָס;
הײליק זאָל עס אײַך זײַן; פֿון פֿעלד אַראָפּ זאָלט איר עסן זײַן
תּבֿואה. [13]אין דעמדאָזיקן יאָר פֿון יובל זאָלט איר אײַך אומקערן
איטלאַכער צו זײַן אײגנטום. [14]און אַז איר װעט פֿאַרקױפֿן
אַ פֿאַרקױפֿונג צו דײַן חבֿר, אָדער קױפֿן פֿון דער האַנט פֿון
דײַן חבֿר, זאָלט איר ניט נאַרן אײנער דעם אַנדערן. [15]לױט
דער צאָל פֿון די יאָרן נאָכן יובל זאָלסטו קױפֿן פֿון דײַן חבֿר;
לױט דער צאָל פֿון תּבֿואה־יאָרן זאָל ער דיר פֿאַרקױפֿן.
[16]לױט דער מערקײט פֿון די יאָרן זאָלסטו מערן דעם מקח
דערפֿון, און לױט דער מינערקײט פֿון די יאָרן זאָלסטו מינערן
דעם מקח דערפֿון; װאָרום די צאָל פֿון תּבֿואות פֿאַרקױפֿט
ער דיר. [17]און איר זאָלט ניט נאַרן אײנער דעם אַנדערן,
און זאָלסט מורא האָבן פֿאַר דײַן גאָט, װאָרום איך בין יהוה
אײַער גאָט. [18]און איר זאָלט טאָן מײַנע חוקים, און היטן מײַנע
געזעצן, און זײ טאָן, כּדי איר זאָלט זיצן אויף אײַער לאַנד

אין זיכערקייט. [19]און דאָס לאַנד וועט געבן איר פּרוכט, און
איר וועט עסן צו זאַט, און וועט זיצן אין זיכערקייט דערויף.
[20]און אַז איר וועט זאָגן: וואָס וועלן מיר עסן אין זיבעטן יאָר?
מיר וועלן דאָך ניט זייען, און ניט איינזאַמלען אונדזער תּבואה?
[21]וועל איך באַפעלן מיין ברכה אויף אייך אין דעם זעקסטן
יאָר, און עס וועט ברענגען תּבואה פאַר דריי יאָר. [22]און אַז
איר וועט זייען אויפן אַכטן יאָר, וועט איר עסן פון דער תּבואה,
דאָס אַלטע; ביזן ניינטן יאָר, ביז עס קומט זיין תּבואה, וועט איר
עסן דאָס אַלטע. [23]און די ערד זאָל ניט פאַרקויפט ווערן אויף
אייביק, וואָרום צו מיר געהערט די ערד; וואָרום פרעמדע
און איינגעוואַנדערטע זייט איר ביי מיר. [24]און אין דעם גאַנצן
לאַנד פון אייער אייגנטום זאָלט איר געבן דער ערד אַן אויס-
לייזונג.

[25]אַז דיין ברודער וועט אָרעם ווערן, און וועט פאַרקויפן
פון זיין אייגנטום, זאָל קומען זיין קרוב[א] וואָס איז דער נעענטסטער
צו אים, און אויסלייזן דעם פאַרקויף פון זיין ברודער. [26]און
אַז אַ מאַן וועט ניט האָבן קיין אויסלייזער, אָבער זיין האַנט
וועט ווערן פאַרמעגלאַך, און ער וועט צונויפקריגן גענוג
עס אויסצולייזן, [27]זאָל ער באַרעכענען די יאָרן פון זיין פאַר-
קויפונג, און צוריקצאָלן דעם רעשט צו דעם מאַן וואָס ער
האָט צו אים פאַרקויפט; און ער זאָל זיך אומקערן צו זיין
אייגנטום. [28]אויב אָבער זיין האַנט קען ניט צונויפקריגן גענוג אים
צוריקצוצאָלן, זאָל זיין פאַרקויף בלייבן אין דער האַנט פון
דעם וואָס האָט עס געקויפט, ביז דעם יאָר פון יובל, און אום
יובל זאָל עס אַרויסגיין; און ער זאָל זיך אומקערן צו זיין
אייגנטום.

[29]און אַז אַ מאַן וועט פאַרקויפן אַ וווינהויז אין אַ שטאָט מיט
אַ מויער, זאָל זיין אויסלייזרעכט זיין ביז עס ענדיקט זיך דאָס

[א] אין טעקסט: גּאֹלוֹ, זיין גואל אָדער אויסלייזער.

יאָר פון זיין פאַרקויפונג; אַ יאָר זאָל זיין זיין אויסלייזרעכט.
[30]אויב אָבער עס וועט ניט אויסגעלייזט ווערן ביז עס ווערט
פול דערויף אַ גאַנץ יאָר, זאָל דאָס הויז וואָס אין דער שטאָט
וואָס האָט אַ מויער, בלייבן אויף אייביק ביי דעם וואָס האָט
עס געקויפט, אויף זיינע דור־דורות; עס זאָל ניט אַרויסגיין אום
יובל. [31]אָבער די הייזער פון די דערפער, וואָס האָבן ניט
קיין מויער רונד אַרום, זאָלן צוגערעכנט ווערן צום פעלד
פון לאַנד; זיי זאָלן האָבן אַן אויסלייזונג, און אום יובל זאָלן
זיי אַרויסגיין. [32]און די שטעט פון די לוִיִים, די הייזער פון די
שטעט פון זייער אייגנטום—די לוִיִים האָבן אַן אייביק אויסלייז־
רעכט. [33]און אַז מע וועט קויפן פון די לוִיִים, זאָל דאָס
פאַרקויפטע הויז אין דער שטאָט פון זיין אייגנטום אַרויסגיין אום
יובל, וואָרום די הייזער פון די שטעט פון די לוִיִים דאָס איז
זייער אייגנטום צווישן די קינדער פון ישׂראל. [34]אָבער דאָס
פעלד פון דעם פרייען פּלאַץ אַרום זייערע שטעט קען ניט
פאַרקויפט ווערן, וואָרום אַן אייביק אייגנטום איז דאָס זיי.

[35]און אַז דיין ברודער וועט אָרעם ווערן, און זיין האַנט
וועט זיין געפאַלן ביי דיר, זאָלסטו אים אויפהאַלטן ווי אַ
פרעמדן און איינגעוואַנדערטן, אַז ער זאָל קענען לעבן ביי
דיר. [36]זאָלסט ניט נעמען פון אים צינזן אָדער מערונג, און
זאָלסט מורא האָבן פאַר דיין גאָט; כּדי דיין ברודער זאָל
קענען לעבן ביי דיר. [37]זאָלסט אים ניט געבן דיין געלט אויף
צינזן, און דיין עסנוואַרג זאָלסטו ניט געבן אויף מערונג. [38]איך
בין יהוה אייער גאָט וואָס האָב אייך אַרויסגעצויגן פון לאַנד
מִצרַיִם, אייך צו געבן דאָס לאַנד כּנַעַן, אייך צו זיין צום גאָט.

[39]און אַז דיין ברודער וועט אָרעם ווערן ביי דיר, און וועט
זיך פאַרקויפן צו דיר, זאָלסטו ניט אַרבעטן מיט אים אַזוי
ווי מע אַרבעט מיט אַ קנעכט. [40]ווי אַ געדונגענער, ווי אַן

אײַנגעוואַנדערטער, זאָל ער זײַן בײַ דיר; ביז דעם יאָר פֿון יוֹבל זאָל ער דינען בײַ דיר. [41]דענסמאָל זאָל ער אַרויסגײן פֿון דיר, ער און זײַנע קינדער מיט אים, און ער זאָל זיך אומקערן צו זײַן משפּחה, און צו דעם אײגנטום פֿון זײַנע עלטערן זאָל ער זיך אומקערן. [42]וואָרום מײַנע קנעכט זײַנען זײ, וואָס איך האָב זײ אַרויסגעצויגן פֿון לאַנד מִצרַיִם; זײ טאָרן ניט פֿאַרקױפֿט װערן װי מע פֿאַרקױפֿט אַ קנעכט. [43]זאָלסט ניט געוועלטיקן איבער אים מיט האַרטיקײט, און זאָלסט מוֹרא האָבן פֿאַר דײַן גאָט. [44]און דײַן קנעכט און דײַן דינסט, וואָס וועלן זײַן בײַ דיר—פֿון די פֿעלקער וואָס אַרום אײַך, פֿון זײ זאָלט איר קױפֿן אַ קנעכט אָדער אַ דינסט. [45]און אויך פֿון די קינדער פֿון די אײַנגעוואַנדערטע וואָס האַלטן זיך אויף בײַ אײַך, פֿון זײ קענט איר קױפֿן, און פֿון זײערע משפּחות וואָס בײַ אײַך, וואָס זײ האָבן געבאָרן אין אײַער לאַנד; און זײ קענען אײַך װערן צום אײגנטום. [46]און איר קענט זײ לאָזן בירושה צו אײַערע קינדער נאָך אײַך, צו אַרבן פֿאַר אַן אײגנטום; אויף אײביק קענט איר אַרבעטן מיט זײ; אָבער איבער אײַערע ברידער, די קינדער פֿון ישׂראל, אײנער איבערן אַנדערן, זאָלט איר ניט געוועלטיקן מיט האַרטיקײט.

[47]און אַז די האַנט פֿון דעם פֿרעמדן אָדער דעם אײַנגעוואַנדערטן בײַ דיר וועט װערן פֿאַרמעגלאַך, און דײַן ברודער וועט אָרעם װערן לעבן אים, און וועט זיך פֿאַרקױפֿן צו דעם אײַנגעוואַנדערטן פֿרעמדן בײַ דיר, אָדער צו אַן אָפּשטאַם פֿון אַ פֿרעמדנס משפּחה, [48]קען ער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פֿאַרקױפֿט, האָבן אַן אױסלײזונג; אײנער פֿון זײַנע ברידער קען אים אױסלײזן; [49]אָדער זײַן פֿעטער, אָדער זײַן פֿעטערס זון קען אים אױסלײזן, אָדער עמיצער אַ לײַב־קָרוב פֿון זײַן משפּחה קען אים אױסלײזן; אָדער, אױב זײַן האַנט וועט

פאַרמעגלאַך, קען ער זיך אַליין אויסלייזן. 50און ער זאָל זיך
אויסרעכענען מיט זיין קויפער, פון דעם יאָר וואָס ער האָט זיך
פאַרקויפט צו אים ביז דעם יאָר פון יובל, און דאָס געלט פון
זיין פאַרקויפונג זאָל אויסגעוואָרפן ווערן לויט דער צאָל פון
יאָרן; אַזוי ווי די טעג פון אַ געדונגענעם זאָל זיין וואָס ער איז
אָפּגעווען ביי אים. 51סיי עס זיינען נאָך דאָ פיל יאָרן, זאָל ער
לויט זיי צוריקצאָלן פון זיין קויפגעלט פאַר זיין אויסלייזונג;
52און סיי עס זיינען געבליבן ווינציק יאָרן ביז דעם יאָר פון
יובל, זאָל ער זיך מיט אים אויסרעכענען; ווי נאָך זיינע
יאָרן זאָל ער צוריקצאָלן פאַר זיין אויסלייזונג. 53אַזוי ווי אַ
געדונגענער פון יאָר צו יאָר זאָל ער זיין ביי אים; ער זאָל ניט
געוועלטיקן איבער אים מיט האַרטיקייט פאַר דיינע אויגן. 54און
אויב ער וועט ניט אויסגעלייזט ווערן אויף דידאָזיקע אופנים,
זאָל ער אַרויסגיין אין יאָר פון יובל, ער און זיינע קינדער מיט
אים. 55וואָרום צו מיר זיינען די קינדער פון ישׂראל קנעכט;
מיינע קנעכט זיינען זיי, וואָס איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון
לאַנד מִצרַיִם: איך בין יהוה אַייער גאָט.

כו 1איר זאָלט אַייך ניט מאַכן אָפּגעטער, און אַ געשניצטן
געץ און אַ זיילשטיין זאָלט איר אַייך ניט אויפשטעלן;
און אַ שטיינבילד זאָלט איר ניט שטעלן אין אַייער לאַנד, זיך
צו בוקן פאַר אים, וואָרום איך בין יהוה אַייער גאָט.
2מיינע שבתים זאָלט איר היטן, און פאַר מיין הייליקטום
זאָלט איר האָבן אָפּשיי: איך בין יהוה.

## בְּחֻקֹּתַי

3אויב איר וועט גיין אין מיינע חוקים, און היטן מיינע
געבאָט, און זיי טאָן, 4וועל איך געבן אַייערע רעגנס אין זייער
צייט, און די ערד וועט געבן איר תּבואה, און דער בוים פון

פעלד וועט געבן זיין פרוכט. 5און דרעשן וועט גרייכן ביי
אײַך ביז האַרבסטן, און האַרבסטן וועט גרייכן ביז זריעה־צייט;
און איר וועט עסן אײַער ברויט צו זאַט, און זיצן אין זיכערקייט
אין אײַער לאַנד. 6און איך וועל געבן שלום אין לאַנד, און
איר וועט זיך לייגן, און קיינער וועט ניט שרעקן; און איך וועל
אויסראָטן אַ בייזע חיה פון לאַנד, און אַ שווערד וועט ניט
דורכגיין אין אײַער לאַנד. 7און איר וועט נאָכיאָגן אײַערע
פיינט, און זיי וועלן פאַלן פאַר אײַך דורכן שווערד. 8און פינף
פון אײַך וועלן נאָכיאָגן הונדערט, און הונדערט פון אײַך וועלן
נאָכיאָגן צען טויזנט, און אײַערע פיינט וועלן פאַלן פאַר אײַך
דורכן שווערד. 9און איך וועל זיך קערן צו אײַך, און וועל אײַך
פרוכפּערן און אײַך מערן, און איך וועל אויפשטעלן מיין בונד מיט
אײַך. 10און איר וועט עסן אַלטע, גאָר אַלטע [תבואה], און איר
וועט אַרויסראַמען די אַלטע פון וועגן דער נייער. 11און איך
וועל מאַכן מיין רואונג צווישן אײַך, און מיין זעל וועט אײַך ניט
פאַראומווערדיקן. 12און איך וועל אומגיין צווישן אײַך, און וועל
אײַך זיין צום גאָט, און איר וועט מיר זיין צום פאָלק. 13איך
בין יהוה אײַער גאָט, וואָס האָב אײַך אַרויסגעצויגן פון לאַנד
מִצרַיִם, פון צו זיין קנעכט צו זיי, און איך האָב צעבראָכן די
שטאַנגען פון אײַער יאָך, און האָב אײַך געפירט מיט אַן אויפֿ־
געהויבענעם קאָפּ.

14אויב אָבער איר וועט ניט צוהערן צו מיר, און וועט ניט
טאָן אַלע די דאָזיקע געבאָט, 15און אויב מיינע חוקים וועט איר
פאַראַכטן, און אויב מיינע געזעצן וועט פאַראומווערדיקן
אײַער זעל, ניט צו טאָן אַלע מיינע געבאָט, כּדי איר זאָלט פאַר־
שטערן מיין בונד, 16וועל איך אויך טאָן דאָס דאָזיקע צו אײַך:
איך וועל אָנוועצן אויף אײַך אַ בהלה — די דער, און קדחת, וואָס
מאַכן אויסגיין די אויגן און פאַרשמאַכטן די זעל. און איר וועט

זייען אַייער זאָמען אומנישט, וואָרום אַייערע פיינט וועלן עס
אויפעסן. [17]און איך וועל קערן מיין פּנים אַקעגן אַייך, און
איר וועט געשלאָגן ווערן פאַר אַייערע פיינט, און אַייערע
שׂונאים וועלן געוועלטיקן איבער אַייך; און איר וועט לויפן
ווען קיינער יאָגט אַייך ניט.

[18]און אויב איר וועט ביי אַלעם דעם ניט צוהערן צו מיר,
וועל איך אַייך זיבן מאָל מער שטראָפן פאַר אַייערע זינד.
[19]און איך וועל צעברעכן אַייער שטאָלצע מאַכט, און וועל
מאַכן אַייער הימל אַזוי ווי אַייזן, און אַייער ערד אַזוי ווי קופּער.
[20]און אַייער כּוח וועט אַוועקגיין אומנישט, און אַייער ערד וועט
ניט געבן איר תּבֿואה, און דער בוים פון לאַנד וועט ניט געבן
זיין פרוכט.

[21]און אויב איר וועט גיין מיר דערווידער, און וועט ניט
וועלן צוהערן צו מיר, וועל איך זיבן מאָל מערן אויף אַייך
שלעק, לויט אַייערע זינד. [22]און איך וועל אָנשיקן אויף אַייך
די חיה פון פעלד, און זי וועט אַייך באַרויבן פון קינדער, און
פאַרשניידן אַייערע בהמות, און אַייך פאַרמינערן; און אַייערע
וועגן וועלן פאַרוויסט ווערן.

[23]און אויב איר וועט דערמיט מיר ניט אויסגעמוסרט ווערן,
און איר וועט גיין מיר דערווידער, [24]וועל איך אויך גיין אַייך
דערווידער, און איך אויך וועל אַייך שלאָגן זיבן מאָל פאַר
אַייערע זינד. [25]און איך וועל ברענגען אויף אַייך אַ שווערד,
וואָס וועט זיך נוקם זיין די נקמה פון דעם בונד, און איר וועט
זיך פאַרקלייבן אין אַייערע שטעט. און איך וועל אָנשיקן אַ
מגפה צווישן אַייך, און איר וועט געגעבן ווערן אין דער האַנט
פון דעם פיינט. [26]אַז איך וועל אַייך צעברעכן דעם אונטערלען
פון ברויט, וועלן צען ווייבער באַקן אַייער ברויט אין איין
אויוון, און זיי וועלן אָפּברענגען אַייער ברויט אויפן וואָג, און
איר וועט עסן און ניט זאַט ווערן.

27און אויב איר וועט נאָך דעם ניט צוהערן צו מיר, און איר
וועט גיין מיר דערווידער, 28וועל איך גיין אַייך דערווידער
מיט גרימצאָרן, און איך אויך וועל אַייך שטראָפן זיבן מאָל
פאַר אַייערע זינד. 29און איר וועט עסן דאָס פלייש פון
אַייערע זין, און דאָס פלייש פון אַייערע טעכטער וועט איר עסן.
30און איך וועל פאַרטיליקן אַייערע בָּמות, און וועל פאַרשניידן
אַייערע זונזיילן, און אַהינטאָן אַייערע פגרים אויף די פגרים
פון אַייערע געצן, און מיין זעל וועט אַייך פאַראומווערדיקן.
31און איך וועל מאַכן פון אַייערע שטעט אַ חורבן, און
וועל פאַרוויסטן אַייערע הייליקטומען, און וועל ניט שמעקן
אַייערע געשמאַקע ריחות. 32און איך וועל פאַרוויסטן דאָס
לאַנד, און אַייערע פיינט וואָס זיצן דערין, וועלן גאַפן איבער
איר. 33און אַייך וועל איך צעשפּרייטן צווישן די פעלקער,
און איך וועל אַרויסציען נאָך אַייך אַ שווערד, און אַייער
לאַנד וועט זיין אַ וויסטעניש, און אַייערע שטעט וועלן זיין אַ
חורבן. 34דענסמאָל וועט דאָס לאַנד אָפּצאָלן אירע שבתים—
אַלע טעג וואָס עס וועט וויסט זיין, און איר וועט זיין אין דעם
לאַנד פון אַייערע פיינט; דענסמאָל וועט דאָס לאַנד רוען, און
באַצאָלן אירע שבתים. 35אַלע טעג וואָס עס וועט וויסט זיין,
וועט עס רוען ווי עס האָט ניט גערוט אין אַייערע שבתים, ווען
איר זייט געזעסן דערויף. 36און די וואָס וועלן בלייבן פון
אַייך, וועל איך אַריינברענגען אַ שרעקעדיקייט אין זייער
האַרצן, אין די לענדער פון זייער פיינט, און זיי וועט נאָכיאָגן
דער שאָרך פון אַ געטריבענעם בלאַט, און זיי וועלן לויפן ווי
מע לויפט פון שווערד, און פאַלן ווען קיינער יאָגט ניט. 37און
זיי וועלן געשטרויכלט ווערן איינער אָן אַנדערן, אַזוי ווי פאַרן
שווערד, ווען קיינער יאָגט ניט; און איר וועט ניט האָבן קיין
תקומה פאַר אַייערע פיינט. 38און איר וועט אונטערגיין צווישן

די פעלקער, און דאָס לאַנד פון אַייערע פיינט וועט אַייך
אויפעסן. [39]און די געבליבענע פון אַייך וועלן אַיינגיין פאַר
זייער זינד אין די לענדער פון אַייערע פיינט; און אויך פאַר
די זינד פון זייערע עלטערן וועלן זיי אַיינגיין אַזוי ווי יענע.
[40]און זיי וועלן זיך מודה זיין אויף זייערע זינד, און אויף די זינד
פון זייערע עלטערן, אין זייער פעלשונג, וואָס זיי האָבן
געפעלשט אָן מיר, און אויך וואָס זיי זיינען געגאַנגען מיר דער־
ווידער; [41][וואָס דערפאַר] בין איך אויך זיי געגאַנגען דערווידער,
און האָב זיי געבראַכט אין דעם לאַנד פון זייערע פיינט. אויב
זייער אומבאַשניטן האַרץ וועט דענסמאָל ווערן אונטער־
טעניק, און זיי וועלן דענסמאָל האָבן אָפּגעצאָלט פאַר זייערע
זינד, [42]וועל איך זיך דערמאָנען אָן מיין בונד מיט יעקבן, און
אויך אָן מיין בונד מיט יצחקן, און אויך אָן מיין בונד מיט
אַברהמען וועל איך זיך דערמאָנען, און אָן דעם לאַנד וועל
איך זיך דערמאָנען. [43]וואָרום דאָס לאַנד וועט זיין פאַרלאָזן
אָן זיי, און וועט אָפּצאָלן אירע שבתים, ווען עס וועט זיין וויסט
אָן זיי; און זיי וועלן אָפּצאָלן פאַר זייערע זינד; ווייל און
באַווייל מיינע געזעצן האָבן זיי פאַראַכט, און מיינע חוקים האָט
פאַראומווערדיקט זייער זעל. [44]אָבער אַפילו דענסמאָל, ווען
זיי וועלן זיין אין דעם לאַנד פון זייערע פיינט, וועל איך זיי ניט
פאַראַכטן, און וועל זיי ניט פאַראומווערדיקן, זיי צו פאַרלענדן,
צו פאַרשטערן מיין בונד מיט זיי, וואָרום איך בין יהוה זייער
גאָט. [45]און איך וועל זיך דערמאָנען פון זייערטוועגן אָן דעם
בונד מיט די ערשטע, וואָס איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד
מִצרַיִם פאַר די אויגן פון די פעלקער, זיי צו זיין צום גאָט: איך
בין יהוה.
[46]דאָס זיינען די חוקים און די געזעצן און די לערנונגען
וואָס גאָט האָט געגעבן צווישן אים און צווישן די קינדער פון
ישׂראל אויפן באַרג סיני דורך דער האַנט פון משהן.

כז 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז אַ מאַן וועט קלאָר אַרויסרעדן אַ נדר פון נפשות צו
גאָט, לויט דיין שאַצונג, 3זאָל דיין שאַצונג זיין פאַר אַ זכר פון
צוואַנציק יאָר אַלט און ביז זעכציק יאָר אַלט—זאָל דיין שאַ־
צונג זיין פופציק שֶקל זילבער, אויפן הייליקן שֶקל. 4און אויב
דאָס איז אַ נקבה, זאָל דיין שאַצונג זיין דרייסיק שֶקל. 5און
אויב פון פינף יאָר אַלט און ביז צוואַנציק יאָר אַלט, זאָל דיין
שאַצונג זיין, אַ זָכר צוואַנציק שֶקל, און פאַר אַ נקבה צען שֶקל.
6און אויב פון אַ חודש אַלט און ביז פינף יאָר אַלט, זאָל דיין
שאַצונג זיין, אַ זָכר פינף שֶקל זילבער, און פאַר אַ נקבה זאָל
דיין שאַצונג זיין דריי שֶקל זילבער. 7און אויב פון זעכציק יאָר
אַלט און העכער, אויב אַ זָכר, זאָל דיין שאַצונג זיין פופצן
שֶקל, און פאַר אַ נקבה צען שֶקל. 8און אויב ער איז צו אָרעם
פאַר דיין שאַצונג, זאָל מען אים שטעלן פאַרן כּהן, און דער
כּהן זאָל אים אָפּשאַצן; לויט ווי עס פאַרמאָגט די האַנט פון דעם
וואָס טוט דעם נדר, זאָל אים אָפּשאַצן דער כּהן.
9און אויב דאָס איז אַ בהמה וואָס מע איז מקריב דערפון
אַ קרבן צו גאָט, זאָל אַלץ וואָס ער גיט פון אַזעלכע צו גאָט,
זיין הייליק. 10ער טאָר עס ניט טוישן און טאָר דאָס ניט אומ־
בייטן, בעסערס אויף ערגערן, אָדער ערגערס אויף בעסערן;
און אויב אומבייטן וועט ער אומבייטן אַ בהמה פאַר אַ בהמה,
זאָל אי זי אי איר אומבייט זיין הייליק. 11און אויב דאָס איז
וואָסער עס איז אומריינע בהמה, וואָס מע איז דערפון ניט
מקריב אַ קרבן צו גאָט, זאָל ער שטעלן די בהמה פאַרן
כּהן, 12און דער כּהן זאָל זי אָפּשאַצן, אויב זי איז גוט אָדער
שלעכט; אַזוי ווי דו, דער כּהן, שאַצסט, אַזוי זאָל זיין. 13און
אויב אויסלייזן וויל ער זי אויסלייזן, זאָל ער צולייגן אַ פינפטל
דערפון צו דיין שאַצונג.

14און אַז אַ מאַן וועט הייליקן זײַן הויז הייליק צו גאָט, זאָל
עס דער כּהן אָפּשאַצן, אויב עס איז גוט אָדער שלעכט; אַזוי
ווי דער כּהן וועט עס אָפּשאַצן, אַזוי זאָל באַשטיין. 15און אויב
דער וואָס הייליקט עס וויל אויסלייזן זײַן הויז, זאָל ער צולייגן
דערצו אַ פינפטל פון דעם געלט פון דײַן שאַצונג, און עס זאָל
בלײַבן בײַ אים.
16און אויב פון דעם פעלד פון זײַן אייגנטום וועט אַ מאַן
הייליקן צו גאָט, זאָל דײַן שאַצונג זײַן לויט דער זריעה דערפון:
די זריעה פון אַ חומר גערשטן אין פופציק שֶקל זילבער. 17אויב
ער וועט הייליקן זײַן פעלד פון דעם יאָר פון יובל, זאָל עס
באַשטיין לויט דײַן שאַצונג. 18און אויב ער וועט הייליקן זײַן
פעלד נאָכן יובל, זאָל אים דער כּהן באַרעכענען דאָס געלט
לויט דער צאָל פון די יאָרן וואָס זײַנען געבליבן ביז דעם יאָר
פון יובל, און אַן אַראָפּרעכענונג זאָל געמאַכט ווערן פון דײַן
שאַצונג. 19און אויב אויסלייזן וויל אויסלייזן דאָס פעלד דער
וואָס הייליקט עס, זאָל ער צולייגן דערצו אַ פינפטל פון דעם
געלט פון דײַן שאַצונג, און עס זאָל זיך אָפּשטעלן בײַ אים.
20אויב אָבער ער וועט ניט אויסלייזן דאָס פעלד, אָדער אויב
מע האָט פאַרקויפט דאָס פעלד צו אַן אַנדער מענטשן, קען
עס מער ניט אויסגעלייזט ווערן. 21און דאָס פעלד, ווען עס
גייט אַרויס אום יובל, זאָל זײַן הייליק צו גאָט, אַזוי ווי אַ פעלד
פון חרם; צום כּהן זאָל געהערן דאָס אייגנטום דערפון.
22און אויב ער וועט הייליקן צו גאָט זײַנס אַ געקויפט פעלד,
וואָס איז ניט פון דעם פעלד פון זײַן אייגנטום, 23זאָל אים דער
כּהן באַרעכענען דעם באַטרעף פון דײַן שאַצונג ביז דעם יאָר
פון יובל, און ער זאָל געבן דײַן שאַצונג אין דעם אייגענעם טאָג,
הייליק צו גאָט. 24אין יאָר פון יובל זאָל דאָס פעלד זיך אומ־
קערן צו דעם וואָס ער האָט עס פון אים געקויפט, וואָס צו אים

געהערט דאָס אייגנטום פון דעם לאַנד. 25 און דיין יעטוועדער
שאַצונג זאָל זיין אויפן הייליקן שֶקל; צוואַנציק גֵרה זאָל זיין
דער שֶקל.

26 אָבער אַ בכוֹר צווישן בהמות, וואָס געהערט דורך זיין
בכורהשאַפט צו גאָט, אים דאַרף קיינער ניט הייליקן; סיי אַן
אָקס, סיי אַ שעפּס, געהערט ער צו גאָט. 27 און אויב פון אַן
אומריינער בהמה, זאָל מען אויסלייזן לויט דיין שאַצונג, און
צולייגן דערצו אַ פינפטל דערפון; און אויב ער וועט ניט אויס־
געלייזט ווערן, זאָל ער פאַרקויפט ווערן לויט דיין שאַצונג.

28 אָבער קיין חרם וואָס עמיצער וועט מאַכן חרם צו גאָט,
פון אַלץ וואָס ער האָט, פון מענטשן, אָדער פון בהמות, אָדער
פון דעם פעלד פון זיין אייגנטום, קען ניט פאַרקויפט ווערן,
און ניט אויסגעלייזט ווערן; איטלאַכער חרם איז אַ הייליקסטע
הייליקייט צו גאָט. 29 קיין חרם וואָס וועט געמאַכט ווערן חרם
פון מענטשן, קען ניט אויסגעלייזט ווערן; טייטן מוז ער געטייט
ווערן.

30 און איטלאַכער מעשׂר פון דער ערד, פון זאָמען פון דער
ערד, פון פרוכט פון בוים, געהערט צו גאָט; הייליק צו גאָט.
31 און אויב אויסלייזן וויל אַ מאַן אויסלייזן טייל פון זיין מעשׂר,
זאָל ער צולייגן דערצו אַ פינפטל דערפון. 32 און איטלאַכער
מעשׂר פון רינדער און שאָף—פון אַלץ וואָס גייט אונטער דער
רוט, זאָל דער צענטער זיין הייליק צו גאָט. 33 מען זאָל ניט
נאָכזוכן אויב ער איז גוט אָדער שלעכט, און מע זאָל אים ניט
אומבייטן; און אויב אומבייטן וועט מען אים אומבייטן,
זאָל אי ער אי זיין אומבייט זיין הייליק; ער קען ניט אויסגע־
לייזט ווערן.

34 דאָס זיינען די געבאָט וואָס גאָט האָט געבאָטן משהן פאַר
די קינדער פון ישׂראל אויפן באַרג סיני.

# בַּמִּדְבָּר

# סֶדרות פון בַּמִדְבָּר

# בַּמִּדְבָּר

א 1 און גאָט האָט גערעדט צו משהן אין מדבר סיני, אין אוהל־
מועד, אין ערשטן טאָג פון צווייטן חודש, אין צווייטן יאָר
נאָך זייער אַרויסגיין פון לאַנד מִצרַיִם, אַזוי צו זאָגן:
2 נעמט אויף דעם מספּר פון דער גאַנצער עדה פון די
קינדער פון ישׂראל לויט זייערע משפּחות, לויט זייערע פאָטער־
הייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, יעטוועדער מאַנספּאַרשוין,
לויט זייערע קעפּ. 3 פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער,
איטלאַכן אין ישׂראל וואָס גייט אַרויס אין חיל, זאָלט איר זיי
ציילן לויט זייערע מחנות, דו און אהרן. 4 און מיט אַייך זאָלן זיין
צו מאַן, צו מאַן פון אַ שבט, אַ מאַן וואָס איז דער הויפּט פון זיין
פאָטערהויז. 5 און דאָס זיינען די נעמען פון די מענער וואָס
זאָלן שטיין מיט אַייך: פון ראובן, אֶליצור דער זון פון שְׁדֵיאורן.
6 פון שִׁמעון, שלומיאֵל דער זון פון צורישַׁדָין. 7 פון יהודה, נַחשון
דער זון פון עַמינָדָבן. 8 פון יִשָׂשכר, נתַנאֵל דער זון פון צוּעָרן.
9 פון זבולון, אֶליאָב דער זון פון חֵלונען. 10 פון די קינדער פון
יוסף: פון אפרים, אֶלישָׁמָע דער זון פון עַמיהודן; פון מנשה,
גַמליאֵל דער זון פון פְּדָהצורן. 11 פון בנימין, אַבידָן דער זון
פון גִדעוֹנין. 12 פון דָן, אַחיעֶזֶר דער זון פון עַמישַׁדָין. 13 פון
אָשר, פַּגעִיאֵל דער זון פון עָכרָנען. 14 פון גָד, אֶליָסָף דער זון
פון דְעוּאֵלן. 15 פון נפתלי, אַחירַע דער זון פון עֵינָנען.
16 דידאָזיקע זיינען געווען גערופענע פון דער עדה, פירשטן
פון זייערע פאָטערשטאַמען; די הויפּטלייט פון די טויזנטן
פון ישׂראל זיינען זיי געווען. 17 און משה און אַהרן האָבן

געװוּמען די דאָזיקע מענער װאָס זײַנען אָנגערופֿן מיט די נעמען;
[18]און זײ האָבן אײַנגעזאַמלט די גאַנצע עדה אין ערשטן טאָג פֿון צװײטן חודש; און זײ האָבן אָנגעגעבן זײער געבורט לויט זײערע משפּחות, לויט זײערע פֿאָטערהײַזער, נאָך דער צאָל פֿון נעמען, פֿון צװאַנציק יאָר אַלט און העכער, לויט זײערע קעפּ. [19]אַזױ װי גאָט האָט באַפֿױלן משהן, האָט ער זײ געצײלט אין מדבר סיני.

[20]און די קינדער פֿון ראובן, ישׂראלס בכור, זײערע געבורטן לויט זײערע משפּחות, לויט זײערע פֿאָטערהײַזער, נאָך דער צאָל פֿון נעמען, לויט זײערע קעפּ, יעטװעדער מאַנס־פּאַרשוין פֿון צװאַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער װאָס גײט אַרויס אין חיל—[21]זײערע געצײלטע, פֿון שבט ראובן, זײַנען געװען זעקס און פֿערציק טויזנט און פֿינף הונדערט.

[22]פֿון די קינדער פֿון שמעון, זײערע געבורטן לויט זײערע משפּחות, לויט זײערע פֿאָטערהײַזער, זײַנע געצײלטע נאָך דער צאָל פֿון נעמען, לויט זײערע קעפּ, יעטװעדער מאַנספּאַרשוין פֿון צװאַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער װאָס גײט אַרויס אין חיל—[23]זײערע געצײלטע, פֿון שבט שמעון, נײַן און פֿופֿציק טויזנט און דרײַ הונדערט.

[24]פֿון די קינדער פֿון גד, זײערע געבורטן לויט זײערע משפּחות, לויט זײערע פֿאָטערהײַזער, נאָך דער צאָל פֿון נעמען, פֿון צװאַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער װאָס גײט אַרויס אין חיל—[25]זײערע געצײלטע, פֿון שבט גד, פֿינף און פֿערציק טויזנט און זעקס הונדערט און פֿופֿציק.

[26]פֿון די קינדער פֿון יהודה, זײערע געבורטן לויט זײערע משפּחות, לויט זײערע פֿאָטערהײַזער, נאָך דער צאָל פֿון נעמען, פֿון צװאַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער װאָס גײט אַרויס אין חיל—[27]זײערע געצײלטע, פֿון שבט יהודה, פֿיר און זיבעציק טויזנט און זעקס הונדערט.

[28]פון די קינדער פון יִששָׂכָר, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[29]זייערע געציילטע, פון שבט יִששָׂכָר, פיר און פופציק טויזנט און פיר הונדערט.

[30]פון די קינדער פון זבולון, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[31]זייערע געציילטע, פון שבט זבולון, זיבן און פופציק טויזנט און פיר הונדערט.

[32]פון די קינדער פון יוסף: פון די קינדער פון אפרים, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטער־הייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[33]זייערע געציילטע, פון שבט אפרים, פערציק טויזנט און פינף הונדערט.

[34]פון די קינדער פון מנשה, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[35]זייערע געציילטע, פון שבט מנשה, צוויי און דרייסיק טויזנט און צוויי הונדערט.

[36]פון די קינדער פון בנימין, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[37]זייערע געציילטע, פון שבט בנימין, פינף און דרייסיק טויזנט און פיר הונדערט.

[38]פון די קינדער פון דָן, זייערע געבורטן לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס

גייט אַרויס אין חיל—[39]זייערע געציילטע, פון שבט דָן, צוויי און זעכציק טויזנט און זיבן הונדערט.

[40]פון די קינדער פון אָשר, זייערע געבורטן לויט זייערע משפּחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[41]זייערע געציילטע, פון שבט אָשר, איין און פערציק טויזנט און פינף הונדערט.

[42]די קינדער פון נפתּלי, זייערע געבורטן לויט זייערע משפּחות, לויט זייערע פאָטערהייזער, נאָך דער צאָל פון נעמען, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל—[43]זייערע געציילטע, פון שבט נפתּלי, דריי און פופציק טויזנט און פיר הונדערט.

[44]דאָס זיינען די געציילטע וואָס משה און אַהרן האָבן געציילט, און די פירשטן פון ישׂראל; צוועלף מאַן, צו איין מאַן פון זיין פאָטערהויז זיינען זיי געווען. [45]און אַלע געציילטע פון די קינדער פון ישׂראל לויט זייערע פאָטערהייזער, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין חיל אין ישׂראל, זיינען געווען—[46]אַלע געציילטע זיינען געווען זעקס מאָל הונדערט טויזנט און דריי טויזנט און פינף הונדערט און פופציק. [47]אָבער די לוִיִם לויט זייער פאָטערשטאַם זיינען ניט געציילט געוואָרן צווישן זיי.

[48]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [49]דעם שבט לֵוִי אָבער זאָלסטו ניט ציילן, און זייער צאָל זאָלסטו ניט אויפ־נעמען צווישן די קינדער פון ישׂראל. [50]נאָר דו שטעל די לוִיִם איבער דעם מִשכּן פון געזעץ, און איבער אַלע זיינע כּלים, און איבער אַלץ וואָס געהערט צו אים; זיי זאָלן טראָגן דעם מִשכּן, און אַלע זיינע כּלים, און זיי זאָלן אים באַדינען; און רונד אַרום דעם מִשכּן זאָלן זיי לאַגערן. [51]און ביים ציִען פון מִשכּן זאָלן

אים די לוִיִים אַראָפּנעמען, און ביים רוען פון מִשכּן זאָלן
אים די לוִיִים אויפשטעלן, און דער פרעמדער וואָס גענענט
זאָל געטייט ווערן. [52]און די קינדער פון ישׂראל זאָלן לאַגערן
איטלאַכער אין זיין לאַגער, און איטלאַכער ביי זיין פאָן, לויט
זייערע מחנות. [53]און די לוִיִים זאָלן לאַגערן רונד אַרום דעם
מִשכּן פון געזעץ, כּדי עס זאָל ניט זיין אַ צאָרן אויף דער עדה
פון די קינדער פון ישׂראל. און די לוִיִים זאָלן היטן די היטונג פון
דעם מִשכּן פון געזעץ.
[54]און די קינדער פון ישׂראל האָבן אַזוי געטאָן; אַזוי ווי אַלץ
וואָס גאָט האָט באַפוילן משהן, אַזוי האָבן זיי געטאָן.

ב [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי צו
זאָגן:
[2]איטלאַכער ביי זיין פאָן, לויט די צייכנס פון זייערע פאָטער־
הייזער, זאָלן לאַגערן די קינדער פון ישׂראל; אַקעגנאיבער
רונד אַרום דעם אוהל־מועד זאָלן זיי לאַגערן. [3]און די וואָס
לאַגערן אין מזרח צו זונאויפגאַנג זאָלן זיין: די פאָן פון דעם
לאַגער פון יהודה לויט זייערע מחנות, מיט דעם פירשט פון די
קינדער פון יהודה, נַחשון דעם זון פון עַמינָדבן, [4]און זיין חיל–
זייערע געציילטע, פיר און זיבעציק טויזנט און זעקס הונדערט.
[5]און די וואָס לאַגערן לעבן אים: שבט יִששָׂכָר, מיט דעם פירשט
פון די קינדער פון יִששָׂכָר, נתַנאֵל דעם זון פון צוּעַרן, [6]און זיין
חיל–זיינע געציילטע, פיר און פופציק טויזנט און פיר הונדערט;
[7]שבט זבולון, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון זבולון, אֶלִיאָב
דעם זון פון חֵלונען, [8]און זיין חיל–זיינע געציילטע, זיבן און
פופציג טויזנט און פיר הונדערט. [9]אַלע געציילטע פון דעם
לאַגער פון יהודה: הונדערט און אַכציק טויזנט און זעקס טויזנט
און פיר הונדערט, לויט זייערע מחנות. זיי זאָלן ציען צוערשט.
[10]די פאָן פון דעם לאַגער פון ראובן זאָל זיין צו דָרום,

לויט זייערע מחנות, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון ראובן,
אֶליצור דעם זון פון שדֵיאורן, [11]און זיין חיל–זיינע געציילטע,
זעקס און פערציק טויזנט און פינף הונדערט. [12]און די וואָס
לאַגערן לעבן אים: שבט שמעון, מיט דעם פירשט פון די קינדער
פון שמעון, שלומיאֵל דעם זון פון צורישַדין, [13]און זיין חיל–
זייערע געציילטע, ניין און פופציק טויזנט און דריי הונדערט;
[14]און שבט גָד, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון גָד, אֶליָסָף
דעם זון פון רְעוּאֵלן, [15]און זיין חיל–זייערע געציילטע, פינף און
פערציק טויזנט און זעקס הונדערט און פופציק.
[16]אַלע געציילטע פון דעם לאַגער פון ראובן, הונדערט
טויזנט און איין און פופציק טויזנט און פיר הונדערט און פופציק,
לויט זייערע מחנות. און זיי זאָלן ציען די צווייטע.
[17]און דער אוהל־מועד, דער לאַגער פון די לוִיִים, זאָל
ציען אין מיטן פון די לאַגערן; אַזוי ווי זיי רוען, אַזוי זאָלן זיי
ציען; איטלעכער אויף זיין אָרט לויט זייערע פאָנעס.
[18]די פאָן פון דעם לאַגער פון אפרים לויט זייער מחנות
זאָל זיין צו מערב, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון אפרים,
אֶלישָמָע דעם זון פון עַמיהודן, [19]און זיין חיל–זייערע געציילטע,
פערציק טויזנט און פינף הונדערט. [20]און לעבן אים שבט מנשה,
מיט דעם פירשט פון די קינדער פון מנשה, גַמליאֵל דעם זון
פון פְּדָהצורן, [21]און זיין חיל–זייערע געציילטע, צוויי און
דרייסיק טויזנט און צוויי הונדערט; [22]און שבט בנימין, מיט דעם
פירשט פון די קינדער פון בנימין, אַבִידָן דעם זון פון גִדעוֹנין,
[23]און זיין חיל–זייערע געציילטע, פינף און דרייסיק טויזנט און
פיר הונדערט. [24]אַלע געציילטע פון דעם לאַגער פון אפרים,
הונדערט טויזנט און אַכט טויזנט און הונדערט, לויט זייערע
מחנות. און זיי זאָלן ציען די דריטע.
[25]די פאָן פון דעם לאַגער פון דָן זאָל זיין צו צפון, לויט

זייערע מחנות, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון דָן, אַחִיעֶזֶר
דעם זון פון עַמִישַׁדָּין, 26און זיין חיל–זייערע געציילטע, צוויי
און זעכציק טויזנט און זיבן הונדערט. 27און די וואָס לאַגערן
לעבן אים: שבט אָשר, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון
אָשר, פַּגְעִיאֵל דעם זון פון עָכְרָנען, 28און זיין חיל–זייערע
געציילטע, איין און פערציק טויזנט און פינף הונדערט; 29און
שבט נפתלי, מיט דעם פירשט פון די קינדער פון נפתלי, אַחִירַע
דעם זון פון עֵינָנען, 30און זיין חיל–זייערע געציילטע, דריי און
פופציק טויזנט און פיר הונדערט. 31אַלע געציילטע פון דעם
לאַגער פון דָן, הונדערט טויזנט און זיבן און פופציק טויזנט און
זעקס הונדערט. זיי זאָלן ציִען צולעצט לויט זייערע פאָנעס.
32דאָס זיינען די געציילטע פון די קינדער פון ישׂראל, לויט
זייערע פאָטערהייזער; אַלע געציילטע פון די לאַגערן, לויט
זייערע מחנות, זיינען געווען זעקס מאָל הונדערט טויזנט און
דריי טויזנט און פינף הונדערט און פופציק. 33אָבער די לוִיִם
זיינען ניט געציילט געוואָרן צווישן די קינדער פון ישׂראל; אַזוי
ווי גאָט האָט באַפוילן מֹשהן.

34און די קינדער פון ישׂראל האָבן געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס
גאָט האָט באַפוילן מֹשהן; אַזוי האָבן זיי גערוט לויט זייערע
פאָנעס, און אַזוי האָבן זיי געצויגן, איטלאַכער לויט זיינע
משפחות, ביי זיין פאָטערהויז.

ג 1און דאָס זיינען די געבורטן פון אַהרֹנען און פון מֹשהן, ווען
גאָט האָט גערעדט מיט מֹשהן אויפן באַרג סיני. 2און דאָס
זיינען די נעמען פון אַהרנס זין: דער בְּכוֹר נָדָב, און אֲבִיהוּא,
אֶלְעָזָר, און אִיתָמָר. 3דאָס זיינען די נעמען פון אַהרנס זין,
די געזאַלבטע כֹּהנים וואָס מע האָט דערפילט זייער האַנט צו
טאָן די כּהונה. 4און נָדָב און אֲבִיהוּא זיינען געשטאָרבן פאַר
גאָט ווען זיי האָבן געבראַכט פרעמד פייער פאַר גאָט, אין

מדבר סיני, און קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט; און אֶלעָזָר
און איתָמָר זיינען געוואָרן כֹּהנים לעבן זייער פאָטער אַהרֹנען.

5און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 6מאַך
גענענען דעם שבט לֵוִי, און זאָלסט אים שטעלן פאַר אַהרן דעם
כֹּהן, און זיי זאָלן אים באַדינען. 7און זיי זאָלן היטן זיין היטונג
און די היטונג פון דער גאַנצער עדה פאַרן אוהל־מוֹעד, צו
דינען דעם דינסט פון מִשכּן. 8און זיי זאָלן היטן אַלע כּלים פון
אוהל־מוֹעד, און די היטונג פון די קינדער פון ישׂראל, צו דינען
דעם דינסט פון מִשכּן. 9און זאָלסט געבן די לְוִיִם צו אַהרֹנען
און צו זיינע זין; אָפּגעגעבן זיינען זיי אָפּגעגעבן צו אים פון די
קינדער פון ישׂראל. 10און אַהרֹנען און זיינע זין זאָלסטו באַפעלן,
זיי זאָלן היטן זייער כּהונה, און דער פרעמדער וואָס גענענט
זאָל געטייט ווערן.

11און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 12און איך,
זע, האָב גענומען די לְוִיִם פון צווישן די קינדער פון ישׂראל
אָנשטאָט איטלאַכן בְּכור וואָס עפנט דעם טראַכט צווישן די
קינדער פון ישׂראל; און די לְוִיִם זאָלן געהערן צו מיר. 13וואָרום
צו מיר געהערט איטלאַכער בְּכור; אין דעם טאָג וואָס איך
האָב דערשלאָגן איטלאַכן בְּכור אין לאַנד מִצרַיִם האָב איך
געהייליקט צו מיר איטלאַכן בְּכור אין ישׂראל, פון אַ מענטשן
ביז אַ בהמה. צו מיר זאָלן זיי געהערן: איך בין יהוה.

14און גאָט האָט גערעדט צו משהן אין מדבר סיני, אַזוי צו
זאָגן: 15צייל די קינדער פון לֵוִי לויט זייערע פאָטערהייזער,
לויט זייערע משפּחות; איטלאַכן מאַנספּאַרשוין פון אַ חוֹדש
אַלט און העכער זאָלסטו זיי ציילן.

16און משה האָט זיי געציילט לויט דעם מויל פון גאָט, אַזוי
ווי ער איז באַפוילן געוואָרן. 17און דאָס זיינען געווען די זין פון
לֵוִין מיט זייערע נעמען: גֵרשוֹן, און קְהָת, און מְרָרִי. 18און דאָס

זיינען די נעמען פון די זין פון גֵרשוֹנען לויט זייערע משפּחות:
לִבני, און שִמעִי. [19]און די זין פון קְהָתן לויט זייערע משפּחות:
עַמרָם, און יִצהָר, חֶברוֹן, און עוזיאֵל. [20]און די זין פון מְרָרין
לויט זייערע משפּחות: מַחלִי, און מוּשִי. דאָס זיינען די משפּחות
פון לֵוִי לויט זייערע פאָטערהייזער.

[21]פון גֵרשוֹנען די משפּחה פון די לִבנים, און די משפּחה פון
די שִמעִים; דאָס זיינען די משפּחות פון די גֵרשונים. [22]זייערע
געציילטע לויט דער צאָל פון אַלע מאַנספּאַרשוינען פון אַ חודש
אַלט און העכער—זייערע געציילטע זיינען געווען זיבן טויזנט
און פינף הונדערט. [23]די משפּחות פון די גֵרשונים האָבן
געלאַגערט הינטער דעם מִשכּן צו מערב. [24]און דער פירשט פון
דעם פאָטערהויז פון די גֵרשונים איז געווען אֶליָסָף דער זון פון
לָאֵלן. [25]און די היטונג פון די קינדער פון גֵרשוֹן ביים אוהל־
מוֹעד איז געווען דער מִשכּן, און דאָס געצעלט, זיין צודעק,
און דער טירפאָרהאַנג פון אוהל־מוֹעד, [26]און די אַרומהאַנגען
פון דעם הויף, און דער טירפאָרהאַנג פון דעם הויף וואָס רונד
אַרום דעם מִשכּן און דעם מזבח, און זיינע שטריק, מיט אַלע
זיינע צובאַהער.

[27]און פון קְהָתן די משפּחה פון די עַמרָמים, און די משפּחה
פון די יִצהָרים, און די משפּחה פון די חֶברוֹנים, און די משפּחה
פון די עוזיאֵלים; דאָס זיינען די משפּחות פון די קְהָתים: [28]לויט
דער צאָל פון אַלע מאַנספּאַרשוינען פון אַ חודש אַלט און
העכער, אַכט טויזנט און זעקס הונדערט וואָס היטן די היטונג
פון הייליקטום. [29]די משפּחות פון די קינדער פון קְהָת האָבן
געלאַגערט ביין זייט פון מִשכּן, צו דָרום. [30]און דער פירשט
פון דעם פאָטערהויז פון די משפּחות פון די קְהָתים איז געווען
אֶליצָפָן דער זון פון עוזיאֵלן. [31]און זייער היטונג איז געווען
דער אָרון, און דער טיש, און די מנוֹרה, און די מזבחות, און די

הײליקע כּלים װאָס מע דינט מיט זײ, און דער פאָרהאַנג, און
אַלע זײנע צובאַהער.

[32]און דער פירשט איבער די פירשטן פון די לוִיִם איז
געװען אֶלעָזָר דער זון פון אַהרן דעם כֹּהן, דער אױפזעער
איבער די װאָס היטן די היטונג פון דעם הײליקטום.

[33]פון מְרָרין די משפּחה פון די מַחלים, און די משפּחה פון
די מושים; דאָס זײנען די משפּחות פון מְרָרי. [34]און זײערע
געצײלטע לױט דער צאָל פון אַלע מאַנספּאַרשױנען פון אַ חודש
אַלט און העכער זײנען געװען זעקס טױזנט און צװײ הונדערט.
[35]און דער פירשט פון דעם פאָטערהױז פון די משפּחות פון
מְרָרי איז געװען צוריאֵל דער זון פון אַביחַיִלן. זײ האָבן
געלאַגערט בײַן זײט פון מִשכּן צו צפון. [36]און די געשטעלטע
היטונג פון די קינדער פון מְרָרי איז געװען: די ברעטער פון
מִשכּן, און זײנע ריגלען, און זײנע זײלן, און זײנע שװעלן, און
אַלע זײנע כּלים, און אַלע זײנע צובאַהער; [37]און די זײלן פון
הױף רונד אַרום, און זײערע שװעלן, און זײערע פלעקלאַך,
און זײערע שטריק.

[38]און די װאָס האָבן געלאַגערט פאַר דעם מִשכּן צו מִזרח,
פאַר דעם אוהל־מועד צו זונאױפגאַנג, זײנען געװען משה, און
אַהרן און זײנע זין, װאָס האָבן געהיט די היטונג פון הײליקטום,
פאַר דער היטונג פון די קינדער פון ישׂראל; און דער פרעמדער
װאָס גענענט, האָט געזאָלט געטײט װערן.

[39]אַלע געצײלטע פון די לוִיִם, װאָס משה און אַהרן האָבן
געצײלט לױט דעם מױל פון גאָט, נאָך זײערע משפּחות, אַלע
מאַנספּאַרשױנען פון אַ חודש אַלט און העכער, צװײ און
צװאַנציק טױזנט.

[40]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: צײל אַלע ערשטגעבאָרענע
מאַנספּאַרשױנען פון די קינדער פון ישׂראל פון אַ חודש

אַלט און העכער, און נעם אויף די צאָל פון זייערע נעמען.
41און זאָלסט נעמען פאַר מיר, גאָט, די לוִיִים אָנשטאָט אַלע
בכורים צווישן די קינדער פון ישׂראל, און די בהמות פון די
לוִיִים אָנשטאָט אַלע בכורים צווישן די בהמות פון די קינדער
פון ישׂראל.

42און משה האָט איבערגעציילט, אַזוי ווי גאָט האָט אים
באַפוילן, אַלע בכורים צווישן די קינדער פון ישׂראל. 43און
אַלע ערשטגעבאָרענע מאַנספּאַרשוינען, לויט דער צאָל פון
נעמען, פון אַ חודש אַלט און העכער, נאָך זייערע געציילטע,
זיינען געווען צוויי און צוואַנציק טויזנט און צוויי הונדערט און
דריי און זיבעציק.

44און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 45נעם די
לוִיִים אָנשטאָט אַלע בכורים צווישן די קינדער פון ישׂראל, און
די בהמות פון די לוִיִים אָנשטאָט זייערע בהמות; און די לוִיִים
זאָלן געהערן צו מיר, גאָט. 46און צום אויסלייז פאַר די צוויי
הונדערט און דריי און זיבעציק פון די בכורים פון די קינדער פון
ישׂראל וואָס קומען אויס מער פון די לוִיִים, 47זאָלסטו נעמען
צו פינף, צו פינף שקל פון אַ קאָפּ; אויפן הייליקן שקל זאָלסטו
עס נעמען, צוואַנציק גרה דער שקל. 48און זאָלסט געבן דאָס
געלט צו אַהרנען און צו זיינע זין: דעם אויסלייז פאַר די וואָס
קומען אויס מער צווישן זיי.

49האָט משה גענומען דאָס אויסלייזגעלט פון די וואָס זיינען
אויסגעקומען מער ווי די וואָס זיינען אויסגעלייזט געוואָרן דורך
די לוִיִים; 50פון די בכורים פון די קינדער פון ישׂראל האָט ער
גענומען דאָס געלט: טויזנט און דריי הונדערט און פינף און
זעכציק, אויפן הייליקן שקל. 51און משה האָט געגעבן דאָס
אויסלייזגעלט צו אַהרנען און צו זיינע זין, לויט דעם מויל פון
גאָט, אַזוי ווי גאָט האָט משהן באַפוילן.

ד 1 און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי צו
זאָגן: 2 נעם אויף די צאָל פון די קינדער פון קהת פון צווישן
די קינדער פון לוי, לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטער־
הייזער, 3 פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער, און ביז פופציק
יאָר אַלט, איטלאַכן וואָס גייט אַריין אין דינסט, צו טאָן אַרבעט
אין אוהל־מועד. 4 דאָס איז דער דינסט פון די קינדער פון
קהת אין אוהל־מועד אַרום די הייליקסטע הייליקייטן: 5 אַהרן
און זיינע זין זאָלן קומען ביים ציען פון לאַגער, און זיי זאָלן
אַראָפּנעמען דעם פּרוכת פון צווישנשייד, און צודעקן דערמיט
דעם אָרון פון געזעץ. 6 און זיי זאָלן אַרויפטאָן דערויף אַ צו־
דעק פון תחש־פעל, און אַריבערשפּרייטן פון אויבן אַ טוך פון
לויטער בלאָער וואָל, און אַריינטאָן זיינע שטאַנגען. 7 און אויף
דעם טיש פון אָנגעזיכט זאָלן זיי פאַרשפּרייטן אַ טוך פון בלאָער
וואָל, און אַרויפטאָן דערויף די שיסלען, און די שאָלן, און
די קאַנען, און די בעכערס פאַר גיסונג; און דאָס שטענדיקע
ברויט זאָל בלייבן דערויף. 8 און זיי זאָלן פאַרשפּרייטן אויף
זיי אַ טוך פון ווערמילרויט, און דאָס אַריבערדעקן מיט אַ צו־
דעק פון תחש־פעל, און אַריינטאָן זיינע שטאַנגען. 9 און זיי זאָלן
נעמען אַ טוך פון בלאָער וואָל, און אַריבערדעקן די מנורה פאַר
לייכטונג, און אירע רערלאַך, און אירע צוועגלאַך, און אירע
אַשפּענדלאַך, און אַלע אירע איילגעפעסן וואָס מע באַדינט
זי מיט זיי. 10 און זיי זאָלן אַריינטאָן זי און אַלע אירע כלים
אין אַ צודעק פון תחש־פעל, און אַרויפטאָן אויף אַ שטאַנג.
11 און אויף דעם גילדערנעם מזבח זאָלן זיי פאַרשפּרייטן אַ טוך
פון בלאָער וואָל, און אים אַריבערדעקן מיט אַ צודעק פון
תחש־פעל, און אַריינטאָן זיינע שטאַנגען. 12 און זיי זאָלן נעמען
אַלע כלים פון דינסט וואָס מע דינט מיט זיי אין הייליקטום,

און זיי אַריינטאָן אין אַ טוך פון בלאָער וואָל, און זיי אַריבער־
דעקן מיט אַ צודעק פון תַּחַש־פעל, און אַרויפטאָן אויף אַ שטאַנג.
[13]און זיי זאָלן אָפּרייניקן די אַש פון מזבח, און פאַרשפּרייטן
אויף אים אַ טוך פון פּורפּל. [14]און זיי זאָלן אַרויפטאָן אויף
אים אַלע זיינע כּלים וואָס מע דינט מיט זיי אויף אים, די פייער־
פאַנען, די גאָפּלען, און די שופלען, און די שפּרענגבעקנס—
אַלע כּלים פון מזבח; און זיי זאָלן אַריבערשפּרייטן אויף אים
אַ צודעק פון תַּחַש־פעל, און אַריינטאָן זיינע שטאַנגען. [15]און
אַז אַהרן און זיינע זין האָבן געענדיקט צודעקן דאָס הייליקע,
און אַלע הייליקע כּלים, ביים ציען פון לאַגער, זאָלן דערנאָך
קומען די קינדער פון קְהָת, זיי צו טראָגן; אָבער זיי זאָלן זיך
ניט אָנרירן אָן דעם הייליקן, וואָרום זיי וועלן שטאַרבן. דאָס
איז וואָס די קינדער פון קְהָת דאַרפן טראָגן פון אוהל־מועד.
[16]און די אויפזעאונג פון אֶלעָזָר דעם זון פון אַהרן דעם כּהן זאָל
זיין איבער דעם אייל פאַר לייכטונג, און דעם ווייַרויך פון
שמעקעדיקע געווירצן, און דעם שטענדיקן שפּייזאָפּפער, און
דעם אייל פון זאַלבונג; די אויפזעאונג איבער דעם גאַנצן מִשכּן
מיט אַלץ וואָס אין אים, סיי דאָס הייליקטום, און סיי זיינע כּלים.
[17]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי צו
זאָגן: [18]איר זאָלט ניט לאָזן פאַרשניטן ווערן דעם שבט פון די
משפּחות פון די קְהָתים, פון צווישן די לוִיִים; [19]נייערט אַזוי טוט
מיט זיי, כּדי זיי זאָלן לעבן און ניט שטאַרבן, ווען זיי גענענען צו
די הייליקסטע הייליקייטן: אַהרן און זיינע זין זאָלן אַריינגיין,
און זיי שטעלן יעטוועדער איינעם אויף זיין דינסט, און ביי זיין
משׂא. [20]און זיי זאָלן ניט אַריינגיין זען ווי מע צענעמט דאָס
הייליקטום, און שטאַרבן.

# נָשׂא

[21]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [22]נעם
אויף די צאָל אויך פון די קינדער פון גֵרשון לויט זייערע
פאָטערהייזער, לויט זייערע משפחות. [23]פון דרייסיק יאָר אַלט
און העכער, ביז פופציק יאָר אַלט, זאָלסטו זיי ציילן, איטלאַכן
וואָס קומט דינען אין דינסט, צו טאָן אַרבעט אין אוהל־מוֹעד.
[24]דאָס איז דער דינסט פון די משפחות פון די גֵרשונים ביים
אַרבעטן און ביים טראָגן: [25]זיי זאָלן טראָגן די פאָרהאַנגען פון
מִשכּן, און דעם אוהל־מוֹעד, זיין צודעק, און דעם צודעק פון
תַּחַש־פעל וואָס אויבן איבער אים, און דעם טירפאָרהאַנג פון
אוהל־מוֹעד; [26]און די אַרומהאַנגען פון הויף, און דעם טיר־
פאָרהאַנג פון טויער פון דעם הויף וואָס רונד אַרום דעם מִשכּן און
דעם מזבח, און זייערע שטריק, און אַלע זייערע אַרבעטגעצייג;
און אַלץ וואָס דאַרף דערמיט געטאָן ווערן זאָלן זיי טאָן.
[27]לויט דעם מויל פון אַהרֹנען און זיינע זין זאָל געשען דער גאַנצער
דינסט פון די קינדער פון די גֵרשונים, אין אַל זייער טראָגן,
און אין אַל זייער דינסט; און איר זאָלט איבערגעבן אין זייער
היטונג אַלץ וואָס זיי דאַרפן טראָגן. [28]דאָס איז דער דינסט פון
די משפחות פון די קינדער פון די גֵרשונים אין אוהל־מוֹעד;
און זייער היטונג זאָל זיין אונטער דער האַנט פון אִיתָמָר דעם
זון פון אַהרֹן דעם כֹּהן.

[29]די קינדער פון מְרָרי, זיי [אויך] זאָלסטו ציילן לויט
זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער. [30]פון דרייסיק יאָר
אַלט און העכער, און ביז פופציק יאָר אַלט, זאָלסטו זיי ציילן,
איטלאַכן וואָס גייט אַריין אין דינסט צו טאָן די אַרבעט פון אוהל־
מוֹעד. [31]און דאָס איז וואָס זיי דאַרפן אָפּהיטן צו טראָגן, לויט
זייער גאַנצן דינסט אין אוהל־מוֹעד: די ברעטער פון מִשכּן, און
זיינע ריגלען, און זיינע זיילן, און זיינע שוועלן; [32]און די זיילן

פון הויף רונד אַרום, און זייערע שוועלן, און זייערע פלעקלאַך, און זייערע שטריק–אַלע זייערע זאַכן, און אַלע זייערע צובאַהער. און מיט די נעמען זאָלט איר אויסציילן די זאַכן וואָס זיי דאַרפן אָפּהיטן צו טראָגן. [33]דאָס איז דער דינסט פון די משפחות פון די קינדער פון מְרָרִי, לויט אַל זייער דינסט אין אוהל־מוֹעד, אונטער דער האַנט פון אִיתָמָר דעם זון פון אַהרן דעם כּהן.

[34]און משה און אַהרן און די פירשטן פון דער עדה האָבן געציילט די קינדער פון די קְהָתִים לויט זייערע משפחות, און לויט זייערע פּאָטערהייזער, [35]פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער, און ביז פופציק יאָר אַלט, איטלאַכן וואָס איז אַריין אין דינסט צו דער אַרבעט אין אוהל־מוֹעד. [36]און זייערע געציילטע לויט זייערע משפחות, זיינען געווען צוויי טויזנט זיבן הונדערט און פופציק. [37]דאָס זיינען די געציילטע פון די משפחות פון די קְהָתִים, אַלע וואָס האָבן געדינט אין אוהל־מוֹעד, די וואָס משה און אַהרן האָבן געציילט לויט דעם מויל פון גאָט דורך משהן.

[38]און די געציילטע פון די קינדער פון גֵרשון לויט זייערע משפחות, און לויט זייערע פּאָטערהייזער, [39]פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער, און ביז פופציק יאָר אַלט, איטלאַכער וואָס איז אַריין אין דינסט צו דער אַרבעט אין אוהל־מוֹעד–[40]זייערע געציילטע לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פּאָטערהייזער, זיינען געווען צוויי טויזנט און זעקס הונדערט און דרייסיק. [41]דאָס זיינען די געציילטע פון די משפחות פון די קינדער פון גֵרשון, אַלע וואָס האָבן געדינט אין אוהל־מוֹעד, די וואָס משה און אַהרן האָבן געציילט לויט דעם מויל פון גאָט.

[42]און די געציילטע פון די משפחות פון די קינדער פון מְרָרִי לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פּאָטערהייזער, [43]פון דרייסיק

יאָר אַלט און העכער, און ביז פופציק יאָר אַלט, איטלאַכער וואָס איז אַריין אין דינסט צו דער אַרבעט אין אוהל־מוֹעד — [44]זייערע געציילטע לויט זייערע משפחות, זיינען געווען דריי טויזנט און צוויי הונדערט. [45]דאָס זיינען די געציילטע פון די משפחות פון די קינדער פון מְרָרִי, וואָס משה און אַהרן האָבן געציילט לויט דעם מויל פון גאָט דורך משהן.

[46]אַלע געציילטע וואָס משה און אַהרן און די פירשטן פון ישׂראל האָבן געציילט פון די לֵוִיִים לויט זייערע משפחות, און לויט זייערע פאָטערהייזער, [47]פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער, און ביז פופציק יאָר אַלט, איטלאַכער וואָס איז געקומען דינען דעם דינסט פון אַרבעט, און דעם דינסט פון טראָגן, אין אוהל־מוֹעד — [48]זייערע געציילטע זיינען געווען אַכט טויזנט און פינף הונדערט און אַכציק. [49]לויט דעם מויל פון גאָט דורך משהן האָט מען זיי געשטעלט יעטוועדער מאַן אויף זיין דינסט און אויף זיין משׂא. אַזוי איז געווען זייער ציילונג וואָס גאָט האָט באַפוילן משהן.

ה [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפעל די קינדער פון ישׂראל, זיי זאָלן אַרויסשיקן פון לאַגער איטלאַכן מצוֹרע, און איטלאַכן פלוסיקן, און איטלאַכן וואָס איז אומריין פון אַ טויטן לייב. [3]סיי אַ זָכר סיי אַ נקבה זאָלט איר אַרויסשיקן; אויסן לאַגער זאָלט איר זיי אַרויסשיקן, כּדי זיי זאָלן ניט פאַר־אומרייניקן זייערע לאַגערן וואָס איך רו צווישן זיי.

[4]האָבן די קינדער פון ישׂראל אַזוי געטאָן, און זיי האָבן זיי אַרויסגעשיקט אויסן לאַגער; אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי האָבן די קינדער פון ישׂראל געטאָן.

[5]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [6]רעד צו די קינדער פון ישׂראל:

אַ מאַן אָדער אַ פרוי, אַז זיי וועלן באַגיין עפּעס אַ

מענטשלאַכע זינד, צו פעלשן אַ פעלשונג אָן גאָט, און יענע זעל
וועט זיך פאַרשולדיקן, [7]זאָלן זיי זיך מתוודה זיין אויף זייער זינד
וואָס זיי האָבן באַגאַנגען; און ער זאָל אומקערן דעם קרן פון
זיין פאַרשולדיקונג, און צולייגן דערצו אַ פינפטל דערפון, און
אָפגעבן צו דעם קעגן וועמען ער האָט זיך פאַרשולדיקט. [8]און
אַז דער מאַן האָט ניט קיין קרוב, וועמען אומצוקערן דאָס פאַר־
שולדיקטע, זאָל דאָס פאַרשולדיקטע וואָס דאַרף אומגעקערט
ווערן, געהערן צו גאָט, צום כֹּהן; אַחוץ דעם ווידער פון פאַר־
געבונג, וואָס דערמיט זאָל מען מכפר זיין אויף אים.
[9]און יעטוועדער אָפשיידונג, פון אַלע געהייליקטע זאַכן
פון די קינדער פון ישׂראל, וואָס זיי וועלן ברענגען צום כֹּהן,
זאָל געהערן צו אים. [10]און די געהייליקטע זאַכן פון איטלאַכן
זאָלן געהערן צו אים: וואָס עמיצער וועט געבן צום כֹּהן, זאָל
געהערן צו אים.

[11]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [12]רעד
צו די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז עמיצן איינעמס ווייב וועט אַראָפּ פון וועג, און וועט פעלשן
אַ פעלשונג אָן אים, [13]און אַ מאַן וועט ליגן מיט איר אַ ביישלאָף
פון זאָמען, און עס וועט זיין פאַרהוילן פון די אויגן פון איר
מאַן, ווייל זי איז פאַראומרייניקט געוואָרן פאַרבאָרגענערהייט,
און קיין עדות אַקעגן איר איז ניטאָ, און זי איז ניט געכאַפּט
געוואָרן; [14]און אַ גייסט פון אייפערזוכט וועט קומען אויף אים,
און ער וועט ווערן אייפערזיכטיק אויף זיין ווייב, ווען זי איז
פאַראומרייניקט געוואָרן; אָדער אַ גייסט פון אייפערזוכט וועט
קומען אויף אים, און ער וועט ווערן אייפערזיכטיק אויף זיין
ווייב, און זי איז ניט פאַראומרייניקט געוואָרן; [15]זאָל דער מאַן
ברענגען זיין ווייב צום כֹּהן, און ברענגען איר קרבן מיט איר,
אַ צענטל אֵיפָה גערשטענע מעל; ער זאָל ניט אַרויפגיסן דערויף

אייל, און ניט אַרויפטאָן דערויף ווייַרויך, וואָרום אַ שפּייזאָפּפער
פון אייפערזוכט איז דאָס, אַ שפּייזאָפּפער פון דערמאָנונג, וואָס
דערמאָנט אַ זינד. [16]און דער כֹּהן זאָל זי מאַכן גענענען, און זי
אַוועקשטעלן פאַר גאָט. [17]און דער כֹּהן זאָל נעמען הייליקע
וואַסער אין אַ ליימענער כּלי, און פון דעם שטויב וואָס איז
אויפן באָדעם פון מִשכּן זאָל דער כֹּהן נעמען, און אַריינטאָן
אין דעם וואַסער. [18]און דער כֹּהן זאָל שטעלן די פרוי פאַר
גאָט, און צעשויבערן דעם קאָפּ פון דער פרוי, און געבן אויף
אירע האַנטפלעכן דאָס שפּייזאָפּפער פון דערמאָנונג, דאָס איז
דאָס שפּייזאָפּפער פון אייפערזוכט; און אין דעם כֹּהנס האַנט
זאָל זיין דאָסדאָזיקע וואַסער פון ביטערניש וואָס מאַכט פאַר־
שאָלטן. [19]און דער כֹּהן זאָל זי באַשווערן, און זאָגן צו דער
פרוי: אויב קיין מאַן איז ניט געלעגן מיט דיר, און אויב דו ביסט
ניט אַראָפּ פון וועג אין אומריינקייט הינטער דיין מאַן, בלייב אומ־
געשאַט פון דעמדאָזיקן וואַסער פון ביטערניש וואָס מאַכט פאַר־
שאָלטן. [20]אויב אָבער דו ביסט אַראָפּ פון וועג הינטער דיין מאַן,
און אויב דו ביסט פאַראומריייניקט געוואָרן, און אַ מאַן איז געלעגן
מיט דיר אַחוץ דיין מאַן—[21]און דער כֹּהן זאָל באַשווערן די פרוי
מיט אַ שבועה פון אַ קללה, און דער כֹּהן זאָל זאָגן צו דער פרוי
—זאָל דיך גאָט מאַכן פאַר אַ קללה און פאַר אַ שבועה צווישן
דיין פאָלק, אַז גאָט וועט מאַכן אַוועקפאַלן דיין דיך, און
געשוועלן דיין בויך; [22]און דאָסדאָזיקע וואַסער וואָס מאַכט פאַר־
שאָלטן זאָל אַריין אין דיינע אינגעווייד, צו מאַכן געשוועלן דעם
בויך, און מאַכן אַוועקפאַלן דעם דיך; און די פרוי זאָל זאָגן:
אָמן! אָמן! [23]און דער כֹּהן זאָל אויפשרייבן דידאָזיקע קללות
אויף אַ מגילה, און אָפּמעקן אין דעם וואַסער פון ביטערניש.
[24]און ער זאָל געבן טרינקען דער פרוי דאָס וואַסער פון ביטערניש
וואָס מאַכט פאַרשאָלטן, און דאָס וואַסער וואָס מאַכט

פֿאַרשאָלטן וועט אַריין אין איר פֿאַר אַ ביטערניש. [25]און דער
כֹּהן זאָל נעמען פֿון דער פֿרויס האַנט דאָס שפּייזאָפּפֿער פֿון
אײפֿערזוכט, און אויפֿהייבן דאָס שפּייזאָפּפֿער פֿאַר גאָט, און עס
גענענען צום מזבח. [26]און דער כֹּהן זאָל אָננעמען אַ הויפֿן פֿון
דעם שפּייזאָפּפֿער—זיין דערמאָנונג[א], און דעמפֿן אויפֿן מזבח;
און דערנאָך זאָל ער געבן טרינקען דער פֿרוי דאָס וואַסער.
[27]און אַז ער וועט איר געבן טרינקען דאָס וואַסער, איז, אויב
זי איז פֿאַראומרייניקט געוואָרן, און האָט געפֿעלשט אַ פֿעלשונג
אָן איר מאַן, וועט דאָס וואַסער וואָס מאַכט פֿאַרשאָלטן, אַריין
אין איר פֿאַר אַ ביטערניש, און איר בויך וועט געשוואָלן ווערן,
און איר דיך וועט אַוועקפֿאַלן; און די פֿרוי וועט ווערן פֿאַר אַ
קללה צווישן איר פֿאָלק. [28]אויב אָבער די פֿרוי איז ניט פֿאַר־
אומרייניקט געוואָרן, און זי איז ריין, וועט זי בלייבן אומגעשאַט,
און וועט אַנטפֿאַנגען זאָמען.
[29]דאָס איז דער דין פֿון אײפֿערזוכט: אַז אַ ווייב וועט אַראָפּ־
גיין פֿון וועג הינטער איר מאַן, און וועט פֿאַראומרייניקט ווערן,
[30]אָדער אַז אַ גייסט פֿון אײפֿערזוכט וועט קומען אויף אַ מאַן,
און ער וועט ווערן אײפֿערזיכטיק אויף זיין ווייב, זאָל ער
שטעלן די ווייב פֿאַר גאָט, און דער כֹּהן זאָל טאָן צו איר דעם־
דאָזיקן דין. [31]און דער מאַן וועט זיין ריין פֿון זינד, און יענע
פֿרוי וועט טראָגן איר זינד.

ו [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד צו די
קינדער פֿון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי וועט קלאָר אַ נדר טאָן דעם נדר
פֿון אַ נזיר, זיך אָפּצושיידן צו גאָט, [3]זאָל ער פֿון וויין און שטאַרקן
געטראַנק זיך אָפּהאַלטן; עסיק פֿון וויין און עסיק פֿון שטאַרקן
געטראַנק זאָל ער ניט טרינקען, און קיין זאַפֿט פֿון טרויבן זאָל

[א] זע ויקרא ב, 2

ער ניט טרינקען; און טרויבן פרישע אָדער געטריקנטע זאָל
ער ניט עסן. 4אַלע טעג פון זיין נזירשאַפט זאָל ער פון אַלץ
וואָס ווערט געמאַכט פון וויינשטאָק, פון קערנדלאַך ביז אַ
שאָלאַכץ, ניט עסן. 5אַלע טעג פון זיין נדר פון נזירשאַפט זאָל
אַ גאָלמעסער ניט אַריבערגיין איבער זיין קאָפּ; ביז עס ווערן
פול די טעג וואָס ער וועט זיך אָפּשיידן צו גאָט, זאָל ער זיין
הייליק: לאָזן וואַקסן ווילד די האָר פון זיין קאָפּ. 6אַלע טעג
וואָס ער שיידט זיך אָפּ צו גאָט, זאָל ער צו דעם לייב פון אַ
טויטן ניט צוגיין. 7אָן זיין פאָטער און אָן זיין מוטער, אָן זיין
ברודער און אָן זיין שוועסטער, אַפילו אָן זיי זאָל ער זיך ניט
פאַראומרייניקן, אַז זיי שטאַרבן, וואָרום די נזירשאַפט פון זיין
גאָט איז אויף זיין קאָפּ. 8אַלע טעג פון זיין נזירשאַפט איז ער
הייליק צו גאָט. 9און אַז עמיצער וועט שטאַרבן לעבן אים
פּלוצלינג אומגעריכט, און וועט פאַראומרייניקן זיין נזיר־קאָפּ,
זאָל ער אָפּגאָלן זיין קאָפּ אין דעם טאָג וואָס ער ווערט ריין:
אויפן זיבעטן טאָג זאָל ער אים אָפּגאָלן. 10און אויפן אַכטן
טאָג זאָל ער ברענגען צוויי טורטלטויבן, אָדער צוויי יונגע
טויבן, צום כּהן, צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד. 11און דער כּהן
זאָל מאַכן איינע פאַר אַ זינדאָפּפער, און איינע פאַר אַ בראַנד־
אָפּפער, און מכפּר זיין אויף אים פאַר וואָס ער האָט געזינדיקט
אָן דעם טויטן; און ער זאָל הייליקן זיין קאָפּ אין יענעם טאָג.
12און ער זאָל זיך אָפּשיידן צו גאָט די טעג פון זיין נזירשאַפט,
און ברענגען אַ יאָריקן שעפּס פאַר אַ שולדאָפּפער, און די
פריערדיקע טעג זאָלן אָפּפאַלן, וואָרום זיין נזירשאַפט איז
פאַראומרייניקט געוואָרן.

13און דאָס איז דער דין פון אַ נזיר: אין דעם טאָג וואָס די
טעג פון זיין נזירשאַפט ווערן פול, זאָל מען אים ברענגען צום
אַיינגאַנג פון אוהל־מועד; 14און ער זאָל גענענען זיין קרבן צו

גאָט, איין שעפּס אַ יאָריקן אָן אַ פעלער פאַר אַ בראַנדאָפּפער,
און איין שאָף אַ יאָריקע אָן אַ פעלער פאַר אַ זינדאָפּפער, און
איין ווידער אָן אַ פעלער פאַר אַ פרידאָפּפער, [15]און אַ קאָרב
אומגעזייערטן ברויט, חלות פון זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל,
און אומגעזייערטע קוכנס באַשמירט מיט אייל, און זייער
שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער. [16]און דער כּהן זאָל עס
גענענען פאַר גאָט, און מאַכן זיין זינדאָפּפער און זיין בראַנד־
אָפּפער. [17]און דעם ווידער זאָל ער מאַכן אַ פרידאָפּפער
צו גאָט, מיט דעם קאָרב אומגעזייערטן ברויט; און דער כּהן
זאָל מאַכן זיין שפּייזאָפּפער און זיין גיסאָפּפער. [18]און דער
נזיר זאָל אָפּגאָלן ביים אַיינגאַנג פון אוהל־מועד זיין נזיר־קאָפּ,
און נעמען די האָר פון זיין נזיר־קאָפּ, און אַרויפטאָן אויף
דעם פייער וואָס אונטערן פרידאָפּפער. [19]און דער כּהן זאָל
נעמען די שולטער, אַ געקאָכטע, פון דעם ווידער, און איין
אומגעזייערטע חלה פון דעם קאָרב, און איין אומגעזייערטן
קוכן, און אַרויפטאָן אויף דעם נזירס הענט, נאָכדעם ווי ער
האָט זיך אָפּגעגאָלט זיינע נזיר־האָר. [20]און דער כּהן זאָל זיי
אויפהייבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט; דאָס איז הייליק צום כּהן,
מיט דער ברוסט פון אויפהייבונג, און מיט דעם שענקל פון
אָפּשיידונג. און דערנאָך מעג דער נזיר טרינקען וויין.
[21]דאָס איז דער דין פון דעם נזיר וואָס טוט אַ נדר, וועגן
זיין קרבן צו גאָט פאַר זיין נזירשאַפט, אַחוץ וואָס זיין האַנט
פאַרמאָגט [נאָך צוצוגעבן]; אַזוי ווי זיין נדר וואָס ער וועט אַ
נדר טאָן, אַזוי מוז ער טאָן, לויט דעם דין פון זיין נזירשאַפט.

[22]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [23]רעד צו
אַהרנען און צו זיינע זין, אַזוי צו זאָגן: אַזוי זאָלט איר בענטשן
די קינדער פון ישׂראל; זאָגט צו זיי:

24גאָט זאָל דיך בענטשן,
אוּן דיך היטן!
25גאָט זאָל דערלײַכטן זײַן פּנים צו דיר,
אוּן דיך לײַטזעליקן!
26גאָט זאָל אוּיפהײבן זײַן פּנים צו דיר,
אוּן דיר באַשערן שלום!

27אוּן זײ זאָלן אַרוּיפטאָן מײַן נאָמען אוּיף די קינדער פוּן ישׂראל, אוּן איך װעל זײ בענטשן.

ז 1אוּן עס איז געװען, אין דעם טאָג װאָס משה האָט געענ־
דיקט אוּיפשטעלן דעם משכּן, אוּן האָט אים געזאַלבט, אוּן
אים געהײליקט מיט אַלע זײַנע כּלים, אוּן דעם מזבח מיט
אַלע זײַנע כּלים—אַז ער האָט זײ געזאַלבט אוּן זײ געהײליקט,
2האָבן געגעבן די פירשטן פוּן ישׂראל, די הוּיפּט פוּן זײערע
פאָטערהײַזער—זײ, די פירשטן פוּן די שבטים, זײ װאָס זײַנען
געשטאַנען בײַ דער צײלוּנגא; 3אוּן זײ האָבן געבראַכט זײער
קרבן פאַר גאָט, זעקס צוּגעדעקטע װעגן, אוּן צװעלף רינדער:
אַ װאָגן פאַר צװײ פירשטן, אוּן אַן אָקס פאַר איטלאַכן; אוּן
זײ האָבן זײ געגעבן צוּם משכּן. 4האָט גאָט געזאָגט צו משהן,
אַזױ צו זאָגן: 5נעם צו פוּן זײ, אוּן עס זאָל זײַן אוּיף צו דינען
דעם דינסט פוּן אוֹהל־מוֹעד; אוּן זאָלסט עס געבן צו די לוִיִים,
איטלאַכען לוּיט זײַן דינסט. 6האָט משה גענוּמען די װעגן אוּן די
רינדער, אוּן האָט זײ געגעבן צו די לוִיִים. 7צװײ װעגן אוּן פיר
רינדער האָט ער געגעבן צו די קינדער פוּן גֵרשוֹן, לוּיט זײער
דינסט. 8אוּן פיר װעגן אוּן אַכט רינדער האָט ער געגעבן צו
די קינדער פוּן מְרָרי, לוּיט זײער דינסט אוּנטער דער האַנט
פוּן אִיתָמָר דעם זוּן פוּן אַהרן דעם כּהן. 9אָבער צו די קינדער
פוּן קְהָת האָט ער גאָרנישט געגעבן, װאָרוּם דער דינסט פוּן

א זע א׳, 4.

די הייליקע זאַכן איז געווען אויף זיי; אויפן אַקסל האָבן זיי
געדאַרפט טראָגן.
[10]און די פירשטן האָבן געבראַכט די באַנייאונג פון מזבח
אין דעם טאָג וואָס ער איז געזאַלבט געוואָרן—די פירשטן
האָבן געבראַכט זייער קרבן פאַר דעם מזבח. [11]און גאָט האָט
געזאָגט צו משהן: צו איין פירשט אַ טאָג, צו איין פירשט אַ טאָג,
זאָלן זיי ברענגען זייער קרבן פאַר דער באַנייאונג פון מזבח.
[12]און דער וואָס האָט געבראַכט זיין קרבן דעם ערשטן
טאָג איז געווען נַחשון דער זון פון עַמינָדָבן, פון שבט יהודה.
[13]און זיין קרבן איז געווען: איין זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג
איז געווען הונדערט און דרייסיק שֶקל, איין זילבערנער
שפרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל, אויפן הייליקן שֶקל;ביידע
פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל, פאַר אַ שפייזאָפפער;
[14]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל, פול מיט ווייַרויך; [15]איין
יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפס אַ יאָריקער, פאַר אַ בראַנד־
אָפפער; [16]איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפפער; [17]און פאַר אַ פריד־
אָפפער, צוויי רינדער, פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפסן
יאָריקע. דאָס איז דער קרבן פון נַחשון דעם זון פון עַמינָדָבן.
[18]אויפן צווייטן טאָג האָט געבראַכט נתַנאֵל דער זון פון
צוֹעָרן, דער פירשט פון יששָכָר. [19]ער האָט געבראַכט פאַר
זיין קרבן איין זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען
הונדערט און דרייסיק שֶקל, איין זילבערנעם שפרענגבעקן פון
זיבעציק שֶקל, אויפן הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל
פאַרמישט מיט אייל, פאַר אַ שפייזאָפפער; [20]איין גילדערנע שאָל
פון צען שֶקל, פול מיט ווייַרויך; [21]איין יונגן אָקס, איין ווידער,
איין שעפס אַ יאָריקן, פאַר אַ בראַנדאָפפער; [22]איין ציגנבאָק
פאַר אַ זינדאָפפער; [23]און פאַר אַ פרידאָפפער, צוויי רינדער,
פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפסן יאָריקע. דאָס איז
דער קרבן פון נתַנאֵל דעם זון פון צוֹעָרן.

24אויפֿן דריטן טאָג, דער פֿירשט פֿון די קינדער פֿון זבולון,
אֶליאָב דער זון פֿון חֵלונען. 25זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פֿון זיבעציק שֶקל, אויפֿן
הייליקן שֶקל; ביידע פֿול מיט זעמלמעל פֿאַרמישט מיט אייל,
פֿאַר אַ שפּייזאָפּפֿער; 26איין גילדערנע שאָל פֿון צען שֶקל, פֿול
מיט ווייַרויך; 27איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ
יאָריקער, פֿאַר אַ בראַנדאָפּפֿער; 28איין ציגנבאָק פֿאַר אַ זינד־
אָפּפֿער; 29און פֿאַר אַ פֿרידאָפּפֿער, צוויי רינדער, פֿינף
ווידערס, פֿינף בעק, פֿינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פֿון אֶליאָב דעם זון פֿון חֵלונען.

30אויפֿן פֿירטן טאָג, דער פֿירשט פֿון די קינדער פֿון ראובן,
אֶליצור דער זון פֿון שדֵיאורן. 31זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פֿון זיבעציק שֶקל, אויפֿן
הייליקן שֶקל; ביידע פֿול מיט זעמלמעל פֿאַרמישט מיט אייל,
פֿאַר אַ שפּייזאָפּפֿער; 32איין גילדערנע שאָל פֿון צען שֶקל, פֿול
מיט ווייַרויך; 33איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ
יאָריקער, פֿאַר אַ בראַנדאָפּפֿער; 34איין ציגנבאָק פֿאַר אַ זינד־
אָפּפֿער; 35און פֿאַר אַ פֿרידאָפּפֿער, צוויי רינדער, פֿינף ווידערס,
פֿינף בעק, פֿינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער קרבן פֿון
אֶליצור דעם זון פֿון שדֵיאורן.

36אויפֿן פֿינפֿטן טאָג, דער פֿירשט פֿון די קינדער פֿון שמעון,
שלומיאֵל דער זון פֿון צורישַדָין. 37זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און
דרייסיק שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פֿון זיבעציק שֶקל,
אויפֿן הייליקן שֶקל; ביידע פֿול מיט זעמלמעל פֿאַרמישט מיט
אייל, פֿאַר אַ שפּייזאָפּפֿער; 38איין גילדערנע שאָל פֿון צען שֶקל,

פול מיט ווייַרויך; [39]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ יאָריקער, פאַר אַ בראַנדאָפּפער; [40]איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפּפער; [41]און פאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער קרבן פון שלומיאֵל דעם זון פון צורישַדַין.

[42]אויפן זעקסטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון גָד, אֶליָסָף דער זון פון דְעוּאֵלן. [43]זיין קרבן איז געווען: איין זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל, אויפן הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל, פאַר אַ שפּייזאָפּפער; [44]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל, פול מיט ווייַרויך; [45]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ יאָריקער, פאַר אַ בראַנדאָפּפער; [46]איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפּפער; [47]און פאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער קרבן פון אֶליָסָף דעם זון פון דְעוּאֵלן.

[48]אויפן זיבעטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון אפרים, אֶלישָמָע דער זון פון עַמיהודן. [49]זיין קרבן איז געווען: איין זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל, אויפן הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל, פאַר אַ שפּייזאָפּפער; [50]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל, פול מיט ווייַרויך; [51]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ יאָריקער, פאַר אַ בראַנדאָפּפער; [52]איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפּפער; [53]און פאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער קרבן פון אֶלישָמָע דעם זון פון עַמיהודן.

[54]אויפן אַכטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון מנשה,

גַמליִאֵל דער זון פון פְּדָהצורן. [55]זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל, אויפן
הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל,
פאַר אַ שפּייזאָפּפער; [56]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל, פול
מיט ווייַרויך; [57]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ
יאָריקער, פאַר אַ בראַנדאָפּפער; [58]איין ציגנבאָק פאַר אַ
זינדאָפּפער; [59]און פאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף
ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פון גַמליִאֵל דעם זון פון פְּדָהצורן.

[60]אויפן ניינטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון בנימין,
אֲבִידָן דער זון פון גִדעוֹנין. [61]זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל, אויפן
הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל,
פאַר אַ שפּייזאָפּפער; [62]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל, פול
מיט ווייַרויך; [63]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ
יאָריקער, פאַר אַ בראַנדאָפּפער; [64]איין ציגנבאָק פאַר אַ
זינדאָפּפער; [65]און פאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף
ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פון אֲבִידָן דעם זון פון גִדעוֹנין.

[66]אויפן צענטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון דָן,
אֲחִיעֶזֶר דער זון פון עַמישַדַין. [67]זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶקל,
אויפן הייליקן שֶקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט
אייל, פאַר אַ שפּייזאָפּפער; [68]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶקל,
פול מיט ווייַרויך; [69]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס

אַ יאָריקער, פּאַר אַ בראַנדאָפּפער; [70]איין ציגנבאָק פּאַר אַ
זינדאָפּפער; [71]און פּאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף
ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פון אֲחִיעֶזֶר דעם זון פון עַמִישַׁדָּין.

[72]אויפן עלפטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון אָשר,
פַּגְעִיאֵל דער זון פון עָכְרָנען. [73]זיין קרבן איז געווען: איין
זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און דרייסיק
שֶׁקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק שֶׁקל, אויפן
הייליקן שֶׁקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל,
פּאַר אַ שפּייזאָפּפער; [74]איין גילדערנע שאָל פון צען שֶׁקל, פול
מיט ווייררויך; [75]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין שעפּס אַ
יאָריקער, פּאַר אַ בראַנדאָפּפער; [76]איין ציגנבאָק פּאַר אַ
זינדאָפּפער; [77]און פּאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף
ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פון פַּגְעִיאֵל דעם זון פון עָכְרָנען.

[78]אויפן צוועלפטן טאָג, דער פירשט פון די קינדער פון
נפתלי, אֲחִירַע דער זון פון עֵינָנען. [79]זיין קרבן איז געווען:
איין זילבערנע שיסל וואָס איר וואָג איז געווען הונדערט און
דרייסיק שֶׁקל, איין זילבערנער שפּרענגבעקן פון זיבעציק
שֶׁקל, אויפן הייליקן שֶׁקל; ביידע פול מיט זעמלמעל פאַרמישט
מיט אייל, פּאַר אַ שפּייזאָפּפער; [80]איין גילדערנע שאָל פון צען
שֶׁקל, פול מיט ווייררויך; [81]איין יונגער אָקס, איין ווידער, איין
שעפּס אַ יאָריקער, פּאַר אַ בראַנדאָפּפער; [82]איין ציגנבאָק פּאַר
אַ זינדאָפּפער; [83]און פּאַר אַ פרידאָפּפער, צוויי רינדער, פינף
ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע. דאָס איז דער
קרבן פון אֲחִירַע דעם זון פון עֵינָנען.

[84]דאָס איז געווען די באַנייאונג פון דעם מזבח, אין דעם
טאָג וואָס ער איז געזאַלבט געוואָרן, פון די פירשטן פון ישׂראל:

צוועלף זילבערנע שיסלען, צוועלף זילבערנע שפּרענגבעקנס,
צוועלף גילדערנע שאָלן; [85]איטלאַכע שיסל הונדערט און
דרייסיק [שֶׁקל] זילבער, און איטלאַכער שפּרענגבעקן זיבעציק;
דאָס גאַנצע זילבער פון די כּלים, צוויי טויזנט און פיר
הונדערט, אויפן הייליקן שֶׁקל. [86]צוועלף גילדערנע שאָלן פול
מיט ווייררויך, צו צען, צו צען [שֶׁקל] אַ שאָל, אויפן הייליקן
שֶׁקל; דאָס גאַנצע גאָלד פון די שאָלן, הונדערט און צוואַנציק.
[87]אַלע רינדער פאַר בראַנדאָפּפער: צוועלף אָקסן; ווידערס
צוועלף; שעפּסן יאָריקע צוועלף, מיט זייער שפּייזאָפּפער, און
ציגנבעק צוועלף, פאַר זינדאָפּפער. [88]און אַלע רינדער פאַר
פרידאָפּפער: פיר און צוואַנציק אָקסן; ווידערס זעכציק, בעק
זעכציק, שעפּסן יאָריקע זעכציק. דאָס איז געווען די
באַנייאונג פון דעם מזבח נאָכדעם ווי ער איז געזאַלבט געוואָרן.
[89]און אַז משה איז געקומען אין אוהל־מועד כּדי [גאָט] זאָל
רעדן מיט אים, האָט ער געהערט דעם קָול רעדן צו אים פון
איבער דעם דעק וואָס אויפן אָרון פון געזעץ, פון צווישן די
צוויי כּרובים; אַזוי האָט ער גערעדט צו אים.

## בְּהַעֲלֹתְךָ

ח [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד צו
אַהרֹנען און זאָלסט זאָגן צו אים: אַז דו צינדסט אָן די ליכט
זאָלן די זיבן רערלאַך לייכטן פאָרנט צו פון דער מנורה.
[3]און אַהרן האָט אַזוי געטאָן: ער האָט אָנגעצונדן די רערלאַך
פאָרנט צו פון דער מנורה, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.
[4]און אַזוי איז געווען די אַרבעט פון דער מנורה: געהאַמערט
פון גאָלד; ביז אויף איר פוסגעשטעל, ביז אויף אירע בלומען,
איז זי געווען געהאַמערט; אַזוי ווי די זעאונג וואָס גאָט האָט
באַוויזן משהן, אַזוי האָט ער געמאַכט די מנורה.

5און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 6נעם די לוִיִם פֿון צווישן די קינדער פֿון ישׂראל, און זאָלסט זיי רייניקן. 7און אַזוי זאָלסטו טאָן צו זיי, זיי צו רייניקן: שפּריץ אויף זיי וואַסער פֿון רייניקונג, און זיי זאָלן אַריבערפֿירן אַ גאָלמעסער איבער זייער גאַנצן לייב, און וואַשן זייערע קליידער, און זיך רייניקן. 8און זיי זאָלן נעמען אַ יונגן אָקס, און דאָס שפּייז אָפּפֿער דערצו פֿון זעמלמעל פֿאַרמישט מיט אייל; און אַ צווייטן יונגן אָקס זאָלסטו נעמען פֿאַר אַ זינדאָפּפֿער. 9און זאָלסט מאַכן גענענען די לוִיִם פֿאַרן אוהל־מועד; און זאָלסט אײַנזאַמלען די גאַנצע עדה פֿון די קינדער פֿון ישׂראל. 10און זאָלסט מאַכן גענענען די לוִיִם פֿאַר גאָט, און די קינדער פֿון ישׂראל זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויף די לוִיִם. 11און אַהרן זאָל אויפֿהייבן די לוִיִם אַן אויפֿהייבונג פֿאַר גאָט פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, כּדי זיי זאָלן זײַן אויף צו דינען דעם דינסט פֿון גאָט. 12און די לוִיִם זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויפֿן קאָפּ פֿון די אָקסן; און מאַך איינעם אַ זינדאָפּפֿער און איינעם אַ בראַנדאָפּפֿער צו גאָט, מכפּר צו זײַן אויף די לוִיִם. 13און זאָלסט שטעלן די לוִיִם פֿאַר אַהרנען און פֿאַר זײַנע זין, און זיי אויפֿהייבן אַן אויפֿהייבונג צו גאָט. 14און זאָלסט אָפּשיידן די לוִיִם פֿון צווישן די קינדער פֿון ישׂראל, און די לוִיִם זאָלן געהערן צו מיר. 15און דערנאָך זאָלן קומען די לוִיִם צו באַדינען דעם אוהל־מועד; און זאָלסט זיי רייניקן, און זיי אויפֿהייבן אַן אויפֿהייבונג. 16וואָרום אָפּגעגעבן זײַנען זיי אָפּגעגעבן צו מיר פֿון צווישן די קינדער פֿון ישׂראל; אָנשטאָט איטלאַכן וואָס עפֿנט דעם טראַכט, איטלאַכן בכור פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, האָב איך זיי גענומען פֿאַר מיר. 17וואָרום צו מיר געהערט איטלאַכער בכור צווישן די קינדער פֿון ישׂראל, פֿון אַ

מענטשן אָדער פון אַ בהמה; אין דעם טאָג וואָס איך האָב דער־
שלאָגן אַלע בכורים אין לאַנד מִצרַיִם, האָב איך זיי געהייליקט
צו מיר. [18]און איך האָב גענומען די לוִיִים אָנשטאָט אַלע
בכורים צווישן די קינדער פון ישׂראל. [19]און איך האָב געגעבן
די לוִיִים אָפּגעגעבענע צו אַהרֹנען און צו זיינע קינדער פון
צווישן די קינדער פון ישׂראל, צו דינען דעם דינסט פון די
קינדער פון ישׂראל אין אוהל־מוֹעד, און מכפּר צו זיין אויף די
קינדער פון ישׂראל, כּדי עס זאָל ניט זיין צווישן די קינדער
פון ישׂראל אַ פּלאָג, אַז די קינדער פון ישׂראל וועלן גענענען
צום הייליקטום.

[20]און משה און אַהרן און די גאַנצע עדה פון די קינדער פון
ישׂראל האָבן אַזוי געטאָן צו די לוִיִים; אַזוי ווי אַלץ וואָס גאָט
האָט באַפוילן משהן וועגן די לוִיִים, אַזוי האָבן די קינדער
פון ישׂראל צו זיי געטאָן. [21]און די לוִיִים האָבן זיך געריייניקט,
און האָבן געוואַשן זייערע קליידער; און אַהרן האָט זיי אויפ־
געהויבן אַן אויפהייבונג פאַר גאָט, און אַהרן האָט מכפּר געווען
אויף זיי, כּדי זיי צו רייניקן. [22]און דערנאָך זיינען געקומען די
לוִיִים צו דינען זייער דינסט אין אוהל־מוֹעד, אונטער אַהרֹנען
און אונטער זיינע זין; אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן וועגן די
לוִיִים, אַזוי האָבן זיי צו זיי געטאָן.

[23]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [24]דאָס איז
וועגן די לוִיִים: פון פינף און צוואַנציק יאָר אַלט און העכער
זאָל ער קומען צו דינען דעם דינסט ביי דער אַרבעט פון
אוהל־מוֹעד. [25]און נאָך פופציק יאָר אַלט זאָל ער זיך אומ־
קערן פון דעם אַרבעטדינסט, און מער ניט דינען. [26]נאָר ער
זאָל אונטערהעלפן זיינע ברידער אין אוהל־מוֹעד צו היטן די
היטונג, אָבער קיין דינסט זאָל ער מער ניט דינען. אַזוי זאָלסטו
טאָן מיט די לוִיִים אין זייערע היטונגען.

ט [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן אין מדבר סיני, אין צווייטן
יאָר נאָך זייער אַרויסגיין פון לאַנד מִצְרַיִם, אין ערשטן
חודש, אַזוי צו זאָגן: [2]די קינדער פון ישׂראל זאָלן מאַכן דעם
קָרבן־פֶּסַח אין זיין געשטעלטער צייט. [3]אין פערצנטן טאָג
פון דעמדאָזיקן חודש קעגן אָוונט, אין זיין געשטעלטער צייט
זאָלט איר אים מאַכן; לויט אַלע זיינע דינים און לויט אַלע
זיינע געזעצן זאָלט איר אים מאַכן.
[4]האָט משה גערעדט צו די קינדער פון ישׂראל, צו מאַכן
דעם קָרבן־פֶּסַח. [5]און זיי האָבן געמאַכט דעם קָרבן־פֶּסַח אין
ערשטן חודש, אין פערצנטן טאָג פון חודש קעגן אָוונט, אין
מדבר סיני; אַזוי ווי אַלץ וואָס גאָט האָט באַפוילן משהן, אַזוי
האָבן די קינדער פון ישׂראל געטאָן.
[6]אָבער עס זיינען געווען מענער וואָס זיינען געווען אומ־
ריין פון דעם טויטן לייב פון אַ מענטשן, און זיי האָבן ניט
געקענט מאַכן דעם קָרבן־פֶּסַח אין יענעם טאָג; האָבן זיי גענענט
פאַר משהן און פאַר אַהרנען אין יענעם טאָג. [7]און יענע
מענער האָבן צו אים געזאָגט: מיר זיינען אומריין פון דעם טויטן
לייב פון אַ מענטשן; פאַרוואָס זאָלן מיר געמינערט ווערן, ניט
מקריב צו זיין דעם קרבן פון גאָט אין זיין געשטעלטער צייט
צווישן די קינדער פון ישׂראל? [8]האָט משה געזאָגט צו זיי: האַרט,
און איך וועל הערן וואָס גאָט וועט באַפעלן וועגן אַייך.
[9]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [10]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: אַז עמיצער איינער פון
אַייך, אָדער פון אַייערע קומעדיקע דורות וועט זיין אומריין
פון אַ טויטן לייב, אָדער זיין אין אַ וויטן וועג, זאָל ער פון
דעסטוועגן מאַכן אַ קָרבן־פֶּסַח צו גאָט. [11]אין צווייטן חודש,
אין פערצנטן טאָג, קעגן אָוונט זאָלן זיי אים מאַכן; מיט מצות
און ביטערע קרייטאַכער זאָלן זיי אים עסן. [12]זיי זאָלן ניט

איבערלאָזן פון אים ביז אין דער פרי, און אַ ביין זאָלן זיי ניט צעבּרעכן אין אים; לויט דעם גאַנצן דין פון קרבן־פּסח זאָלן זיי אים מאַכן. [13]אָבער דער מאַן וואָס איז ריין, און אין וועג איז ער ניט, און ער פאַרמייט זיך צו מאַכן דעם קרבן־פּסח, יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון איר פאָלק; ווייל ער האָט דעם קרבן פון גאָט ניט מקריב געווען אין זיין געשטעלטער צייט, זאָל יענער מאַן טראָגן זיין זינד.

[14]און אַז בּיי אייך וועט זיך אויפהאַלטן אַ פרעמדער, און ער וועט מאַכן אַ קרבן־פּסח צו גאָט, איז, אַזוי ווי דער דין פון קרבן־פּסח און אַזוי ווי זיין געזעץ, אַזוי זאָל ער טאָן; איין דין זאָל זיין בּיי אייך אי פאַר דעם פרעמדן, אי פאַר דעם איינ־געבּאָרענעם פון לאַנד.

[15]און אין דעם טאָג וואָס מע האָט אויפגעשטעלט דעם מִשכּן, האָט דער וואָלקן צוגעדעקט דעם מִשכּן, דאָס געצעלט פון געזעץ; און אין אָוונט פלעגט זיין איבּערן מִשכּן אַזוי ווי דאָס אויסזען פון פייער, בּיז אין דער פרי. [16]אַזוי פלעגט זיין תּמיד: דער וואָלקן פלעגט אים צודעקן, און דאָס אויסזען פון פייער בּיי נאַכט. [17]און ווערליק דער וואָלקן פלעגט זיך אויפהייבּן פון איבּערן געצעלט, אַזוי פלעגן דערנאָך ציען די קינדער פון ישׂראל; און אין דעם אָרט וואָס דער וואָלקן פלעגט דאָרטן רוען, דאָרטן פלעגן לאַגערן די קינדער פון ישׂראל. [18]לויט דעם מויל פון גאָט פלעגן ציען די קינדער פון ישׂראל, און לויט דעם מויל פון גאָט פלעגן זיי לאַגערן; כּל־זמן דער וואָלקן פלעגט רוען אויפן מִשכּן, פלעגן זיי לאַגערן. [19]און אַז דער וואָלקן האָט זיך פאַרלענגערט אויפן מִשכּן פיל טעג, האָבּן די קינדער פון ישׂראל געהיט די היטונג פון גאָט, און פלעגן ניט ציען. [20]און אַמאָל פלעגט דער וואָלקן זיין געציילטע טעג אויפן מִשכּן; לויט דעם מויל פון גאָט פלעגן זיי לאַגערן, און

לויט דעם מויל פון גאָט פלעגן זיי ציען. [21]און אַמאָל פלעגט
זיין דער וואָלקן פון אָוונט ביז אין דער פרי, און ווי דער וואָלקן
האָט זיך אויפגעהויבן אין דער פרי, אַזוי האָבן זיי געצויגן;
אָדער אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און ווי דער וואָלקן האָט זיך אויפ־
געהויבן, אַזוי האָבן זיי געצויגן. [22]צי צוויי טעג, צי אַ חודש, צי
אַ יאָר—אַז דער וואָלקן האָט זיך פאַרלענגערט אויפן מִשכּן
צו רוען אויף אים, פלעגן די קינדער פון ישׂראל לאַגערן און
ניט ציען, און ווי ער האָט זיך אויפגעהויבן, פלעגן זיי ציען.
[23]לויט דעם מויל פון גאָט פלעגן זיי לאַגערן, און לויט דעם
מויל פון גאָט פלעגן זיי ציען; זיי האָבן געהיט די היטונג פון גאָט,
לויט דעם מויל פון גאָט דורך משהן.

י [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]מאַך דיר
צוויי זילבערנע טרומייטן; געהאַמערט זאָלסטו זיי מאַכן;
און זיי זאָלן דיר זיין פאַר צונויפרופן די עדה, און פאַר מאַכן
ציען די לאַגערן. [3]און אַז מע וועט בלאָזן אין זיי, זאָל זיך
צונויפקומען צו דיר די גאַנצע עדה צום אַיינגאַנג פון אוהל־מועד.
[4]און אויב מע וועט בלאָזן אין אײנעם, זאָלן זיך צונויפקומען
צו דיר די פירשטן, די הויפּטלייט פון די טויזנטן פון ישׂראל.
[5]און אַז איר וועט בלאָזן אַ שאַלרוף, זאָלן ציען די לאַגערן וואָס
לאַגערן צו מזרח. [6]און אַז איר וועט בלאָזן אַ צווייטן שאַלרוף,
זאָלן ציען די לאַגערן וואָס לאַגערן צו דָרום; אַ שאַלרוף זאָל
מען בלאָזן פאַר זייערע ציאונגען. [7]אָבער ביים אַיינזאַמלען
די אַיינזאַמלונג זאָלט איר בלאָזן, אָבער ניט אַרויסלאָזן אַ שאַל־
רוף. [8]און אַהרנס זין, די כּהנים, זאָלן בלאָזן אין די טרומייטן;
און דאָס זאָל אײַך זיין פאַר אַן אײביקן געזעץ אויף אײַערע
דור־דורות. [9]און אַז איר וועט גיין אויף מלחמה אין אײַער
לאַנד אַקעגן דעם שׂונא וואָס דריקט אײַך, זאָלט איר שאַלן
אין די טרומייטן, און איר וועט דערמאָנט ווערן פאַר גאָט אײַער

האַר, און וועט געהאָלפן ווערן פון אײַערע פײַנט. [10]און
אין אײַער טאָג פון שמחה, און אין אײַערע יום־טובים, און אין
אײַערע ראָש־חודשן, זאָלט איר בלאָזן אין די טרומייטן אויף
אײַערע בראַנדאָפּפער און אויף אײַערע פרידאָפּפער; און זיי
וועלן אײַך זײַן צו אַ דערמאָנונג פאַר אײַער גאָט; איך בין יהוה
אײַער גאָט.

[11]און עס איז געווען אין צווייטן יאָר, אין צווייטן חודש, אין
צוואַנציקסטן טאָג פון חודש, האָט זיך אויפגעהויבן דער וואָלקן
פון איבערן מִשכּן פון געזעץ. [12]און די קינדער פון ישׂראל
האָבן געצויגן אויף זייערע ציאונגען פון מדבר סיני; און דער
וואָלקן האָט גערוט אין מדבר פּאָרן. [13]אַזוי האָבן זיי געצויגן
צום ערשטן מאָל לויט דעם מויל פון גאָט דורך משהן. [14]און
צוערשט האָט געצויגן די פאָן פון דעם לאַגער פון די קינדער
פון יהודה, לויט זייערע מחנות; און איבער זײַן מחנה איז
געווען נַחשון דער זון פון עַמינָדָבן. [15]און איבער דער מחנה פון
דעם שבט פון די קינדער פון יִששָׂכָר, נתַנאֵל דער זון פון צוּעַרן.
[16]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון
זבולון, אֶליאָב דער זון פון חֵלונען. [17]און אַז דער מִשכּן איז
פאַנאַנדערגענומען געוואָרן, האָבן געצויגן די קינדער פון גֵרשון,
און די קינדער פון מְרָרי, די טרעגער פון דעם מִשכּן. [18]און
עס האָט געצויגן די פאָן פון דעם לאַגער פון ראובן, לויט
זייערע מחנות; און איבער זײַן מחנה איז געווען אֶליצור דער
זון פון שדֵיאורן, [19]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון
די קינדער פון שמעון, שלומיאֵל דער זון פון צורישַדַין. [20]און
איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון גָד, אֶליָסָף
דער זון פון דְעואֵלן. [21]און עס האָבן געצויגן די קְהָתים, די
טרעגער פון די הייליקע זאַכן; און מע האָט אויפגעשטעלט
דעם מִשכּן איידער זיי זײַנען געקומען. [22]און עס האָט געצויגן

די פאָן פון דעם לאַגער פון די קינדער פון אפרים, לויט זייערע מחנות; און איבער זיין מחנה איז געווען אֶלישָמָע דער זון פון עַמיהודן. [23]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון מנשה, גַמליאֵל דער זון פון פּדָהצורן. [24]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון בנימין, אַבידָן דער זון פון גִדעוֹנין. [25]און עס האָט געצויגן די פאָן פון דעם לאַגער פון די קינדער פון דָן, די הינטערוואַך פון אַלע לאַגערן ,לויט זייערע מחנות; און איבער זיין לאַגער איז געווען אַחִיעֶזֶר דער זון פון עַמישַדַין. [26]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון אָשר, פַּגעִיאֵל דער זון פון עָכרָנען. [27]און איבער דער מחנה פון דעם שבט פון די קינדער פון נפתלי, אַחירַע דער זון פון עֵינָנען. [28]דאָס זיינען די ציאונגען פון די קינדער פון ישׂראל לויט זייערע מחנות; אַזוי האָבן זיי געצויגן.

[29]און מֹשה האָט געזאָגט צו חוֹבָב דעם זון פון רְעוּאֵל דעם מִדיָני, מֹשהס שווער: מיר ציען צו דעם אָרט וואָס גאָט האָט געזאָגט: איך וועל אים געבן צו אַייך; קום מיט אונדז, און מיר וועלן דיך באַגיטיקן, וואָרום גאָט האָט צוגעזאָגט גוטס פאַר ישׂראל. [30]האָט ער צו אים געזאָגט: איך וועל ניט גיין; נייערט צו מיין לאַנד און צו מיין אָפּשטאַם וועל איך גיין. [31]האָט ער געזאָגט: זאָלסט אונדז ניט פאַרלאָזן, איך בעט דיך; דערפאַר ווייל דו ווייסט ווו מיר קענען לאַגערן אין מדבר, און וועסט אונדז זיין פאַר אויגן. [32]און עס וועט זיין, אַז דו וועסט גיין מיט אונדז, איז, פון דעם גוטס וואָס גאָט וועט אונדז באַגיטיקן, וועלן מיר דיך באַגיטיקן.

[33]און זיי האָבן געצויגן פון דעם באַרג פון גאָט דריי טעג וועגס, און דער אָרון פון גאָטס בונד האָט געצויגן זיי פאַרויס דריי טעג וועגס, אויסצוזוכן פאַר זיי אַ רואָרט. [34]און דער וואָלקן פון גאָט איז געווען איבער זיי ביי טאָג, ווען זיי האָבן געצויגן

פון לאַגער. [35]און עס איז געווען, אַז דער אָרון האָט געצויגן,
האָט משה געזאָגט:

שטיי אויף, גאָט, און זאָלן צעשפּרייט ווערן דיינע פיינט,
און זאָלן אַנטלויפן דיינע שׂונאים פאַר דיר!

[36]און אַז ער האָט גערוט, האָט ער געזאָגט:
קער אַיין, גאָט, צו די צענטויזנטן
פון די משפּחות פון ישׂראל!

יא [1]און דאָס פאָלק האָט זיך באַקלאָגט אויף שלעכטס אין
די אויערן פון גאָט, און גאָט האָט געהערט, און זיין צאָרן
האָט געגרימט, און אַ פייער פון גאָט האָט געברענט צווישן
זיי, און האָט פאַרצערט ביים עק לאַגער. [2]האָט דאָס פאָלק
געשריען צו משהן, און משה האָט מתפּלל געווען צו גאָט, און
דאָס פייער האָט זיך געזעצט. [3]און מע האָט גערופן דעם נאָ־
מען פון יענעם אָרט תַּבְעֵרָה[א], ווייל אַ פייער פון גאָט האָט
געברענט צווישן זיי.

[4]און די צונויפגעלאָפענע וואָס צווישן זיי האָבן געגלוסט
אַ גלוסטונג; און אויך די קינדער פון ישׂראל האָבן ווידער
געוויינט, און זיי האָבן געזאָגט: ווער מע זאָל אונדז געבן עסן פלייש!
[5]מיר געדענקען די פיש וואָס מיר פלעגן עסן אין מִצְרַיִם
אומזיסט, די פלוצערן, און די קירבעס, און דאָס גרינס, און די
ציבעלעס, און די קנאָבל. [6]און אַצונד איז אונדזער זעל פאַר־
טריקנט; ניטאָ קיין זאַך; בלויז אויפן מָן זיינען אונדזערע אויגן.

[7]און דער מָן איז געווען אַזוי ווי קאָריאַנדערזאָמען, און
זיין אָנבליק אַזוי ווי דער אָנבליק פון בדוֹלַח[ב]. [8]דאָס פאָלק
האָט זיך פאַרשפּרייט, און האָט עס אויפגעקליבן, און געמאָלן
אין אַ האַנטמיל, אָדער געשטויסן אין אַ שטייסל, און געקאָכט
אין אַ טאָפּ, אָדער געמאַכט דערפון קוכנס. און דער טעם

[א] בראַנד. [ב] אַ מין שמעקעדיקע בוימפעך. לויט אַנדערע: אַ מין טייער שטיין, אָדער פּערל.

דערפון איז געווען ווי דער טעם פון אַן איילקיכל. [9]און ווי
דער טוי האָט אַראָפּגענידערט אויפן לאַגער בײַ נאַכט, פלעגט
אַראָפּנידערן דערויף דער מַן.

[10]און משה האָט געהערט דאָס פאָלק וויינען משפחות־ווײַז,
איטלאַכער פאַר דעם אײַנגאַנג פון זײַן געצעלט, און דער צאָרן
פון גאָט האָט זייער געגרימט, און עס איז געווען שלעכט אין
די אויגן פון משהן. [11]און משה האָט געזאָגט צו גאָט: פאַרוואָס
טוסטו שלעכטס דײַן קנעכט, און פאַרוואָס האָב איך געפונען
אומחן אין דײַנע אויגן, אַרויפצולייגן אויף מיר די לאַסט
פון דעמדאָזיקן גאַנצן פאָלק? [12]האָב איך דען געטראָגן דאָס־
דאָזיקע גאַנצע פאָלק, צי איך האָב עס געבאָרן, וואָס דו זאָגסט
צו מיר: טראָג עס אין דײַן בוזעם, אַזוי ווי אַ דערציִער טראָגט
אַ זויגעדיקן, צו דעם לאַנד וואָס דו האָסט צוגעשוואָרן זייערע
עלטערן? [13]פון וואַנען האָב איך פלייש, צו געבן דעמדאָזיקן
גאַנצן פאָלק, וואָס זיי וויינען אויף מיר, אַזוי צו זאָגן: גיב אונדז
פלייש, מיר זאָלן עסן? [14]איך אַליין קען ניט טראָגן דאָסדאָזיקע
גאַנצע פאָלק, וואָרום עס איז צו שווער פאַר מיר. [15]און
אויב דו טוסט אַזוי צו מיר, הרגען הרגע מיך, איך בעט דיך;
אויב איך האָב געפונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן, און
לאָמיך ניט זען מײַן אומגליק.

[16]האָט גאָט געזאָגט צו משהן: זאַמל מיר אײַן זיבעציק מאַן
פון די עלטסטע פון ישׂראל, די וואָס דו ווייסט אַז זיי זײַנען די
עלטסטע פון פאָלק, און זײַנע אויפזעערס, און זאָלסט זיי
נעמען צום אוהל־מועד, און זיי זאָלן זיך דאָרטן שטעלן מיט
דיר. [17]און איך וועל אַראָפּנידערן, און וועל דאָרטן רעדן
מיט דיר, און וועל אָפּשיידן פון דעם גײַסט וואָס אויף דיר, און
אַרויפטאָן אויף זיי, און זיי וועלן מיטטראָגן מיט דיר די לאַסט
פון פאָלק, און וועסט ניט דאַרפן טראָגן דו אַליין. [18]און צום

פֿאָלק זאָלסטו זאָגן: בּרייט אײַך אָן אויף מאָרגן, און איר וועט עסן פֿלייש; ווײַל איר האָט געוויינט אין די אויערן פֿון גאָט, אַזוי צו זאָגן: ווען מע זאָל אונדז געבּן עסן פֿלייש! וואָרום אונדז איז געווען וווּיל אין מִצרַיִם; דרום וועט אײַך גאָט געבּן פֿלייש, און איר וועט עסן. [19]ניט איין טאָג וועט איר עסן, און ניט צוויי טעג, און ניט פֿינף טעג, און ניט צען טעג, און ניט צוואַנציק טעג; [20]בּיז אַ חודש צייט, בּיז וואַנען עס וועט אײַך קערן פֿון דער נאָז, און וועט אײַך זײַן צום עקל; דערפֿאַר וואָס איר האָט פֿאַראַכט גאָט וואָס איז צווישן אײַך, און האָט געוויינט פֿאַר אים, אַזוי צו זאָגן: נאָך וואָס גאָר זײַנען מיר אַרויסגעגאַנגען פֿון מִצרַיִם? [21]האָט מֹשה געזאָגט: זעקס הונדערט טויזנט פֿוסגייער איז דאָס פֿאָלק וואָס איך בּין צווישן אים, און דו זאָגסט: איך וועל זיי געבּן פֿלייש, און זיי וועלן עסן אַ חודש צייט. [22]ווען שאָף און רינדער זאָלן געשאָכטן ווערן פֿאַר זיי, וועט זיי דען קלעקן? אַז אַלע פֿישן פֿון ים זאָלן אײַנגעזאַמלט ווערן פֿאַר זיי, וועט זיי דען קלעקן? [23]האָט גאָט געזאָגט צו מֹשהן: איז די האַנט פֿון גאָט קורץ? אַצונד וועסטו זען, אויב מײַן וואָרט וועט דיר געשען אָדער ניט.

[24]איז מֹשה אַרויסגעגאַנגען, און האָט גערעדט צום פֿאָלק די ווערטער פֿון גאָט; און ער האָט אײַנגעזאַמלט זיבּעציק מאַן פֿון די עלטסטע פֿון פֿאָלק, און זיי געשטעלט רונד אַרום געצעלט. [25]און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אין דעם וואָלקן, און האָט גערעדט צו אים, און האָט גענומען פֿון דעם גייסט וואָס אויף אים, און געגעבּן אויף די זיבּעציק מאַן, די עלטסטע. און עס איז געווען, ווי דער גייסט האָט אויף זיי גערוט, אַזוי האָבּן זיי נביאות געזאָגט; אָבּער ניט מער.

[26]און צוויי מענער זײַנען איבּערגעבּליבּן אין לאַגער, דער נאָמען פֿון איינעם אֶלדָד, און דער נאָמען פֿון צווייטן מֵידָד;

האָט אויף זיי אויך גערוט דער גייסט—און זיי זיינען געווען
צווישן די פאַרשריבענע, אָבער זיי זיינען ניט אַרויסגעגאַנגען
צום געצעלט—און זיי האָבן נביאות געזאָגט אין לאַגער. [27]איז
געלאָפן דער יונג, און האָט דערציילט משהן, און געזאָגט: אֶלְדָד
און מֵידָד זאָגן נביאות אין לאַגער. [28]האָט זיך אָפּגערופן יהושע
דער זון פון נון, משהס באַדינער פון זיין יוגנט אָן, און האָט
געזאָגט: מיין האַר משה, האַלט זיי צוריק. [29]האָט משה צו אים
געזאָגט: נעמסטו זיך אָן פאַר מיר? הלוואַי זאָל דאָס גאַנצע
פאָלק פון גאָט זיין נביאים, אַז גאָט זאָל געבן זיין גייסט אויף
זיי! [30]און משה איז צוריק אַריין אין לאַגער, ער און די עלטסטע
פון ישׂראל.

[31]און אַ ווינט האָט אַרויסגעצויגן פון גאָט, און האָט
געבראַכט צופליען וואַכטלפויגלען פון ים, און האָט זיי צעוואָרפן
לעבן לאַגער אַרום אַ טאָג וועגס פון איין זייט, און אַרום אַ טאָג
וועגס פון דער אַנדער זייט, רונד אַרום לאַגער, און אַרום צוויי
איילן איבערן געזיכט פון דער ערד. [32]און דאָס פאָלק איז
אויפגעשטאַנען יענעם גאַנצן טאָג, און די גאַנצע נאַכט, און דעם
גאַנצן מאָרגעדיקן טאָג, און זיי האָבן אויפגעקליבן די וואַכטל־
פויגלען; דער וואָס האָט צומינדסט געקליבן האָט אויפ־
געקליבן צען הויפנס; און זיי האָבן זיי זיך אויסגעשפּרייט רונד
אַרום לאַגער.

[33]דאָס פלייש איז נאָך געווען צווישן זייערע ציינער,
איידער עס איז צעקייט געוואָרן, אַזוי האָט דער צאָרן פון גאָט
געגרימט אויפן פאָלק, און גאָט האָט געשלאָגן צווישן דעם פאָלק
זייער אַ גרויסן שלאַק. [34]און מע האָט גערופן דעם נאָמען פון
יענעם אָרט קִבְרוֹת־הַתַּאֲוָה[א], ווייל דאָרטן האָט מען באַגראָבן
דאָס פאָלק וואָס האָט געגלוסט.

[א] די קברים פון תאווה.

[35]פון קִבְרוֹת־הַתַּאֲוָה האָט דאָס פֿאָלק געצויגן קיין חֲצֵרוֹת;
און זיי זיינען געבליבן אין חֲצֵרוֹת.

יב [1]און מרים און אַהרן האָבן גערעדט אויף משהן פון וועגן
דער כּושישער ווייב וואָס ער האָט גענומען; וואָרום ער
האָט גענומען אַ כּושישע ווייב. [2]און זיי האָבן געזאָגט: צי
בלויז נאָר מיט משהן האָט גאָט גערעדט? האָט ער ניט אויך
מיט אונדז גערעדט? און גאָט האָט געהערט.
[3]און דער מאַן משה איז געווען זייער אַן ענו, מער פון אַלע
מענטשן וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד.
[4]האָט גאָט פּלוצלינג געזאָגט צו משהן און צו אַהרנען און צו
מרימען: גייט איר דריי אַרויס צום אוהל־מועד. זיינען זיי דריי
אַרויסגעגאַנגען. [5]און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אין אַ וואָלקנ־
זייל, און האָט זיך געשטעלט ביים אַיינגאַנג פון אוהל־מועד,
און האָט גערופן אַהרנען און מרימען. זיינען זיי ביידע אַרויס־
געגאַנגען. [6]און ער האָט געזאָגט: הערט אַקאָרשט צו מיינע
ווערטער: אַז אַ נביא איז דאָ ביי אײַך, טו איך, גאָט, אין אַ
זעאונג זיך דערקענען צו אים; אין אַ חלום רעד איך מיט אים.
[7]ניט אַזוי איז מיין קנעכט משה; אין מיין גאַנצן הויז איז ער
באַגלויבט. [8]מויל צו מויל רעד איך מיט אים, און באַשיינפּערלאַך
און ניט מיט רעטענישן, און די געשטאַלט פון גאָט קוקט
ער אָן. און ווי אַזוי האָט איר ניט מורא געהאַט צו רעדן אויף
מיין קנעכט, אויף משהן? [9]און דער צאָרן פון גאָט האָט
געגרימט אויף זיי; און ער איז אַוועקגעגאַנגען. [10]און ווי דער
וואָלקן האָט זיך אָפּגעטאָן פון איבערן געצעלט, ערשט מרים
איז מצורע [ווייס] ווי שניי. און אַהרן האָט זיך אומגעקערט
צו מרימען, ערשט זי איז מצורע. [11]האָט אַהרן געזאָגט צו
משהן: איך בעט דיך, מיין האַר, זאָלסט ניט אַרויפטאָן אויף

אונדז אַ זינד, וואָס מיר האָבן זיך באַנאַרישט און וואָס מיר האָבן
געזינדיקט. [12]זאָל זי, איך בעט דיך, ניט זיין אַזוי ווי אַ טויט־
געבאָרענער וואָס זיין פלייש איז האַלב צעגעסן ווען ער גייט
אַרויס פון זיין מוטערס טראַכט. [13]און משה האָט געשריען
צו גאָט, אַזוי צו זאָגן: גאָט, איך בעט דיך, היילן זי, איך בעט
דיך. [14]האָט גאָט געזאָגט צו משהן: אַז איר פאָטער וואָלט איר
אין פּנים געשפּיגן, וואָלט זי זיך ניט געשעמט זיבן טעג? זאָל זי
זיין אַײנגעשלאָסן זיבן טעג אויסן לאַגער, און דערנאָך זאָל זי
אַרײַנגענומען ווערן.
[15]איז מרים געווען אַײנגעשלאָסן אויסן לאַגער זיבן טעג;
און דאָס פאָלק האָט ניט געצויגן ביז מרים איז אַרײַנגענומען
געוואָרן. [16]און דערנאָך האָט דאָס פאָלק געצויגן פון חֲצֵרוֹת,
און זיי האָבן גערוט אין מדבר פּאָרָן.

## שְׁלַח

יג [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]שיק דיר
מענטשן, זיי זאָלן אויסקוקן דאָס לאַנד כּנַעַן, וואָס איך גיב
צו די קינדער פון ישׂראל; צו איין מאַן, צו איין מאַן פאַר זיין
פאָטערשטאַם זאָלט איר שיקן; איטלאַכער אַ פירשט צווישן
זיי.
[3]און משה האָט זיי געשיקט פון מדבר פּאָרָן לויט דעם מויל
פון גאָט; זיי אַלע זיינען געווען מענטשן הויפּטלייט פון די
קינדער פון ישׂראל. [4]און דאָס זיינען זייערע נעמען: פאַר שבט
ראובן, שַׁמּוּעַ דער זון פון זַכּוּרן. [5]פאַר שבט שמעון, שָׁפָט דער
זון פון חוֹרין. [6]פאַר שבט יהודה, כָּלֵב דער זון פון יפוּנֶהן.
[7]פאַר שבט יששכר, יִגְאָל דער זון פון יוֹספן. [8]פאַר שבט אפרים,
הוֹשֵׁעַ דער זון פון נון. [9]פאַר שבט בנימין, פַּלְטִי דער זון פון
רָפוּאן. [10]פאַר שבט זבולון, גַדִּיאֵל דער זון פון סוֹדין. [11]פאַר

שבט יוסף: פאַר שבט מנשה, גַדי דער זון פון סוסין. [12]פאַר שבט דָן, עַמיאֵל דער זון פון גמַלין. [13]פאַר שבט אָשר, סתור דער זון פון מיכָאֵלן. [14]פאַר שבט נפתלי, נַחבי דער זון פון וָפסין. [15]פאַר שבט גָד, גְאוּאֵל דער זון פון מָכין. [16]דאָס זיינען די נעמען פון די מענטשן וואָס משה האָט געשיקט אויסקוקן דאָס לאַנד. און משה האָט גערופן הוֹשֵעַ דעם זון פון נון, יהושוּעַ. [17]און משה האָט זיי געשיקט אויסקוקן דאָס לאַנד כּנַעַן, און האָט צו זיי געזאָגט: גייט אַרויף אַהין קיין דָרום, און גייט אַרויף אין דעם געבערג. [18]און איר זאָלט אָנקוקן דאָס לאַנד, וואָס דאָס איז, און דאָס פאָלק וואָס זיצט דערויף, אויב ער איז שטאַרק אָדער שוואַך, אויב ער איז ווינציק אָדער פיל; [19]און ווי איז דאָס לאַנד וואָס ער זיצט דרינען, אויב עס איז גוט אָדער שלעכט, און ווי זיינען די שטעט וואָס ער זיצט אין זיי, אין לאַגערן אָדער אין פעסטונגען; [20]און ווי איז די ערד, איז זי פעט אָדער מאָגער, איז דאָ אויף איר געהילץ אָדער ניט. און איר זאָלט אַייך שטאַרקן, און ברענגען פון דער פרוכט פון לאַנד.—און די טעג זיינען געווען די טעג פון ערשטע ווייַנטרויבן.

[21]זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען, און האָבן אויסגעקוקט דאָס לאַנד פון מדבר צִן ביז רחוֹב, ווי מע קומט קיין חֲמָת. [22]און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען קיין דָרום, און זיינען געקומען ביז חֶברוֹן; און דאָרטן זיינען געווען אַחימָן, שֵשַי, און תַּלמַי, קינדער פון עֲנָק.—און חֶברוֹן איז געבויט געוואָרן זיבן יאָר פאַר צוֹעַן אין מִצרַיִם.—[23]און זיי זיינען געקומען ביזן טאָל אֶשכּוֹל, און האָבן אָפּגעשניטן פון דאָרטן אַ צווייַג מיט איין הענגל ווייַנטרויבן, און האָבן עס געטראָגן אויף אַ שטאַנג זאַלבעצווייט; אויך פון די מילגרוימען און פון די פייגן [האָבן זיי גענומען].—[24]יענעם אָרט האָט מען גערופן דער טאָל אֶשכּוֹל[א] פון וועגן דעם הענגל וואָס די קינדער פון ישׂראל האָבן אָפּגעשניטן פון

[א] הענגל.

דאָרטן.—25און זיי האָבן זיך אומגעקערט פון אויסקוקן דאָס לאַנד
צום סוף פון פערציק טעג. 26און זיי זיינען געגאַנגען און
געקומען צו משהן און צו אַהרנען, און צו דער גאַנצער עדה פון
די קינדער פון ישׂראל, אין מדבר פּאָרן קיין קָדֵש; און זיי
האָבן געבראַכט אַן ענטפער צו זיי און צו דער גאַנצער עדה,
און האָבן זיי געוויזן די פּרוכט פון לאַנד. 27און זיי האָבן אים
דערציילט, און געזאָגט: מיר זיינען געקומען אין דעם לאַנד
וווהין דו האָסט אונדז געשיקט, און עס פליסט אויך מיט מילך
און האָניק; און דאָס איז איר פּרוכט. 28אָבער שטאַרק איז דאָס
פאָלק וואָס זיצט אין לאַנד, און די שטעט זיינען באַפעסטיקטע,
גרויסע ביז גאָר, און אויך די קינדער פון ענק האָבן מיר
דאָרטן געזען. 29עמלק זיצט אין דָרום־לאַנד, און דער חִתּי,
און דער יבוסי, און דער אֶמוֹרי, זיצן אין דעם געבערג,
און דער כּנַעֲני זיצט ביים ים און ביים ברעג יַרדן. 30האָט
כָּלֵב איינגעשטילט דאָס פאָלק אַקעגן משהן, און ער האָט
געזאָגט: אַרויפגיין וועלן מיר אַרויפגיין, און מיר וועלן עס אַרבן,
וואָרום בייקומען וועלן מיר עס בייקומען. 31אָבער די מענטשן
וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען מיט אים, האָבן געזאָגט: מיר קענען
ניט אַרויפגיין קעגן דעם פאָלק, וואָרום ער איז שטאַרקער פון
אונדז. 32און זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שלעכטן קלאַנג אויף
דעם לאַנד וואָס זיי האָבן עס אויסגעקוקט, ביי די קינדער פון
ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: דאָס לאַנד וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען
דורך דעם, כּדי עס אויסצוקוקן, דאָס איז אַ לאַנד וואָס עסט
אויף אירע באַוווינער, און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס מיר האָבן
געזען דרינען, זיינען מענטשן פון גרויסן וווקס. 33און דאָרטן
האָבן מיר געזען די נפילים, די זין פון ענק וואָס פון די
נפילים; און מיר זיינען געווען ווי היישעריקן אין אונדזערע
אויגן, און אַזוי זיינען מיר געווען אין זייערע אויגן.

יד 1האָט די גאַנצע עדה אויפֿגעהויבן און אַרויסגעלאָזט
זייער קול; און דאָס פֿאָלק האָט געוויינט אין יענער נאַכט.
2און אַלע קינדער פֿון ישׂראל האָבן געמורמלט אויף משהן און
אויף אַהרנען, און די גאַנצע עדה האָט צו זיי געזאָגט: הלוואַי
וואָלטן מיר געשטאָרבן אין לאַנד מִצרַיִם, אָדער הלוואַי וואָלטן
מיר געשטאָרבן אין דעמדאָזיקן מדבר! 3און נאָך וואָס ברענגט
אונדז גאָט אין דעמדאָזיקן לאַנד, צו פֿאַלן דורכן שווערד,
אונדזערע ווײַבער און אונדזערע קליינע קינדער זאָלן ווערן צו
רויב? איז ניט בעסער פֿאַר אונדז זיך אומצוקערן קיין מִצרַיִם?
4און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: לאָמיר מאַכן אַ הויפּט־
מאַן, און זיך אומקערן קיין מִצרַיִם. 5זײַנען משה און אַהרן
געפֿאַלן אויף זייער פּנים פֿאַר דער גאַנצער אײַנזאַמלונג פֿון
דער עדה פֿון די קינדער פֿון ישׂראל. 6און יהושע דער זון
פֿון נון, און כָּלֵב דער זון פֿון יפֻנֶהן, פֿון די וואָס האָבן אויס־
געקוקט דאָס לאַנד, האָבן צעריסן זייערע קליידער, 7און האָבן
געזאָגט צו דער גאַנצער עדה פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, אַזוי
צו זאָגן: דאָס לאַנד, וואָס מיר זײַנען דורכגעגאַנגען דורך דעם,
כּדי עס אויסצוקוקן, דאָס לאַנד איז זייער זייער גוט. 8אויב גאָט
באַגערט אונדז, וועט ער אונדז ברענגען אין דעמדאָזיקן לאַנד,
און וועט עס אונדז געבן—אַ לאַנד וואָס זי פֿליסט מיט מילך און
האָניק. 9איר זאָלט נאָר ניט ווידערשפּעניקן אָן גאָט, און ניט
מורא האָבן פֿאַר דעם פֿאָלק פֿון לאַנד, וואָרום אונדזער ברויט
זײַנען זיי; זייער שאָטן האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון זיי, און גאָט איז
מיט אונדז; איר זאָלט ניט מורא האָבן פֿאַר זיי. 10האָט די גאַנצע
עדה געזאָגט, מע זאָל זיי פֿאַרוואַרפֿן מיט שטיינער; אָבער די
פּראַכט פֿון גאָט האָט זיך באַוויזן אין אוהל־מועד צו אַלע
קינדער פֿון ישׂראל.
11און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: ביז וואַנען וועט דאָס־
דאָזיקע פֿאָלק מיך לעסטערן? און ביז וואַנען וועלן זיי ניט גלויבן

אין מיר, ביי אַלדי צייכנס וואָס איך האָב געמאַכט צווישן אים?
[12]איך וועל אים שלאָגן מיט פּעסט, און וועל אים אויסראָטן, און
וועל דיך מאַכן פאַר אַ פאָלק גרעסער און מאַכטיקער פון אים.
[13]האָט משה געזאָגט צו גאָט: אַז די מִצרים וועלן הערן–וואָרום
דו האָסט דאָך אויפגעבראַכט מיט דיין שטאַרקייט דאָסדאָזיקע
פאָלק פון צווישן זיי–[14]וועלן זיי זאָגן צו די באַוווינער פון
דעמדאָזיקן לאַנד, וואָס האָבן געהערט אַז דו, יהוה, ביסט
צווישן דעמדאָזיקן פאָלק; וואָרום אויג אין אויג ביסט דו, יהוה,
געזען געוואָרן, און דיין וואָלקן שטייט איבער זיי, און אין אַ
וואָלקנזייל גייסטו זיי פאַרויס ביי טאָג, און אין אַ פייערזייל ביי
נאַכט–[15]איז, אַז דו וועסט טייטן דאָסדאָזיקע פאָלק אַזוי ווי איין
מאַן, אַזוי וועלן זאָגן די אומות וואָס האָבן געהערט דיין הערונג,
אַזוי צו זאָגן: [16]ווייל יהוה איז ניט ביכולת צו ברענגען דאָס־
דאָזיקע פאָלק אין דעם לאַנד וואָס ער האָט זיי צוגעשוואָרן,
האָט ער זיי אויסגעשאָכטן אין מדבר. [17]דרום זאָל אַצונד
גרויס זיין, איך בעט דיך, דער כּוח פון גאָט לויט ווי דו האָסט
גערעדט, אַזוי צו זאָגן: [18]גאָט איז איינגעהאַלטן אין צאָרן און
רייך אין גענאָד, ער פאַרטראָגט זינד און פאַרברעכן, נאָר
שענקען שענקט ער ניט; ער רעכנט זיך פאַר די זינד פון די
פאָטערס מיט די קינדער, מיטן דריטן און מיטן פירטן דור.
[19]פאַרגיב, איך בעט דיך, די זינד פון דעמדאָזיקן פאָלק, לויט
דער גרויסקייט פון דיין חסד, און אַזוי ווי דו האָסט פאַרגעבן
דעמדאָזיקן פאָלק פון מִצרַיִם און ביז אַהער.

[20]האָט גאָט געזאָגט: איך האָב פאַרגעבן אַזוי ווי דיין וואָרט.
[21]אָבער אַזוי ווי איך לעב, און די פּראַכט פון גאָט איז פול די
גאַנצע ערד, [22]אַז די אַלע מענטשן וואָס האָבן געזען מיין פּראַכט
און מיינע צייכנס, וואָס איך האָב באַוויזן אין מִצרַיִם און אין

מדבּר, און פֿון דעסטוועגן האָבּן זיי מיך געפּרוווט שוין צען
מאָל, און ניט צוגעהערט צו מיין קָול, [23]אויבּ זיי וועלן זען דאָס
לאַנד, וואָס איך האָבּ צוגעשוואָרן זייערע עלטערן! יאָ, אַלע
וואָס האָבּן מיך געלעסטערט, וועלן עס ניט אָנזען. [24]נאָר מיין
קנעכט כָּלֵב, ווייל אין אים איז געווען אַן אַנדער גייסט, און ער
איז געגאַנגען געטריי נאָך מיר, אים וועל איך בּרענגען אין דעם
לאַנד, וואָס ער איז אַהין געגאַנגען, און צו זיין זאָמען וועט ער
עס לאָזן בּירושה. [25]דער עֲמָלֵקִי און דער כְּנַעֲנִי זיצן אין טאָל;
מאָרגן קערט אַייך אום, און ציט אַייך צום מדבּר אויפֿן וועג
צום ים־סוף.
[26]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי צו
זאָגן: [27]בּיז ווען נאָך לאָזן דידאָזיקע בּייזע עדה וואָס מורמלען
אַקעגן מיר? איך האָבּ געהערט די מורמלערייען פֿון די
קינדער פֿון ישׂראל, וואָס זיי מורמלען אַקעגן מיר. [28]זאָג צו זיי:
אַזוי ווי איך לעבּ, זאָגט גאָט, אויבּ ניט ווי איר האָט גערעדט
אין מיינע אויערן, אַזוי וועל איך טאָן צו אַייך! [29]אין דעם־
דאָזיקן מדבּר וועלן פֿאַלן אַייערע פּגרים, און אַלע אַייערע
געציילטע, לויט אַייער גאַנצער צאָל, פֿון צוואַנציק יאָר אַלט און
העכער, ווייל איר האָט געמורמלט אַקעגן מיר. [30]איר וועט
ניט קומען אין דעם לאַנד וואָס איך האָבּ אויפֿגעהויבּן מיין
האַנט[א] אַייך צו מאַכן רוען דרינען, אַחוץ כָּלֵב דער זון פֿון
יפֻנֶּהן, און יהושֻעַ דער זון פֿון נון. [31]און אַייערע קליינע קינדער
וואָס איר האָט געזאָגט, זיי וועלן זיין צו רויבּ, זיי וועל איך
בּרענגען אַהין, און זיי וועלן דערקענען דאָס לאַנד, וואָס איר
האָט פֿאַראַכט. [32]אָבּער איר — אַייערע פּגרים וועלן פֿאַלן אין
דעמדאָזיקן מדבּר. [33]און אַייערע קינדער וועלן אומוואַנדערן
אין מדבּר פֿערציק יאָר, און וועלן ליידן פֿאַר אַייערע אָפּ־
קערונגען, בּיז אַייערע פּגרים וועלן פֿאַרלענדט ווערן אין מדבּר.

[א] ד. ה. געשוואָרן.

34 לויט דער צאָל פון די טעג וואָס איר האָט אויסגעקוקט דאָס
לאַנד–פערציק טעג, פאַר אַ טאָג אַ יאָר, פאַר אַ טאָג אַ יאָר,
וועט איר טראָגן אײַערע זינד, פערציק יאָר; און איר וועט דער־
שפירן מיין אומגענאָד. 35 איך, יהוה, האָב גערעדט; אויב איך
וועל דאָס ניט טאָן צו דערדאָזיקער גאַנצער בייזער עדה, וואָס
האָט זיך אײַנגעזאַמלט אַקעגן מיר! אין דעמדאָזיקן מדבר
וועלן זיי פאַרלענדט ווערן, און דאָ וועלן זיי שטאַרבן.
36 און די מענטשן וואָס משה האָט געשיקט אויסקוקן דאָס
לאַנד, און זיי זיינען צוריקגעקומען און האָבן געמאַכט מורמלען
אַקעגן אים די גאַנצע עדה, מיט אַרויסלאָזן אַ שלעכטן
קלאַנג אויפן לאַנד– 37 די מענטשן וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט דעם
שלעכטן קלאַנג אויפן לאַנד, זיינען געשטאָרבן אין אַ מגפה
פאַר גאָט. 38 נאָר יהושע דער זון פון נון, און כָּלֵב דער זון פון
יפונֶהן, זיינען געבליבן לעבן פון יענע מענטשן, וואָס זיינען
געגאַנגען אויסקוקן דאָס לאַנד.

39 און משה האָט גערעדט דידאָזיקע ווערטער צו אַלע
קינדער פון ישראל, און דאָס פאָלק האָט זייער געטרויערט.
40 און זיי האָבן זיך געפעדערט אין דער פרי, און זיינען אַרויפ־
געגאַנגען אויפן שפיץ באַרג, אַזוי צו זאָגן: אָט זיינען מיר, און מיר
וועלן אַרויפגיין צו דעם אָרט וואָס גאָט האָט געזאָגט; וואָרום
מיר האָבן געזינדיקט. 41 האָט משה געזאָגט: נאָך וואָס דען
טרעט איר איבער דעם באַפעל פון גאָט, אַז דאָס וועט ניט
באַגליקן? 42 איר זאָלט ניט אַרויפגיין, אַז גאָט איז ניט צווישן
אײַך, כדי איר זאָלט ניט געשלאָגן ווערן פאַר אײַערע פיינט.
43 וואָרום דער עֲמָלֵקִי און דער כְּנַעֲנִי זיינען דאָרטן פאַר אײַך,
און איר וועט פאַלן דורכן שווערד; וואָרום אַזוי ווי איר האָט
אײַך אָפּגעקערט פון הינטער גאָט, וועט גאָט ניט זיין מיט אײַך.
44 אָבער זיי האָבן זיך דערוועגט אַרויפצוגיין אויפן שפיץ

באַרג; נאָר דער אָרון פון גאָטס בונד און מֹשה האָבן זיך ניט
גערירט פון לאַגער. [45]און דער עֲמָלֵקי און דער כּנַעֲני, וואָס
זײַנען געזעסן אויף יענעם באַרג, האָבן אַראָפּגענידערט, און
האָבן זיי געשלאָגן און זיי צעקלאַפּט ביז חָרמָה.

טו [1]און גאָט האָט גערעדט צו מֹשהן, אַזוי צו זאָגן: [2]רעד
צו די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד פון אײַער באַזעצונג
וואָס איך גיב אײַך, [3]און איר וועט מאַכן אַ פײַעראָפּפער צו
גאָט, אַ בראַנדאָפּפער אָדער אַ שלאַכטאָפּפער, לויט אַ קלאָר
אַרויסגערעדטן נדר, אָדער ווי אַ פרייוויליקע גאָב, אָדער אין
אײַערע יָום־טובים, כּדי צו מאַכן אַ געשמאַקן ריח צו גאָט, פון
רינדער אָדער פון שאָף, [4]זאָל דער וואָס ברענגט זײַן קרבן
צו גאָט, ברענגען אַ שפּײַזאָפּפער פון אַ צענטל [אֵיפָה] זעמל־
מעל פאַרמישט מיט אַ פערטל הין אייל; [5]און וויין פאַר אַ גיס־
אָפּפער, אַ פערטל הין, זאָלסטו מאַכן מיטן בראַנדאָפּפער
אָדער צום שלאַכטאָפּפער, פאַר איטלאַכן שעפּס. [6]אויב צו
אַ ווידער, זאָלסטו מאַכן אַ שפּײַזאָפּפער פון צוויי צענטל זעמל־
מעל פאַרמישט מיט אייל אַ דריטל הין; [7]און וויין פאַר אַ גיס־
אָפּפער, אַ דריטל הין, זאָלסטו ברענגען פאַר אַ געשמאַקן
ריח צו גאָט. [8]און אַז דו וועסט מאַכן אַ יונג רינד פאַר אַ
בראַנדאָפּפער אָדער אַ שלאַכטאָפּפער, לויט אַ קלאָר אַרויס־
גערעדטן נדר, אָדער פאַר אַ פרידאָפּפער צו גאָט, [9]זאָל מען
ברענגען מיטן יונגן רינד אַ שפּײַזאָפּפער פון דרײַ צענטל
זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל אַ האַלבן הין; [10]און וויין זאָלסטו
ברענגען פאַר אַ גיסאָפּפער אַ האַלבן הין, אַ פײַעראָפּפער פאַר
אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [11]אַזוי זאָל געטאָן ווערן צו איטלאַכן
אָקס, אָדער צו איטלאַכן ווידער, אָדער צו אַ לאַם פון

שעפּסן אָדער פון ציגן. [12]ווי נאָך דער צאָל וואָס איר וועט
מאַכן; אַזוי זאָלט איר טאָן צו איטלאַכן, לויט זייער צאָל.
[13]יעטוועדער אײַנגעבאָרענער זאָל אַזוי מאַכן דידאָזיקע, ביים
ברענגען אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [14]און
אז ביי אײַך וועט זיך אויפהאַלטן אַ פרעמדער, אָדער ווער
נאָר עס וועט זיין צווישן אײַך, אין אײַערע דור־דורות, און ער
וועט מאַכן אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט, זאָל
ער טאָן אַזוי ווי איר טוט. [15]קהל! איין געזעץ זאָל זיין פאַר
אײַך און פאַר דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף, אַן אייביק
געזעץ אויף אײַערע דור־דורות; ווי איר, אַזוי זאָל זיין דער
פרעמדער פאַר גאָט. [16]איין תּורה און איין דין זאָל זיין פאַר
אײַך און פאַר דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף ביי אײַך.
[17]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [18]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַז איר קומט אין דעם לאַנד וואָס איך ברענג אײַך אַהין,
[19]איז, אַז איר עסט פון דעם ברויט פון לאַנד, זאָלט איר
אָפּשיידן אַן אָפּשיידונג צו גאָט. [20]דאָס ערשטע פון אײַערע טייג־
מולטערס זאָלט איר אָפּשיידן אַ חלה פאַר אַן אָפּשיידונג; ווי
די אָפּשיידונג פון שייער, אַזוי זאָלט איר עס אָפּשיידן. [21]פון
דעם ערשטן פון אײַערע טייגמולטערס זאָלט איר געבן אַן
אָפּשיידונג צו גאָט אויף אײַערע דור־דורות.
[22]און אַז איר וועט פאַרזען, און איר וועט ניט טאָן אַלע
דידאָזיקע געבאָט וואָס גאָט האָט אָנגעזאָגט משהן, [23]אַלץ וואָס
גאָט האָט אײַך באַפוילן דורך משהן, פון דעם טאָג וואָס
גאָט האָט עס באַפוילן און ווייטער, אויף אײַערע דור־
דורות, [24]איז, אויב עס איז, [פאַרהוילן] פון די אויגן פון דער
עדה, געטאָן געוואָרן דורך אַ פאַרזע, זאָל די גאַנצע עדה מאַכן
איין יונגן אָקס פאַר אַ בראַנדאָפּפער, פאַר אַ געשמאַקן ריח

צו גאָט, מיט זיין שפּייזאָפּפער און זיין גיסאָפּפער, אַזוי ווי דער
דין; און איין ציגנבאָק פאַר אַ זינדאָפּפער. 25און דער כּהן
זאָל מכפּר זיין אויף דער גאַנצער עדה פון די קינדער פון
ישׂראל, און זיי זאָלן פאַרגעבן ווערן, ווייל אַ פאַרזע איז דאָס,
און זיי האָבן געבראַכט זייער קרבן, אַ פייעראָפּפער צו גאָט,
און זייער זינדאָפּפער פאַר גאָט, פאַר זייער פאַרזע. 26און
דער גאַנצער עדה פון די קינדער פון ישׂראל, און דעם פרעמדן
וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי, וועט פאַרגעבן ווערן, וואָרום
ביי דעם גאַנצן פאָלק איז דאָס געווען דורך אַ פאַרזע.
27אויב אָבער אַן איינצלנער מענטש וועט זינדיקן דורך
אַ פאַרזע, זאָל ער ברענגען אַ יאָריקע ציג פאַר אַ זינדאָפּפער.
28און דער כּהן זאָל מכפּר זיין אויף דעם מענטשן וואָס פאַר־
זעט, ווען ער זינדיקט דורך אַ פאַרזע פאַר גאָט; כּדי מכפּר
צו זיין אויף אים, אַז אים זאָל פאַרגעבן ווערן. 29פאַר דעם
איינגעבאָרענעם צווישן די קינדער פון ישׂראל, און פאַר דעם
פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי—איין געזעץ זאָל זיין
ביי אײַך פאַר דעם וואָס טוט עפּעס דורך אַ פאַרזע. 30אָבער
דער מענטש וואָס טוט מיט אַ הויכער האַנט, פון די איינ־
געבאָרענע, אָדער פון די פרעמדע, לעסטערט ער גאָט, און
יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון צווישן איר פאָלק. 31וואָרום
דאָס וואָרט פון גאָט האָט ער פאַראַכט, און זיין געבאָט האָט
ער פאַרשטערט; פאַרשניטן מוז פאַרשניטן ווערן יענע זעל, איר
זינד איז אויף איר.

32און ווען די קינדער פון ישׂראל זיינען געווען אין דער
מדבר, האָבן זיי געפונען אַ מאַן קלייבנדיק האָלץ אום שבת.
33האָבן די וואָס האָבן אים געפונען קלייבנדיק האָלץ, אים
געבראַכט צו משהן און צו אַהרנען און צו דער גאַנצער עדה.
34און מע האָט אים אַריינגעזעצט אין וואַך, וואָרום עס איז ניט

באַשיידט געוואָרן וואָס אים זאָל געטאָן ווערן. [35]האָט גאָט
געזאָגט צו משהן: טייטן זאָל געטייט ווערן דער מאַן; די גאַנצע
עדה זאָל אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער אויסן לאַגער. [36]און
די גאַנצע עדה האָט אים אַרויסגעפירט אויסן לאַגער, און זיי
האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן;
אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.

[37]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [38]רעד צו
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי, זיי זאָלן זיך
מאַכן פרענדז אויף די עקן פון זייערע קליידער, אויף זייערע
דור־דורות; און זיי זאָלן אַריינטאָן אין די פרענדז פון עק קלייד
אַ בלאָען פאָדים. [39]און דאָס זאָל אַייך זיין פאַר ציצית, אַז
איר זאָלט עס זען, און געדענקען אַלע געבאָט פון גאָט, און זיי
טאָן, און איר זאָלט ניט נאָכגיין נאָך אַייער האַרצן און נאָך
אַייערע אויגן, וואָס איר זייט פאַרפירט נאָך זיי; [40]כּדי איר זאָלט
געדענקען און טאָן אַלע מיינע געבאָט, און זיין הייליק צו אַייער
גאָט. [41]איך בין יהוה אַייער גאָט וואָס האָב אַייך אַרויס־
געצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, אַייך צו זיין צום גאָט: איך בין יהוה
אַייער גאָט.

## קֹרַח

טז [1]און קֹרַח דער זון פון יִצהָר, דעם זון פון קהָת, דעם זון
פון לֵוִין, און דָתָן און אֲבִירָם, די זין פון אֶליאָבן, און און
דער זון פון פֶּלֶתן, קינדער פון ראובן, האָבן גענומען, [2]און זיך
געשטעלט פאַר משהן מיט צוויי הונדערט און פופציק מאַן פון
די קינדער פון ישׂראל, פירשטן פון דער עדה, גערופענע פון
דער אַיינזאַמלונג, מענטשן מיט אַ נאָמען. [3]און זיי האָבן זיך
אַיינגעזאַמלט אַקעגן משהן און אַקעגן אַהרֹנען, און האָבן צו

זיי געזאָגט: גענוג אײַך! וואָרום די גאַנצע עדה זײַנען אַלע
הייליק, און גאָט איז צווישן זיי, און פאַרוואָס נעמט איר זיך
איבער אַקעגן דעם קהל פון גאָט? 4און ווי משה האָט עס
געהערט, אַזוי איז ער געפאַלן אויף זײַן פּנים. 5און ער האָט
גערעדט צו קֹרחן און צו זײַן גאַנצן געזעמל, אַזוי צו זאָגן: אין דער
פרי וועט גאָט לאָזן וויסן, ווער עס איז זײַנער, און דעם וואָס
איז הייליק, וועט ער מאַכן גענענען צו זיך; יאָ, דעם וועמען
ער וועט אויסדערוויילן, וועט ער מאַכן גענענען צו זיך. 6דאָס
טוט: נעמט אײַך פײַערפאַנען, קֹרח מיט זײַן גאַנצן געזעמל,
7און לייגט אַרײַן אין זיי פײַער, און טוט אויף זיי אַרויף וויירויך
פאַר גאָט, מאָרגן; און עס וועט זײַן, דער מאַן וואָס גאָט וועט
אויסדערוויילן, ער איז דער הייליקער. גענוג אײַך, קינדער
פון לוי!
8און משה האָט געזאָגט צו קֹרחן: הערט אַקאָרשט, קינדער
פון לוי: 9ווינציק אײַך וואָס דער גאָט פון ישראל האָט אײַך
אָפּגעשיידט פון צווישן דער עדה פון די קינדער פון ישראל,
אײַך צו מאַכן גענענען צו זיך, צו דינען דעם דינסט פון משכּן
פון גאָט, און צו שטיין פאַר דער עדה, זיי צו באַדינען—10וואָס
ער האָט געמאַכט גענענען דיך און אַלע דײַנע ברידער, די
קינדער פון לוי, מיט דיר, אַז איר פאַרלאַנגט אויך די כּהונה?
11פאַרוואָר, דו מיט דײַן גאַנצן געזעמל, דאָס זייט איר אײַנ־
געזאַמלט אַקעגן גאָט; וואָרום וואָס איז אַהרן, אַז איר זאָלט
מורמלען אַקעגן אים?
12און משה האָט געשיקט רופן דָתָן און אֲבִירָם, די זין פון
אֱליאָבן; אָבער זיי האָבן געזאָגט: מיר וועלן ניט אַרויפקומען.
13ווינציק וואָס דו האָסט אונדז אויפגעבראַכט פון אַ לאַנד וואָס
פליסט מיט מילך און האָניק, אונדז צו טייטן אין דער מדבר,
אַז הערשעווען ווילסטו נאָך הערשעווען איבער אונדז? 14יאָ,

האָסט אונדז ניט געבראַכט אין אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך
און האָניק, אָדער אונדז געגעבן אַ נחלה פון פעלד און ווײַנגאָרטן.
ווילסטו דידאָזיקע מענטשן די אויגן פאַרשטעכן? מיר וועלן
ניט אַרויפקומען. 15 האָט משהן זייער געערגערט, און ער האָט
געזאָגט צו גאָט: זאָלסט זיך ניט קערן צו זייער אָפּפער; ניט אַן
איינציקן אייזל האָב איך גענומען פון זיי, און ניט איך האָב
שלעכטס געטאָן אַן איינציקן פון זיי.
16 און משה האָט געזאָגט צו קֹרחן: דו מיט דײַן גאַנצן געזעמל
זייט פאַר גאָט מאָרגן, דו און זיי, און אַהרן. 17 און נעמט
איטלאַכער זײַן פײַערפאַן, און איר זאָלט אַרויפלייגן דערויף
ווײַרויך, און ברענגען פאַר גאָט איטלאַכער זײַן פײַערפאַן,
צוויי הונדערט און פופציק פײַערפאַנען; אויך דו און אַהרן,
איטלאַכער זײַן פײַערפאַן.
18 האָבן זיי גענומען איטלאַכער זײַן פײַערפאַן, און זיי האָבן
אַרויפגעלייגט אויף זיי פייער, און אַרויפגעטאָן אויף זיי ווײַרויך,
און זיי האָבן זיך געשטעלט בײַם אײַנגאַנג פון אוהל־מועד מיט
משהן און אַהרֹנען. 19 און קֹרח האָט אײַנגעזאַמלט אַקעגן זיי
די גאַנצע עדה צום אײַנגאַנג פון אוהל־מועד; און די פּראַכט
פון גאָט האָט זיך באַוויזן צו דער גאַנצער עדה.
20 און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרֹנען, אַזוי צו
זאָגן: 21 שיידט אײַך אָפּ פון צווישן דערדאָזיקער עדה, און איך
וועל זיי פאַרלענדן אין אַ רגע. 22 זײַנען זיי געפאַלן אויף זייער
פנים, און האָבן געזאָגט: גאָט דו האַר פון די גייסטער פון אַלע
באַשעפענישן, זאָל איין מענטש זינדיקן, און אויף דער גאַנצער
עדה זאָלסטו צערענען?
23 האָט גאָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 24 רעד צו דער
עדה, אַזוי צו זאָגן: ציט אָפּ פון אַרום דער וווינונג פון קֹרחן,
דָתָנען, און אַבירָמען. 25 איז משה אויפגעשטאַנען און איז

געגאַנגען צו דָתָנען און אַבירָמען, און נאָך אים זײַנען געגאַנגען
די עלטסטע פֿון ישׂראל. 26און ער האָט גערעדט צו דער עדה,
אַזוי צו זאָגן: טרעט אָפּ, איך בעט אײַך, פֿון לעבן די געצעלטן
פֿון דידאָזיקע שלעכטע מענטשן, און איר זאָלט זיך ניט אָנרירן
אָן אַלץ וואָס איז זײערס, כּדי איר זאָלט ניט אומגעבראַכט
ווערן דורך אַלע זײערע זינד. 27האָבן זײ אָפּגעצויגן פֿון דער
וווינונג פֿון קֹרחן, דָתָנען, און אַבירָמען, פֿון רונד אַרום; און דָתָן
און אַבירָם זײַנען אַרויסגעגאַנגען, זיך שטעלנדיק אין אײַנגאַנג
פֿון זײערע געצעלטן, מיט זײערע ווײַבער און זײערע זין און
זײערע קלײנע קינדער. 28האָט משה געזאָגט: דורך דעם וועט
איר וויסן, אַז גאָט האָט מיך געשיקט צו טאָן אַלע דידאָזיקע
טואונגען, אַז דאָס איז ניט פֿון מײַן האַרצן. 29אויב אַזוי ווי אַלע
מענטשן שטאַרבן, וועלן דידאָזיקע שטאַרבן, און די באַשערונג
פֿון אַלע מענטשן וועט זײ באַשערט זײַן, האָט מיך גאָט ניט
געשיקט. 30אויב אָבער אַ באַשאַפֿונג וועט באַשאַפֿן גאָט, און די
ערד וועט אויפֿמאַכן איר מויל, און וועט אײַנשלינגען זײ
און אַלץ וואָס איז זײערס, און זײ וועלן אַראָפּנידערן
לעבעדיקערהייט אין אונטערערד, וועט איר וויסן, אַז
דידאָזיקע מענטשן האָבן געלעסטערט גאָט.
31און עס איז געווען, ווי ער האָט געענדיקט רעדן אַלע
דידאָזיקע ווערטער, אַזוי האָט זיך אויפֿגעשפּאָלטן די ערד
וואָס אונטער זײ. 32און די ערד האָט געעפֿנט איר מויל, און
האָט אײַנגעשלונגען זײ, און זײערע הײַזער, און אַלע מענטשן
וואָס האָבן געהערט צו קֹרחן, און דעם גאַנצן פֿאַרמעג.
33און זײ און אַלץ וואָס איז זײערס האָבן אַראָפּגענידערט
לעבעדיקערהייט אין אונטערערד, און די ערד האָט זײ
צוגעדעקט, און זײ זײַנען אונטערגעגאַנגען פֿון צווישן דער עדה.
34און גאַנץ ישׂראל וואָס רונד אַרום זײ זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון

זייערע קולות, וואָרום זיי האָבן געזאָגט: די ערד וועט אונדז נאָך
אײַנשלינגען. 35און אַ פֿייער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון גאָט, און
האָט פֿאַרצערט די צוויי הונדערט און פֿופֿציק מאַן, וואָס
האָבן אויפֿגעבראַכט דעם ווייריך.

יז 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2זאָג צו
אֶלעָזָר דעם זון פֿון אַהרן דעם כֹּהן, ער זאָל אויפֿהייבן די
פֿייערפֿאַנען פֿון צווישן דער פֿאַרברענונג, און דאָס פֿייער וואַרף
אַוועק; וואָרום זיי זיינען געוואָרן הייליק. 3די פֿייערפֿאַנען
פֿון דידאָזיקע, וואָס האָבן פֿאַרזינדיקט זייערע נפֿשות, פֿון זיי
זאָל מען מאַכן אויסגעשלאָגענע בלעכן, אַן איבערצוג צום
מזבח, וואָרום מע האָט זיי געבראַכט פֿאַר גאָט, און זיי זיינען
געוואָרן הייליק; און זיי זאָלן זיין פֿאַר אַ צייכן צו די קינדער
פֿון ישׂראל. 4האָט אֶלעָזָר דער כֹּהן גענומען די קופּערנע
פֿייערפֿאַנען, וואָס די פֿאַרברענטע האָבן געבראַכט, און מע האָט
זיי אויסגעשלאָגן פֿאַר אַן איבערצוג צום מזבח, 5אַ דערמאָנונג
צו די קינדער פֿון ישׂראל, כּדי אַ פֿרעמדער מענטש, וואָס איז
ניט פֿון דעם זאָמען פֿון אַהרן, זאָל ניט גענענען צו רייכערן
ווייריך פֿאַר גאָט, אַז ער זאָל ניט ווערן אַזוי ווי קֹרח און אַזוי
ווי זיין געזעמל; אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט צו אים דורך משהן.

6און די גאַנצע עדה פֿון די קינדער פֿון ישׂראל האָט אויף
מאָרגן געמורמלט אַקעגן משהן און אַקעגן אַהרֹנען, אַזוי צו זאָגן:
איר האָט געטייט דאָס פֿאָלק פֿון גאָט. 7און עס איז געווען,
אַז די עדה האָט זיך אײַנגעזאַמלט אַקעגן משהן און אַקעגן
אַהרֹנען, אַזוי האָבן זיי זיך אומגעקערט צום אוהל־מועד,
ערשט אַ וואָלקן האָט אים צוגעדעקט, און די פּראַכט פֿון גאָט
האָט זיך באַוויזן. 8און משה און אַהרן זיינען צוגעגאַנגען פֿאַרן
אוהל־מועד, 9און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן:

[10]שיידט אײַך אָפּ פֿון צווישן דערדאָזיקער עדה, און איך וועל
זיי פֿאַרלענדן אין אַ רגע. זיינען זיי געפֿאַלן אויף זייער פּנים.
[11]און משה האָט געזאָגט צו אַהרנען: נעם די פֿייערפֿאַן, און לייג
אויף איר אַרויף פֿייער פֿון מזבח, און טו אַרויף װײַרױך, און
טראָג אויף גיך צו דער עדה, און זײַ מכפּר אויף זיי, וואָרום
אַ צאָרן איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פֿאַר גאָט; די מגפֿה האָט זיך
אָנגעהויבן. [12]האָט אַהרן גענומען, אַזוי ווי משה האָט געהייסן,
און ער איז אַרײַנגעלאָפֿן אין מיטן פֿון דער עדה; ערשט די
מגפֿה האָט זיך אָנגעהויבן אין פֿאָלק. האָט ער אַרויפֿגעלייגט
ווײַרױך, און מכפּר געווען אויפֿן פֿאָלק. [13]און ער איז
געשטאַנען צווישן די טויטע און צווישן די לעבעדיקע; און די
מגפֿה איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן. [14]און די וואָס זיינען געשטאָרבן
אין דער מגפֿה, זיינען געווען פֿערצן טויזנט און זיבן הונדערט,
אַחוץ די וואָס זיינען געשטאָרבן וועגן דער מעשׂה מיט קרחן.
[15]און אַהרן האָט זיך אומגעקערט צו משהן, צום אײַנגאַנג פֿון
אוהל־מועד, ווען די מגפֿה איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן.

[16]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [17]רעד צו
די קינדער פֿון ישׂראל, און נעם פֿון זיי צו שטעקן, צו שטעקן
פֿון אַ פֿאָטערהויז, פֿון אַלע זייערע פֿירשטן לויט זייערע
פֿאָטערהײַזער, צוועלף שטעקנס; איטלאַכנס נאָמען זאָלסטו
אויפֿשרײַבן אויף זײַן שטעקן. [18]און אַהרנס נאָמען זאָלסטו
אויפֿשרײַבן אויף דעם שטעקן פֿון לוי, וואָרום איין שטעקן זאָל
זײַן פֿאַר דעם הויפּט פֿון זייערע פֿאָטערהײַזער. [19]און זאָלסט
זיי אַוועקלייגן אין אוהל־מועד, פֿאַרן געזעץ, וואָס איך
אַנטפּלעק זיך צו אײַך דאָרטן. [20]און עס וועט זײַן, דער מאַן וואָס
איך וועל אים אויסדערוויילן, וועט זײַן שטעקן אויפֿשפּראָצן;
און איך וועל אײַנשטילן פֿון אַרום מיר די מורמלערייען פֿון
די קינדער פֿון ישׂראל, וואָס זיי מורמלען אַקעגן אײַך.

[21]האָט משה גערעדט צו די קינדער פון ישׂראל, און אַלע זייערע פירשטן האָבן אים געגעבן צו שטעקן פון איטלאַכן פירשט, צו שטעקן פון איטלאַכן פירשט, לויט זייערע פאָטער־הייזער, צוועלף שטעקנס; און דער שטעקן פון אַהרנען איז געווען צווישן זייערע שטעקנס. [22]און משה האָט אַוועקגעלייגט די שטעקנס פאַר גאָט, אין דעם געצעלט פון געזעץ. [23]און עס איז געווען אויף מאָרגן, אַז משה איז געקומען אין דעם געצעלט פון געזעץ, ערשט דער שטעקן פון אַהרנען פאַר לֵוִיס הויז האָט אויפגעשפּראָצט, און אַרויסגעלאָזט שפּראָצונג, און געבליט בליאַכץ, און געצייטיקט מאַנדלען. [24]האָט משה אַרויסגעטראָגן אַלע שטעקנס פון פאַר גאָט צו אַלע קינדער פון ישׂראל, און זיי האָבן איבערגעקוקט, און גענומען איטלאַכער זיין שטעקן.

[25]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: קער אום אַהרנס שטעקן פאַרן געזעץ, פאַר אַ היטונג, פאַר אַ צייכן צו די ווידער־שפּעניקע קינדער, כּדי זאָלסט מאַכן אַן ענד צו זייערע מורמלערייען אַרום מיר, און זיי זאָלן ניט שטאַרבן. [26]האָט משה דאָס געטאָן; אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן, אַזוי האָט ער געטאָן.

[27]האָבן די קינדער פון ישׂראל געזאָגט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: זע, מיר קומען אום, מיר גייען אונטער, אַלע גייען מיר אונטער. [28]איטלאַכער וואָס גענענט — וואָס גענענט צום מִשכּן פון גאָט, שטאַרבט; צי וועלן מיר אין גאַנצן אומקומען?

יח [1]און גאָט האָט געזאָגט צו אַהרנען: דו און דיינע זין און דאָס הויז פון דיין פאָטער מיט דיר, זאָלט טראָגן די זינד פון דעם הייליקטום[א], און דו און דיינע זין מיט דיר זאָלט טראָגן די זינד פון אײַער כּהונה. [2]און אויך דיינע ברידער, דעם שטאַם לֵוִי, דעם שבט פון דיין פאָטער, מאַך גענענען מיט דיר, און

[א] ד״ה די אַחריות פאַר די זינד וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן הייליקטום.

זיי זאָלן זיין באַהעפט צו דיר, און דיך באַדינען; און דו און דיינע
זין מיט דיר זאָלט זיין פאַר דעם געצעלט פון געזעץ. [3]און
זיי זאָלן היטן דיין היטונג, און די היטונג פון גאַנצן געצעלט,
אָבער צו די הייליקע כּלים און צום מזבח זאָלן זיי ניט גענענען,
כּדי זיי זאָלן ניט שטאַרבן, אי זיי אי איר. [4]און זיי זאָלן זיין
באַהעפט צו דיר, און היטן די היטונג פון אוהל־מוֹעד ביי איטלאַכן
דינסט פון געצעלט; און אַ פרעמדער זאָל ניט גענענען צו אייך.
[5]און איר זאָלט היטן די היטונג פון הייליקטום, און די היטונג
פון מזבח, כּדי עס זאָל מער ניט זיין אַ צאָרן אויף די קינדער
פון ישׂראל. [6]און איך, זע, האָב גענומען אייערע ברידער די
לוִיִים פון צווישן די קינדער פון ישׂראל; אייך אַ מתּנה זיינען
זיי געגעבן פאַר גאָט, צו דינען דעם דינסט פון אוהל־מוֹעד.
[7]און דו און דיינע זין מיט דיר זאָלט אָפּהיטן אייער כּהונה ביי
איטלאַכער זאַך פון מזבח און אינעווייניק פון פָּרוֹכת, און טאָן
דעם דינסט; אַ דינסט פאַר אַ מתּנה גיב איך אייך די כּהונה, און
דער פרעמדער, וואָס גענענט, זאָל געטייט ווערן.

[8]און גאָט האָט גערעדט צו אַהרֹנען: און איך, זע, האָב דיר
געגעבן די היטונג פון מיינע אָפּשיידונגען; פון אַלע געהייליקטע
זאַכן פון די קינדער פון ישׂראל האָב איך זיי געגעבן פאַר אַ
חלק צו דיר און צו דיינע קינדער פאַר אַן אייביקן רעכט.
[9]דאָס זאָל געהערן צו דיר פון די הייליקסטע הייליקייטן, פון
די פייעראָפּפער: אַלע זייערע קרבּנות, פון אַלע זייערע שפּייז־
אָפּפער, און פון אַלע זייערע זינדאָפּפער, און פון אַלע
זייערע שולדאָפּפער, וואָס זיי צאָלן אָפּ צו מיר; אַ הייליקסטע
הייליקייט איז דאָס, פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער. [10]אין
אַ הייליקסטן אָרט זאָלסטו עס עסן; איטלאַכער מאַנספאַרשוין
מעג עס עסן; הייליק זאָל עס זיין פאַר דיר. [11]און דאָס
געהערט צו דיר: די אָפּשיידונג פון זייער גאָב ביי אַלע

אויפהייבונגען פון די קינדער פון ישׂראל; צו דיר האָב איך זיי געגעבן, און צו דיינע זין און צו דיינע טעכטער מיט דיר, פאַר אַן אייביקן רעכט; איטלאַכער וואָס איז ריין אין דיין הויז מעג עס עסן. [12]אַלדאָס בעסטע פון אייל, און אַלדאָס בעסטע פון ווייַן און תבואה, דאָס ערשטע דערפון וואָס זיי גיבן צו גאָט, דאָס האָב איך געגעבן צו דיר. [13]די ערשטצייטיקע פון אַלץ וואָס אין זייער לאַנד, וואָס זיי ברענגען צו גאָט, זאָלן געהערן צו דיר; איטלאַכער וואָס איז ריין אין דיין הויז מעג עס עסן. [14]איטלאַכע חרם־זאַך אין ישׂראל זאָל געהערן צו דיר. [15]איטלאַכס וואָס עפנט דעם טראַכט, פון יעטוועדער באַשעפעניש וואָס מע ברענגט צו גאָט, פון אַ מענטשן און פון אַ בהמה, זאָל געהערן צו דיר; אָבער אויסלייזן זאָלסטו לאָזן אויסלייזן דעם בכוֹר פון אַ מענטשן; אויך דעם בכוֹר פון אַן אומריינער בהמה זאָלסטו לאָזן אויסלייזן. [16]און זייער אויסלייז—פון אַ חודש אַלט זאָלסטו לאָזן אויסלייזן—זאָל זיין לויט דיין שאַצונג, פינף שֶקל זילבער, אויפן הייליקן שֶקל, דאָס איז צוואַנציק גֵרָה. [17]אָבער אַ בכוֹר פון אַ רינד, אָדער אַ בכוֹר פון אַ שעפּס, אָדער אַ בכוֹר פון אַ ציג, טאָרסטו ניט לאָזן אויסלייזן; זיי זיינען הייליק. זייער בלוט זאָלסטו שפּרענגען אויפן מזבח, און זייער פעטס זאָלסטו דעמפן פאַר אַ פייעראָפּפער, פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט. [18]און זייער פלייש זאָל געהערן צו דיר; אַזוי ווי די ברוסט פון אויפהייבונג, און אַזוי ווי דער רעכטער שענקל, זאָל עס געהערן צו דיר. [19]אַלע אָפּשיידונגען פון די הייליקע זאַכן וואָס די קינדער פון ישׂראל שיידן אָפּ צו גאָט, האָב איך געגעבן צו דיר און צו דיינע זין און צו דיינע טעכטער מיט דיר, פאַר אַן אייביקן רעכט; אַן אייביקער בונד פון זאַלץ איז דאָס פאַר גאָט, דיר און דיין זאָמען מיט דיר.

[20]און גאָט האָט געזאָגט צו אַהרֹנען: אין זייער לאַנד זאָלסטו

ניט אַרבן, און קיין חלק זאָלסטו ניט האָבן צווישן זיי; איך
בין דיין חלק און דיין נחלה צווישן די קינדער פון ישׂראל.
21 און צו די קינדער פון לֵוִי, זע, האָב איך געגעבן יעטוועדער
מעשׂר אין ישׂראל פאַר אַן אַרב, פאַר זייער דינסט וואָס זיי
דינען, דעם דינסט פון אוהל־מוֹעד. 22 און די קינדער פון ישׂראל
זאָלן מער ניט גענענען צום אוהל־מוֹעד, צו טראָגן אַ חטא און
שטאַרבן. 23 נייערט דער לֵוִי, ער זאָל דינען דעם דינסט פון
אוהל־מוֹעד; און זיי זאָלן טראָגן זייער זינד[א]; אַן אייביק געזעץ
אויף זייערע דור־דורות. און צווישן די קינדער פון ישׂראל זאָלן
זיי ניט אַרבן קיין אַרבונג. 24 וואָרום דעם מעשׂר פון די קינדער
פון ישׂראל, וואָס זיי שיידן אָפּ פאַר אַן אָפּשיידונג צו גאָט,
האָב איך געגעבן צו די לְוִיִם פאַר אַן אַרבונג; דרום האָב איך
וועגן זיי געזאָגט: צווישן די קינדער פון ישׂראל זאָלן זיי ניט אַרבן
קיין אַרבונג.

25 און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 26 און צו
די לְוִיִם זאָלסטו רעדן, און זאָגן צו זיי: אַז איר וועט נעמען
פון די קינדער פון ישׂראל דעם מעשׂר וואָס איך האָב אײַך
געגעבן פון זיי פאַר אײַער אַרבונג, זאָלט איר אָפּשיידן דערפון
אַן אָפּשיידונג צו גאָט, מעשׂר פון דעם מעשׂר. 27 און אײַער
אָפּשיידונג וועט אײַך גערעכנט ווערן אַזוי ווי די תּבואה אויסן
שייער, און ווי די שֶׁפע אויסן קעלטער. 28 אַזוי זאָלט איר אויך
אָפּשיידן די אָפּשיידונג פון גאָט פון אַלע אײַערע מעשׂרס,
וואָס איר וועט נעמען פון די קינדער פון ישׂראל, און איר זאָלט
געבן דערפון די אָפּשיידונג פון גאָט צו אַהרן דעם כֹּהן. 29 פון
אַלץ וואָס ווערט אײַך געגעבן זאָלט איר אָפּשיידן די גאַנצע
אָפּשיידונג פון גאָט, פון אַלעם בעסטן דערפון, דאָס הייליקע
פון דעם. 30 און זאָלסט זאָגן צו זיי: אַז איר שיידט אָפּ פון דעם
דאָס בעסטע דערפון, זאָל עס גערעכנט ווערן די לְוִיִם אַזוי

[א] ד״ה די אַחריות פאַר זייער דינסט.

ווי דער אַיינטראָג פון שייער, און אַזוי ווי דער אַיינטראָג פון
קעלטער. [31]און איר מעגט עס עסן אין יעטוועדער אָרט, איר
און אַייער הויזגעזינט, וואָרום דאָס איז אַייך אַ לוין פאַר אַייער
דינסט אין אוהל־מועד. [32]און איר וועט ניט טראָגן וועגן דעם
אַ זינד, ווען איר שיידט אָפּ פון דעם דאָס בעסטע דערפון.
און איר זאָלט ניט פאַרשוועכן די הייליקייטן פון די קינדער
פון ישׂראל, כּדי איר זאָלט ניט שטאַרבן.

# חֻקַּת

יט [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן און צו אַהרנען, אַזוי
צו זאָגן:
[2]דאָס איז דאָס געזעץ פון דער תּורה, וואָס גאָט האָט
באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: רעד צו די קינדער פון ישׂראל, זיי זאָלן דיר
ברענגען אַ רויטע קו, אַ גאַנצע, וואָס אין איר איז ניטאָ קיין מום,
וואָס אויף איר איז ניט אַרויף קיין יאָך. [3]און איר זאָלט זי געבן
צו אֶלעָזָר דעם כּהן, און מע זאָל זי אַרויספירן אויסן לאַגער, און
זי שעכטן פאַר אים. [4]און אֶלעָזָר דער כּהן זאָל נעמען פון איר
בלוט מיט זיין פינגער, און שפּריצן פון איר בלוט אַקעגן דער
פאָדערזייט פון אוהל־מועד זיבן מאָל. [5]און מע זאָל פאַר־
ברענען די קו פאַר זיינע אויגן; איר פעל און איר פלייש און
איר בלוט מיט איר מיסט זאָל מען פאַרברענען. [6]און דער כּהן
זאָל נעמען צעדערהאָלץ, און אֵזוֹב־גראָז, און ווערמילרויט,
און אַריינוואַרפן אין דער פאַרברענונג פון דער קו. [7]און דער
כּהן זאָל וואַשן זיינע קליידער, און באָדן זיין לייב אין וואַסער,
און דערנאָך מעג ער אַריינקומען אין לאַגער; און דער כּהן
זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט. [8]אויך דער וואָס פאַרברענט זי,
זאָל וואַשן זיינע קליידער אין וואַסער, און באָדן זיין לייב אין

וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט. [9]און אַ ריינער מאַן זאָל אויפזאַמלען די אַש פון דער קו, און אַוועקלייגן אויסן לאַגער אין אַ ריינעם אָרט; און עס זאָל געהאַלטן ווערן פאַר דער עדה פון די קינדער פון ישׂראל פאַר שפּרענגוואַסער; אַ ריייניק אָפּפער איז דאָס. [10]און דער וואָס זאַמלט אויף די אַש פון דער קו, זאָל וואַשן זיינע קליידער, און זיין אומריין ביזן אָוונט. און עס זאָל זיין פאַר די קינדער פון ישׂראל, און פאַר דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי, פאַר אַן אייביקן געזעץ.

[11]דער וואָס רירט זיך אָן אָן אַ מת, אָן וואָסער עס איז טויטן לייב פון אַ מענטשן, זאָל זיין אומריין זיבן טעג. [12]ער זאָל זיך ריייניקן דערמיט אויפן דריטן טאָג און אויפן זיבעטן טאָג, און ווערן ריין; און אויב ער וועט זיך ניט ריייניקן אויפן דריטן טאָג און אויפן זיבעטן טאָג, זאָל ער ניט ווערן ריין. [13]איטלעכער וואָס רירט זיך אָן אָן אַ מת, אָן דעם לייב פון אַ מענטשן וואָס איז געשטאָרבן, און ער וועט זיך ניט ריייניקן, האָט ער די רוואונג פון גאָט פאַראומריייניקט, און יענע זעל זאָל פאַרשניטן ווערן פון ישׂראל; אַז שפּרענגוואַסער איז אויף אים ניט געשפּרענגט געוואָרן, זאָל ער זיין אומריין; זיין אומריינקייט איז נאָך אויף אים.

[14]דאָס איז דער דין: אַז אַ מענטש וועט שטאַרבן אין אַ געצעלט, זאָל איטלעכער וואָס קומט אין געצעלט, און אַלץ וואָס אין געצעלט, זיין אומריין זיבן טעג. [15]און יעטוועדער אָפענע כּלי, וואָס אויף איר איז ניטאָ אַן אַרומגעשנירט דעקל, איז אומריין. [16]און איטלעכער וואָס וועט זיך אָנרירן אויפן פרייען פעלד אָן אַ דערשלאָגענעם פון אַ שווערד, אָדער אָן אַ געשטאָרבענעם, אָדער אָן אַ ביין פון אַ מענטשן, אָדער אָן אַ קבר, זאָל זיין אומריין זיבן טעג. [17]און מע זאָל נעמען פאַר דעם אומריינעם פון דער אַש פון דעם פאַרברענטן ריייניקאָפּפער,

און אַרויסגיסן דערויף לעבעדיקע וואַסער אין אַ כּלי. 18און
אַ ריינער מאַן זאָל נעמען אֵזוֹב־גראָז, און אײַנטונקען אין דעם
וואַסער, און שפּריצן אויפֿן געצעלט, און אויף אַלע כּלים, און
אויף די נפשות וואָס זײַנען דאָרטן געווען, און אויף דעם וואָס
האָט זיך אָנגערירט אָן דעם ביין, אָדער אָן דעם דערשלאָגענעם,
אָדער אָן דעם געשטאָרבענעם, אָדער אָן דעם קבר. 19און
דער וואָס איז ריין זאָל שפּריצן אויף דעם אומרײנעם אויפֿן
דריטן טאָג און אויפֿן זיבעטן טאָג; און ער זאָל אים רייניקן
אויפֿן זיבעטן טאָג; און ער זאָל וואַשן זײַנע קליידער, און זיך
באָדן אין וואַסער, און ווערן ריין אין אָוונט. 20און אַז אַ מענטש
וועט זײַן אומריין, און וועט זיך ניט רייניקן, זאָל יענע זעל פֿאַר־
שניטן ווערן פֿון צווישן דער עדה, וואָרום דאָס הייליקטום פֿון
גאָט האָט ער פֿאַראומרייניקט; שפּרענגוואַסער איז אויף אים
ניט געשפּרענגט געוואָרן, איז ער אומריין. 21און עס זאָל זײ
זײַן פֿאַר אַן אײביקן געזעץ. און דער וואָס שפּריצט דאָס
שפּרענגוואַסער, זאָל וואַשן זײַנע קליידער; און דער וואָס רירט
זיך אָן אָן דעם שפּרענגוואַסער, זאָל זײַן אומריין ביזן אָוונט.
22און אַלץ וואָס דער אומרײנער וועט זיך אָנרירן אָן דעם, זאָל
זײַן אומריין; און דער מענטש וואָס רירט זיך אָן אים אָן, זאָל
זײַן אומריין ביזן אָוונט.

כ 1און די קינדער פֿון ישׂראל, די גאַנצע עדה, זײַנען געקומען
אין מדבר צִן, אין ערשטן חודש; און דאָס פֿאָלק איז געזעסן
אין קָדֵש; און מרים איז דאָרטן געשטאָרבן, און איז דאָרטן
באַגראָבן געוואָרן.
2און די עדה האָט ניט געהאַט קיין וואַסער, און זיי האָבן
זיך אײַנגעזאַמלט אַקעגן משהן און אַקעגן אַהרנען. 3און דאָס
פֿאָלק האָט זיך געקריגט מיט משהן, און זיי האָבן געזאָגט, אַזוי

צו זאָגן: הלוואַי וואָלטן מיר אומגעקומען, ווען אונדזערע
ברידער זיינען אומגעקומען פאַר גאָט! 4און נאָך וואָס האָט איר
געבראַכט די עדה פון גאָט אין דעמדאָזיקן מדבר, אַז מיר און
אונדזער פי זאָלן דאָ אויסשטאַרבן? 5און נאָך וואָס האָט איר
אונדז אויפגעבראַכט פון מִצרַיִם, אונדז צו ברענגען אין דעמ־
דאָזיקן שלעכטן אָרט, וואָס איז ניט אַן אָרט פון זאָמען, אָדער
פייגן, אָדער וויינשטאָקן, אָדער מילגרוימען, און ווו וואַסער
צום טרינקען איז ניטאָ?
6זיינען משה און אַהרן אַוועקגעגאַנגען פון פאַר דער עדה
צום אײַנגאַנג פון אוהל־מועד, און זיי זיינען געפאַלן אויף זייער
פנים; און די פראַכט פון גאָט האָט זיך באַוויזן צו זיי. 7און גאָט
האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 8נעם דעם שטעקן, און
זאַמל איין די עדה, דו און אַהרן דיין ברודער, און איר זאָלט
רעדן צום פעלז פאַר זייערע אויגן, אַז ער זאָל אַרויסגעבן
פון זיך וואַסער; און וועסט זיי אַרויסציִען וואַסער פון פעלז,
און וועסט אָנטרינקען די עדה און זייער פי. 9האָט משה גענומען
דעם שטעקן פון פאַר גאָט, אַזוי ווי ער האָט אים באַפוילן.
10און משה און אַהרן האָבן אײַנגעזאַמלט די עדה פאַר דעם
פעלז, און ער האָט צו זיי געזאָגט: הערט אַקאָרשט, איר
ווידערשפעניקער, זאָלן מיר פון דעמדאָזיקן פעלז אײַך אַרויס־
ציִען וואַסער? 11און משה האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, און
האָט געשלאָגן דעם פעלז מיט זיין שטעקן צוויי מאָל, און עס
איז אַרויס אַ סך וואַסער, און די עדה און זייער פי האָבן
געטרונקען. 12האָט גאָט געזאָגט צו משהן און צו אַהרנען: ווייל
איר האָט ניט געגלויבט אין מיר, מיך צו הייליקן פאַר די אויגן
פון די קינדער פון ישׂראל, דרום וועט איר ניט ברענגען די־
דאָזיקע עדה אין דעם לאַנד וואָס איך האָב זיי געגעבן. 13דאָס
איז דאָס וואַסער פון מריבָה[א] ווו די קינדער פון ישׂראל האָבן

[א] קריג.

געקריגט אקעגן גאָט, און ער איז געהייליקט געוואָרן צווישן זיי.

[14]און משה האָט געשיקט שלוחים פון קָדֵש צו דעם מלך פון אֶדום: אַזוי זאָגט דיין ברודער ישׂראל: דו ווייסט אַלדי מאַטערניש וואָס אונדז האָט געטראָפן; [15]ווי אונדזערע עלטערן האָבן גענידערט קיין מִצרַיִם, און מיר זיינען געזעסן אין מִצרַיִם פיל טעג, און די מִצרים האָבן שלעכטס געטאָן אונדז און אונדזערע עלטערן; [16]און מיר האָבן געשריען צו גאָט, און ער האָט געהערט אונדזער קָול, און האָט געשיקט אַ מלאַך, און אונדז אַרויס־געצויגן פון מִצרַיִם; און אָט זיינען מיר אין קָדֵש, אַ שטאָט ביים עק פון דיין געמאַרק. [17]לאָז אונדז, איך בעט דיך, דורכגיין דורך דיין לאַנד; מיר וועלן ניט דורכגיין דורך אַ פעלד אָדער דורך אַ ווייגאָרטן, און מיר וועלן ניט טרינקען וואַסער פון אַ ברונעם; אויף דעם מלכס וועג וועלן מיר גיין; מיר וועלן זיך ניט אָפּנייגן רעכטס אָדער לינקס, ביז וואַנען מיר וועלן דורכגיין דיין געמאַרק. [18]האָט אֶדום צו אים געזאָגט: זאָלסט ניט דורכגיין דורך מיר, וואָרום מיטן שווערד וועל איך אַרויסגיין אַקעגן דיר. [19]האָבן די קינדער פון ישׂראל צו אים געזאָגט: אויפן וועג וועלן מיר גיין, און אַז מיר וועלן טרינקען דיין וואַסער, איך און מיינע פֵי, וועל איך געבן געצאָלט דערפאַר; עס איז דאָך גאָרנישט; לאָמיך בלויז דורכגיין אויף מיינע פיס. [20]האָט ער געזאָגט: דו קענסט ניט דורכגיין. און אֶדום איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן אים מיט פיל פאָלק, און מיט אַ שטאַרקער האַנט. [21]און אֶדום האָט ניט געוואָלט לאָזן ישׂראל דורכגיין דורך זיין געמאַרק, און ישׂראל האָט זיך אָפּגענייגט פון אים.

[22]און זיי האָבן אַוועקגעצויגן פון קָדֵש; און די קינדער פון ישׂראל, די גאַנצע עדה, זיינען אָנגעקומען צום באַרג הוֹר. [23]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן און צו אַהרֹנען אויפן באַרג הוֹר, ביים געמאַרק פון לאַנד אֶדום, אַזוי צו זאָגן: [24]זאָל אַהרן

אײַנגעזאַמלט װערן צו זײַן פֿאָלק; װאָרום ער װעט ניט קומען
אין דעם לאַנד װאָס איך האָב געגעבן צו די קינדער פֿון ישׂראל,
דערפֿאַר װאָס איר האָט װידערשפּעניקט מײַן מױל בײַם
װאַסער פֿון מריבֿה. 25 נעם אַהרֹנען און זײַן זון אֶלעָזָרן, און ברענג
זײ אַרױף אױפֿן באַרג הֹר; 26 און טו אױס אַהרֹנען זײַנע קלײדער,
און טו זײ אָן זײַן זון אֶלעָזָרן; און אַהרן זאָל אײַנגעזאַמלט
װערן און שטאַרבן דאָרטן. 27 האָט משה געטאָן אַזױ װי גאָט
האָט באַפֿױלן; און זײ זײַנען אַרױפֿגעגאַנגען אױפֿן באַרג הֹר,
פֿאַר די אױגן פֿון דער גאַנצער עדה. 28 און משה האָט אױס־
געטאָן אַהרֹנען זײַנע קלײדער, און האָט זײ אָנגעטאָן זײַן זון
אֶלעָזָרן. און אַהרן איז דאָרטן געשטאָרבן אױפֿן שפּיץ באַרג.
און משה און אֶלעָזָר האָבן אַראָפּגענידערט פֿון באַרג. 29 און
די גאַנצע עדה האָט געזען אַז אַהרן איז פֿאַרגאַנגען; און דאָס
גאַנצע הױז פֿון ישׂראל האָט באַװײנט אַהרֹנען דרײַסיק טעג.

**כא** 1 און דער כּנַעֲני, דער מלך פֿון עֲרָד, דער באַװױנער
פֿון דָרום, האָט געהערט אַז ישׂראל איז אָנגעקומען אױף
דעם װעג פֿון אֲתָרים, און ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט
ישׂראל, און געפֿאַנגען פֿון זײ געפֿאַנגענע. 2 האָט ישׂראל אַ נדר
געטאָן צו גאָט, און האָט געזאָגט: אױב געבן װעסטו געבן דאָס־
דאָזיקע פֿאָלק אין מײַן האַנט, װעל איך מאַכן זײערע שטעט
חרם. 3 און גאָט האָט צוגעהערט צו דעם קָול פֿון ישׂראל, און
ער האָט איבערגעגעבן דעם כּנַעֲני, און זײ האָבן געמאַכט זײ
און זײערע שטעט חרם. און מע האָט גערופֿן דעם נאָמען פֿון
דעם אָרט, חָרמָה.

4 און זײ האָבן געצױגן פֿון באַרג הֹר אױפֿן װעג פֿון יַם־סוף,
כּדי צו גײן אַרום דעם לאַנד אֱדום, און די זעל פֿון דעם פֿאָלק
איז געװאָרן אומגעדולדיק פֿון װעג. 5 און דאָס פֿאָלק האָט

גערעדט אַקעגן גאָט און אַקעגן משהן: נאָך וואָס האָט איר אונדז
אויפגעבראַכט פון מִצרַיִם צו שטאַרבן אין דער מדבר?
וואָרום קיין ברויט איז ניטאָ, און קיין וואַסער איז ניטאָ, און
אונדזער זעל עקלט זיך מיט דער נישטיקער שפּייז. [6]האָט
גאָט אָנגעשיקט אויפן פאָלק פייערדיקע שלאַנגען, און זיי האָבן
געביסן דאָס פאָלק, און עס איז געשטאָרבן אַ סך פאָלק פון
ישׂראל. [7]איז דאָס פאָלק געקומען צו משהן, און זיי האָבן
געזאָגט: מיר האָבן געזינדיקט וואָס מיר האָבן גערעדט אַקעגן
גאָט און אַקעגן דיר; זיי מתפּלל צו גאָט, ער זאָל אָפּטאָן פון
אונדז די שלאַנגען. האָט משה מתפּלל געווען פאַרן פאָלק.
[8]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: מאַך דיר אַ פייערדיקע שלאַנג,
און טו זי אַרויף אויף אַ שטאַנג; און עס וועט זיין, איטלאַכער וואָס
ווערט געביסן, וועט זי זען, און וועט בלייבן לעבן. [9]האָט משה
געמאַכט אַ קופּערנע שלאַנג, און האָט זי אַרויפגעטאָן אויף אַ
שטאַנג; און עס איז געווען, אַז אַ שלאַנג האָט עמיצן געביסן, אַזוי
האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דער קופּערנער שלאַנג, און איז
געבליבן לעבן.

[10]און די קינדער פון ישׂראל האָבן אַוועקגעצויגן, און גערוט
אין אוֹבוֹת. [11]און זיי האָבן געצויגן פון אוֹבוֹת, און גערוט אין
עִיֵי־עֲבָרִים, אין דעם מדבר וואָס פאַר מוֹאָב, אַקעגן זונאויפגאַנג.
[12]פון דאָרטן האָבן זיי געצויגן, און גערוט אין טאָל זֶרֶד. [13]פון
דאָרטן האָבן זיי געצויגן, און גערוט אויף יענער זייט אַרנוֹן
וואָס אין מדבר, וואָס גייט אַרויס פון דעם געמאַרק פון אֶמוֹרי;
וואָרום אַרנוֹן איז דער געמאַרק פון מוֹאָב, צווישן מוֹאָב און
צווישן דעם אֶמוֹרי. [14]דרום ווערט געזאָגט אין דעם בוך פון
די מלחמות פון גאָט:

וָהֵב אין סוּפָה,
און די טאָלן פון אַרנוֹן,

[15]און דעם אַראָפּגאַנג פֿון די טאָלן,
וואָס נייגט זיך צו דער וווינונג פֿון ער,
און לענט זיך אָן געמאַרק פֿון מואָב.
[16]און פֿון דאָרטן קיין באֵר[א]. דאָס איז דער ברונעם, ווו גאָט
האָט געזאָגט צו משהן: זאַמל איין דאָס פֿאָלק, און איך וועל
זיי געבן וואַסער. [17]דענסמאָל האָט ישׂראל געזונגען דאָס־
דאָזיקע געזאַנג:
קוועל אַרויף, ברונעם—זינגט צו אים—
[18]דער ברונעם וואָס געגראָבן האָבן אים האַרן,
אים אויסגעהאַקט האָבן פֿירשטן פֿון פֿאָלק,
מיטן צעפּטער, מיט זייערע שטעקנס.
און פֿון מדבר קיין מַתָּנָה; [19]און פֿון מַתָּנָה קיין נַחליאֵל, און פֿון
נַחליאֵל קיין בָּמות; [20]און פֿון בָּמות צו דעם טאָל וואָס אין פֿעלד
פֿון מואָב, ביים שפּיץ פֿון פִּסגָה, וואָס קוקט אַראָפּ אויף דער
וויסטע.
[21]און ישׂראל האָט געשיקט שלוחים צו סיחון דעם מלך
פֿון אֶמורי, אַזוי צו זאָגן: [22]לאָמיך דורכגיין דורך דיין לאַנד;
מיר וועלן זיך ניט אָפּנייגן אין אַ פֿעלד אָדער אין אַ ווייגאָרטן;
מיר וועלן ניט טרינקען וואַסער פֿון אַ ברונעם; אויף דעם מלכס
וועג וועלן מיר גיין, ביז וואַנען מיר וועלן דורכגיין דיין געמאַרק.
[23]אָבער סיחון האָט ניט געלאָזט ישׂראל דורכגיין דורך זיין
געמאַרק, און סיחון האָט איינגעזאַמלט זיין גאַנץ פֿאָלק, און איז
אַרויסגעגאַנגען אַקעגן ישׂראל צום מדבר, און ער איז געקומען
קיין יַהַץ, און האָט מלחמה געהאַלטן מיט ישׂראל. [24]און
ישׂראל האָט אים געשלאָגן מיטן שאַרף פֿון שווערד, און איינ־
גענומען זיין לאַנד פֿון אַרנון ביז יַבוק, ביז די קינדער פֿון עַמון;
וואָרום דער געמאַרק פֿון די קינדער פֿון עַמון איז געווען
שטאַרק. [25]און ישׂראל האָט צוגענומען אַלע די־דאָזיקע שטעט,

[א] ברונעם.

און ישׂראל האָט זיך באַזעצט אין אַלע שטעט פון אֱמורי, אין
חֶשבון, און אין אַלע אירע טעכטערשטעט. 26 וואָרום חֶשבון
איז געווען די שטאָט פון סיחון דעם מלך פון אֱמורי, וואָס האָט
מלחמה געהאַלטן מיט דעם פריערדיקן מלך פון מואָב, און
האָט אַוועקגענומען זיין גאַנץ לאַנד פון זיין האַנט, ביז אַרנון.
27 דרום זאָגן די שפּרוכזאָגער:

קומט קיין חֶשבון!
געבויט און אויפגעשטעלט
זאָל ווערן די שטאָט פון סיחון!
28 וואָרום אַ פייער איז אַרויס פון חֶשבון,
אַ פלאַם פון דער שטאָט פון סיחון;
זי האָט פאַרצערט עָר פון מואָב,
די האַרן פון די הייכן פון אַרנון.
29 וויי צו דיר, מואָב!
פאַרלאָרן ביסטו, פאָלק פון כּמוש!
ער האָט געלאָזט ווערן זיינע זין אַנטרונענע,
און זיינע טעכטער אין געפאַנגענשאַפט
צו סיחון דעם מלך פון אֱמורי.
30 און מיר האָבן זיי צעשאָסן;
פאַרלאָרן איז חֶשבון ביז דיבון;
און מיר האָבן פאַרוויסט
ביז נוֹפח וואָס ביז מֵידבָא.

31 און ישׂראל האָט זיך באַזעצט אין לאַנד פון דעם אֱמורי.
32 און משה האָט געשיקט אויסקוקן יַעְזֵר, און זיי האָבן באַצוווּנגען
אירע טעכטערשטעט, און פאַרטריבן דעם אֱמורי וואָס
איז דאָרטן געווען. 33 און זיי האָבן זיך פאַרקערט, און זיינען
אַרויפגעגאַנגען אויפן וועג פון בָשָן; איז אַרויסגעגאַנגען עוֹג דער
מלך פון בָשָן אַקעגן זיי, ער מיט זיין גאַנצן פאָלק, אויף מלחמה

קיין אֶדרֶעִי. 34 האָט גאָט געזאָגט צו משהן: זאָלסט ניט מורא
האָבן פאַר אים, וואָרום אין דיין האַנט האָב איך געגעבן אים
מיט זיין גאַנצן פאָלק און זיין לאַנד, און וועסט טאָן צו אים, אַזוי
ווי דו האָסט געטאָן צו סיחון דעם מלך פון אֶמוֹרִי, וואָס איז
געזעסן אין חֶשבּוֹן. 35 און זיי האָבן געשלאָגן אים מיט זיינע זין
און זיין גאַנצן פאָלק, ביז אים ניט צו לאָזן אַן איבערבלייב; און
זיי האָבן געאַרבט זיין לאַנד.

כב 1 און די קינדער פון ישׂראל האָבן אַוועקגעצויגן, און
האָבן גערוט אין די פּלוֹינען פון מוֹאָב, אויף יענער זייט
יַרדן ביי יריחוֹ.

## בָּלָק

2 און בָּלָק דער זון פון צִפּוֹרן האָט געזען אַלץ וואָס ישׂראל
האָט געטאָן צום אֶמוֹרִי. 3 און מוֹאָב האָט זיך זייער דערשראָקן
פאַר דעם פאָלק, ווייל זיי זיינען געווען פיל, און מוֹאָב איז געווען
אין אַנגסט פאַר די קינדער פון ישׂראל. 4 האָט מוֹאָב געזאָגט
צו די עלטסטע פון מִדיָן: אַצונד וועט דאָס געזעמל אָפּעסן
אַלץ וואָס אַרום אונדז, אַזוי ווי אַן אָקס עסט אָפּ דאָס גראָז
פון פעלד. און בָּלָק דער זון פון צִפּוֹרן איז געווען דער מלך
פון מוֹאָב אין יענער צייט. 5 האָט ער געשיקט שלוחים צו
בִּלעָם דער זון פון בְּעוֹרן, קיין פּתוֹר וואָס ביים טייך, אין דעם
לאַנד פון די קינדער פון זיין פאָלק, אים צו רופן, אַזוי צו זאָגן:
אָט איז אַ פאָלק אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם; זע, ער האָט פאַר־
דעקט דעם אָנבליק פון דער ערד, און ער זיצט מיר אַנטקעגן.
6 און אַצונד קום, איך בעט דיך, שילט מיר דאָסדאָזיקע פאָלק,
וואָרום ער איז שטאַרקער פון מיר. אֶפשר וועל איך אויס־
פירן מיר זאָלן אים שלאָגן, און איך וועל אים פאַרטרייבן פון

לאַנד; וואָרום איך ווייס, אַז וועמען דו בענטשסט, דער איז
געבענטשט, און וועמען דו שילטסט, דער איז פאַרשאָלטן.
[7]זיינען די עלטסטע פון מואָב און די עלטסטע פון מִדיָן
געגאַנגען מיט צויבערלוין אין זייער האַנט, און זיי זיינען געקומען
צו בִלעָמען, און האָבן גערעדט צו אים די ווערטער פון
בָלָקן. [8]האָט ער צו זיי געזאָגט: נעכטיקט דאָ די נאַכט, און
איך וועל אײַך געבן אַן ענטפער, אַזוי ווי גאָט וועט רעדן צו
מיר. און די האַרן פון מואָב זיינען געבליבן ביי בִלעָמען. [9]איז
גאָט געקומען צו בִלעָמען, און האָט געזאָגט: ווער זיינען די־
דאָזיקע מענטשן ביי דיר? [10]האָט בִלעָם געזאָגט צו גאָט: בָלָק
דער זון פון צִפּורן, דער מלך פון מואָב, האָט געשיקט צו מיר:
[11]אָט איז דאָס פאָלק וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם, און
ער האָט פאַרדעקט דעם אָנבליק פון דער ערד. אַצונד, קום
שילט מיר אים; אפשר וועל איך קענען מלחמה האַלטן אויף
אים, און וועל אים פאַרטרייבן. [12]האָט גאָט געזאָגט צו בִלעָמען:
זאָלסט ניט גיין מיט זיי; זאָלסט ניט שילטן דאָס פאָלק, וואָרום
ער איז געבענטשט. [13]איז בִלעָם אויפגעשטאַנען אין דער פרי,
און האָט געזאָגט צו די האַרן פון בָלָקן: גייט אין אײַער לאַנד,
וואָרום גאָט וויל ניט מיך לאָזן גיין מיט אײַך. [14]זיינען אויפ־
געשטאַנען די האַרן פון מואָב, און זיינען אַוועקגעגאַנגען צו
בָלָקן, און האָבן געזאָגט: בִלעָם האָט ניט געוואָלט גיין מיט אונדז.
[15]האָט בָלָק ווידער אַ מאָל געשיקט האַרן, מער און
אָנגעזעענערע פון יענע. [16]און זיי זיינען געקומען צו בִלעָמען,
און האָבן צו אים געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט בָלָק דער זון פון
צִפּורן: זאָלסט זיך ניט פאַרמיידן, איך בעט דיך, פון קומען
צו מיר. [17]וואָרום זייער גרויס כבוד וועל איך דיר אָנטאָן, און
אַלץ וואָס דו וועסט זאָגן צו מיר, וועל איך טאָן; נאָר קום, איך
בעט דיך, שילט מיר דאָסדאָזיקע פאָלק. [18]האָט געענטפערט

בִּלעָם און געזאָגט צו די קנעכט פון בָּלָקן: ווען בָּלָק זאָל מיר
געבן זיין הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קען איך ניט איבער־
טרעטן דעם באַפעל פון גאָט מיין האַר, צו טאָן קליינס אָדער
גרויס. 19 און אַצונד, איך בעט אײַך, בלייבט איר אויך דאָ
די נאַכט, און איך וועל געוואָר ווערן וואָס גאָט וועט ווידער
רעדן מיט מיר. 20 און גאָט איז געקומען צו בִּלעָמען ביי נאַכט,
און האָט צו אים געזאָגט: אויב דיך צו רופן זיינען די מענטשן
געקומען, שטיי אויף, גיי מיט זיי, אָבער נאָר די זאַך וואָס איך
וועל רעדן צו דיר, דאָס זאָלסטו טאָן. 21 איז בִּלעָם אויפ־
געשטאַנען אין דער פרי, און ער האָט אָנגעזאָטלט זיין אייזעלין,
און איז געגאַנגען מיט די האַרן פון מואָב.
22 און דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט וואָס ער גייט, און
אַ מלאַך פון גאָט האָט זיך אים געשטעלט פאַר אַ שטער אין
וועג.–און ער איז געריטן אויף זיין אייזעלין, און זיינע צוויי
יונגען זיינען געווען מיט אים.–23 האָט די אייזעלין דערזען דעם
מלאַך פון גאָט שטיין אויפן וועג, מיט זיין שווערד אַרויסגעצויגן
אין זיין האַנט, און די אייזעלין האָט זיך אָפּגענייגט פון וועג,
און איז געגאַנגען אויפן פעלד; און בִּלעָם האָט געשלאָגן די
אייזעלין כּדי זי צו פאַרקירעווען אויפן וועג. 24 האָט דער מלאַך
פון גאָט זיך געשטעלט אויף אַ שטעג פון די ווייגערטנער, מיט
אַ צאַם פון דער זייט און אַ צאַם פון דער אַנדער זייט. 25 און
די אייזעלין האָט געזען דעם מלאַך פון גאָט, און האָט זיך צו־
געדריקט צו דער וואַנט, און צוגעדריקט בִּלעָמס פוס צו דער
וואַנט; און ער האָט זי ווידער געשלאָגן. 26 איז דער מלאַך פון
גאָט ווידער אַוועק פאַרויס, און האָט זיך געשטעלט אין אַן
ענגן אָרט, ווו עס איז ניט געווען קיין וועג זיך אָפּצונייגן רעכטס
אָדער לינקס. 27 און די אייזעלין האָט געזען דעם מלאַך פון
גאָט, און האָט זיך אַנידערגעלייגט אונטער בִּלעָמען; און דער

צאָרן פון בִּלעָמען האָט געגרימט, און ער האָט געשלאָגן די
אייזעלין מיטן שטעקן. [28]האָט גאָט געעפנט דאָס מויל פון דער
אייזעלין, און זי האָט געזאָגט צו בִּלעָמען: וואָס האָב איך דיר
געטאָן, וואָס דו האָסט מיר שוין דריי מאָל געשלאָגן? [29]האָט
בִּלעָם געזאָגט צו דער אייזעלין: ווייל דו האָסט געשפּעט פון
מיר; ווען איך האָב אַ שווערד אין דער האַנט, וואָלט איך דיך
אַצונד געהרגעט. [30]האָט די אייזעלין געזאָגט צו בִּלעָמען: בין
איך ניט דיין אייזעלין, וואָס דו האָסט געריטן אויף מיר דיין
גאַנץ לעבן ביז היינטיקן טאָג? בין איך געוווינטלאַך געוווינט
געווען דיר אַזוי צו טאָן? האָט ער געזאָגט: ניין. [31]און גאָט
האָט אַנטפּלעקט די אויגן פון בִּלעָמען, און ער האָט דערזען
דעם מלאַך פון גאָט שטיין אין וועג, מיט זיין שווערד אַרויס־
געצויגן אין זיין האַנט. האָט ער זיך געניגט, און זיך געבוקט
אויף זיין פּנים. [32]און דער מלאַך פון גאָט האָט צו אים געזאָגט:
פאַרוואָס האָסטו געשלאָגן דיין אייזעלין שוין דריי מאָל? זע,
איך בין אַרויסגעגאַנגען פאַר אַ שטער, וואָרום דער וועג גייט
מיר דערקעגן. [33]און די אייזעלין האָט מיך געזען, און האָט
זיך אָפּגעניגט פאַר מיר די דריי מאָל; ווען זי וואָלט זיך ניט
אָפּגעניגט פון מיר, וואָלט איך אַצונד דיך זיכער געהרגעט,
און זי וואָלט איך געלאָזט לעבן. [34]האָט בִּלעָם געזאָגט צו דעם
מלאַך פון גאָט: איך האָב געזינדיקט, וואָרום איך האָב ניט
געוווּסט, אַז דו שטייסט מיר אַנטקעגן אויפן וועג; און אַצונד אויב
עס איז שלעכט אין דיינע אויגן, וועל איך מיך אומקערן.
[35]האָט דער מלאַך פון גאָט געזאָגט צו בִּלעָמען: גיי מיט די
מענטשן, אָבער נאָר דאָס וואָרט וואָס איך וועל רעדן צו דיר,
דאָס זאָלסטו רעדן. איז בִּלעָם געגאַנגען מיט די האַרן פון
בָּלָקן.

[36]און בָּלָק האָט געהערט אַז בִּלעָם קומט, און ער איז אים

אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן קיין עיר־מוֹאָב וואָס ביים געמאַרק פון
אַרנוֹן, וואָס ביים עק געמאַרק. [37]און בָּלָק האָט געזאָגט צו
בִּלעָמען: האָב איך ניט שיקן געשיקט צו דיר, דיך צו רופן?
פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען צו מיר? בין איך אין דער אמת
ניט אימשטאַנד דיר כּבוד אָנצוטאָן? [38]האָט בִּלעָם געזאָגט צו
בָּלָקן: זע, איך בין געקומען צו דיר; אַצונד, צו קען איך גאָר עפּעס
רעדן? דאָס וואָרט וואָס גאָט וועט אַריינטאָן אין מיין מויל,
דאָס וועל איך רעדן. [39]און בִּלעָם איז געגאַנגען מיט בָּלָקן,
און זיי זיינען געקומען קיין קִריַת־חוצות. [40]און בָּלָק האָט גע־
שלאַכט רינדער און שאָף, און האָט געשיקט צו בִּלעָמען, און
צו די האַרן וואָס מיט אים. [41]און עס איז געווען אין דער פרי,
האָט בָּלָק גענומען בִּלעָמען, און האָט אים אַרויפגעפירט קיין
בָּמוֹת־בַּעַל, און ער האָט פון דאָרטן געזען אַ טייל פון דעם
פאָלק.

כג [1]האָט בִּלעָם געזאָגט צו בָּלָקן: בוי מיר דאָ זיבן מזבחות,
און גרייט מיר דאָ צו זיבן אָקסן און זיבן ווידערס. [2]האָט
בָּלָק געטאָן אַזוי ווי בִּלעָם האָט גערעדט, און בָּלָק און בִּלעָם
האָבן אויפגעבראַכט אַן אָקס און אַ ווידער אויף אַ מזבח. [3]און
בִּלעָם האָט געזאָגט צו בָּלָקן: שטעל זיך ביי דיין בראַנדאָפּפער,
און איך וועל גיין; אפשר וועט זיך מיר גאָט טרעפן אַנטקעגן,
און וואָס פאַר אַ זאַך ער וועט מיר ווייזן, וועל איך דיר דער־
ציילן. און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף אַ הויכן אָרט. [4]און
גאָט האָט זיך געטראָפן פאַר בִּלעָמען; און ער האָט צו אים
געזאָגט: די זיבן מזבחות האָב איך צוגעגרייט, און האָב אויפ־
געבראַכט אַן אָקס און אַ ווידער אויף אַ מזבח. [5]האָט גאָט
אַריינגעטאָן אַ וואָרט אין בִּלעָמס מויל, און האָט געזאָגט: קער
זיך אום צו בָּלָקן, און אַזוי זאָלסטו רעדן. [6]האָט ער זיך אומ־
געקערט צו אים, ערשט ער שטייט ביי זיין בראַנדאָפּפער, ער

און אַלע האַרן פון מואָב. [7]האָט ער אויפגעהויבן זיין שפּרוך,
און האָט געזאָגט:
פון אַרָם טוט מיך פירן בָלָק,
פון די מזרח־בערג דער מלך פון מואָב:
קום שילט מיר יעקבן,
און קום פלוך ישׂראלן.
[8]ווי זאָל איך שילטן
וועמען גאָט שילט ניט?
און ווי זאָל איך פלוכן
וועמען יהוה פלוכט ניט?
[9]וואָרום פון שפּיץ פון די פעלזן זע איך אים,
און פון די הייכן קוק איך אים אָן.
זע, אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער,
און רעכנט זיך ניט צווישן די אומות.
[10]ווער האָט געציילט דעם שטויב פון יעקב,
און באַרעכנט דעם זאָמען פון ישׂראל?
זאָל שטאַרבן מיין זעל דעם טויט פון די רעכטפאַרטיקע,
און זאָל מיין סוף זיין ווי זיינער!
[11]האָט בָלָק געזאָגט צו בִלעָמען: וואָס האָסטו מיר געטאָן?
צו שילטן מיינע שׂונאים האָב איך דיך גענומען, ערשט גאָר
בענטשן האָסטו געבענטשט. [12]האָט ער געענטפערט און האָט
געזאָגט: פאַרוואָר, דאָס וואָס גאָט טוט אַריין אין מיין מויל, דאָס
מוז איך היטן צו רעדן. [13]האָט בָלָק געזאָגט צו אים: קום מיט
מיר, איך בעט דיך, צו אַן אַנדער אָרט, וואָס דו וועסט אים
זען פון דאָרטן; בלויז אַ טייל פון אים וועסטו זען, אָבער אין
גאַנצן וועסטו אים ניט זען; און שילט מיר אים פון דאָרטן.
[14]און ער האָט אים גענומען צו דעם פעלד צופים אויפן שפּיץ
פִסגָה, און ער האָט געבויט זיבן מזבחות, און אויפגעבראַכט אַן

אָקס און אַ ווידער אויף אַ מזבח. [15]און ער האָט געזאָגט צו בָּלָקן:
שטעל זיך דאָ ביי דיין בראַנדאָפּפער, און איך וועל גיין זיך
טרעפן דאָרטן. [16]האָט גאָט זיך געטראָפן פאַר בִּלְעָמען, און ער
האָט אַריינגעטאָן אַ וואָרט אין זיין מויל, און האָט געזאָגט: קער
זיך אום צו בָּלָקן, און אַזוי זאָלסטו רעדן. [17]איז ער געקומען
צו אים, ערשט ער שטייט ביי זיין בראַנדאָפּפער, און די האַרן
פון מוֹאָב מיט אים; און בָּלָק האָט צו אים געזאָגט: וואָס האָט
גאָט גערעדט? [18]האָט ער אויפגעהויבן זיין שפּרוך, און האָט
געזאָגט:

שטיי אויף, בָּלָק, און הער,
פאַרנעם צו מיר, זון פון צִפּוֹר:
[19]ניט אַ מאַן איז גאָט, ער זאָל ליגן זאָגן,
ניט אַ מענטשנקינד, ער זאָל חרטה האָבן.
אַז ער זאָגט, וועט ער דען ניט טאָן?
און אַז ער רעדט, וועט ער עס ניט מקיים זיין?
[20]זע, „בענטש!" האָב איך פאַרנומען,
און בענטשט ער, קען איך עס ניט אָפּהאַלטן.
[21]מע זעט ניט קיין אומרעכט אין יעקב,
און מע מערקט ניט קיין עוולה אין ישׂראל.
יהוה זיין גאָט איז מיט אים,
און די לייטזעליקייט פון מלך איז אויף אים.
[22]גאָט ציט זיי אַרויס פון מִצרַיִם,
ווי הערנער פון אַ ווילדשטיר איז ער אים.
[23]וואָרום ניטאָ קיין כּישוף אין יעקב,
און קיין וואָרזאָגעניש אין ישׂראל.
אַצונד ווערט פון יעקב און ישׂראל געזאָגט:
וואָס גאָט האָט אויפגעטאָן!
[24]זע, אַ פאָלק וואָס שטייט אויף ווי אַ לייבינטע,

אוּן הייבט זיך אויף ווי אַ לייב;
ער לייגט זיך ניט ביז ער עסט רויב,
אוּן בלוט פוּן דערשלאָגענע טרינקט ער.

25 האָט בָּלָק געזאָגט צוּ בִּלעָמען: ניט שילטן זאָלסטוּ אים
שילטן, אוּן ניט בענטשן זאָלסטוּ אים בענטשן. 26 האָט בִּלעָם
געענטפערט אוּן האָט געזאָגט צוּ בָּלָקן: האָב איך ניט גערעדט צוּ
דיר, אַזוי צוּ זאָגן: אַלץ וואָס גאָט וועט רעדן, דאָס וועל איך
טאָן? 27 האָט בָּלָק געזאָגט צוּ בִּלעָמען: קוּם, איך בעט דיך,
איך וועל דיך נעמען צוּ אַן אַנדער אָרט; אפשר וועט ווויל־
געפעלן אין די אויגן פוּן גאָט, אוּן וועסט מיר אים שילטן פוּן
דאָרטן. 28 אוּן בָּלָק האָט גענוּמען בִּלעָמען צוּם שפּיץ פְּעוֹר,
וואָס קוּקט אַראָפּ אויף דער ווּיסטע. 29 האָט בִּלעָם געזאָגט
צוּ בָּלָקן: בוי מיר דאָ זיבן מזבחות, אוּן גרייט מיר דאָ צוּ זיבן
אָקסן אוּן זיבן ווידערס. 30 אוּן בָּלָק האָט געטאָן אַזוי ווי בִּלעָם
האָט געזאָגט, אוּן ער האָט אויפגעבראַכט אַן אָקס אוּן אַ ווידער
אויף אַ מזבח.

כד 1 אוּן בִּלעָם האָט געזען אַז עס איז וווילגעפעלן אין די
אויגן פוּן גאָט צוּ בענטשן ישׂראל, אוּן ער איז ניט
געגאַנגען אַזוי ווי די פריערדיקע מאָל, אַנטקעגן כּישוּף־צייכנס,
נאָר ער האָט געקערט זיין פּנים צוּם מדבר. 2 אוּן בִּלעָם האָט
אויפגעהויבן זיינע אויגן, אוּן האָט געזען ישׂראל רוּען לויט זיינע
שבטים, אוּן דער גייסט פוּן גאָט איז געקוּמען אויף אים. 3 אוּן
ער האָט אויפגעהויבן זיין שפּרוּך, אוּן האָט געזאָגט:
אַזוי רעדט בִּלעָם דער זוּן פוּן בְּעוֹר,
אוּן אַזוי רעדט דער מאַן מיטן אָפענעם אויג;
4 אַזוי רעדט דער וואָס הערט גאָטס ווערטער,
וואָס די זעאוּנג פוּן שַדַי טוּט ער זען,
געפאַלן, מיט אויגן אַנטפּלעקטע:

[5]ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב,
דיינע וווינונגען, ישׂראל!
[6]ווי טייטלבוימער זיינען זיי אויסגעשטרעקט,
ווי גערטנער ביים טייך,
ווי אַלאָען וואָס גאָט האָט געפלאַנצט,
ווי צעדערן ביים וואַסער.
[7]וואַסער וועט רינען פון זיין צווייג,
און זיין זאָמען וועט זיין ביי פיל וואַסער;
און העכער פון אַגָג וועט זיין זיין מלך,
און דערהויבן וועט זיין זיין מלוכה.
[8]גאָט ציט אים אַרויס פון מִצרַיִם,
ווי הערנער פון אַ ווילדטיר איז ער אים;
ער וועט פאַרצערן די פעלקער, זיינע פיינט,
און זייערע ביינער צעקנאַקן;
און זיינע פיילן וועלן דורכלעכערן.
[9]ער קניט, ער לייגט זיך ווי אַ לייב,
און ווי אַ לייבינטע—ווער קען אים אויפרייצן?
געבענטשט די וואָס בענטשן דיך,
און פאַרשאָלטן די וואָס שילטן דיך!
[10]האָט דער צאָרן פון בָלָקן געגרימט אויף בִלעָמען, און ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט זיינע הענט; און בָלָק האָט געזאָגט צו בִלעָמען: צו שילטן מיינע שׂונאים האָב איך דיך גערופן, ערשט גאָר בענטשן האָסטו געבענטשט שוין דריי מאָל.
[11]און אַצונד אַנטלויף דיר אין דיין היים; איך האָב געקלערט, גרויס כבוד וועל איך דיר אָנטאָן, ערשט גאָט האָט דיך פאַר־מיטן פון כבוד. [12]האָט בִלעָם געזאָגט צו בָלָקן: האָב איך ניט גערעדט נאָך צו דיינע שלוחים, וואָס דו האָסט געשיקט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: [13]ווען בָלָק זאָל מיר געבן זיין הויז פול מיט זילבער

און גאָלד, קען איך ניט איבערטרעטן דעם באַפעל פון גאָט, צו
טאָן גוטס אָדער שלעכטס פון מיין אייגענעם האַרצן; וואָס גאָט
וועט רעדן, דאָס וועל איך רעדן? [14]און אַצונד זע, איך גיי
צו מיין פאָלק; קום, לאָמיך דיר באַשיידן וואָס דאָסדאָזיקע
פאָלק וועט טאָן צו דיין פאָלק אין סוף פון די טעג. [15]און ער
האָט אויפגעהויבן זיין שפּרוך, און האָט געזאָגט:

אַזוי רעדט בִּלְעָם דער זון פון בְּעוֹר,
און אַזוי רעדט דער מאַן מיטן אָפענעם אויג;
[16]אַזוי רעדט דער וואָס הערט גאָטס ווערטער,
און וויים דעם מֵיין פון דעם העכסטן—
די זעאונג פון שַׁדַי טוט ער זען,
געפאַלן, מיט אויגן אַנטפּלעקטע:
[17]איך זע אים, אָבער ניט אַצונד,
איך קוק אים אָן, אָבער ניט נאָענט;
אַ שטערן טרעט אַרויס פון יעקב,
און אַ צעפּטער וועט אויפשטיין פון ישׂראל,
און וועט צעהאַקן די ווינקלען פון מוֹאָב,
און צעברעכן אַלע קינדער פון שֵׁת.
[18]און אֱדוֹם וועט ווערן אַן אַרבֿ,
און אַן אַרבֿ וועט ווערן שֵׂעִיר, זיין פיינט;
און ישׂראל וועט אויפטאָן גבורות.
[19]און פון יעקב וועט איינער געוועלטיקן,
און אונטערברענגען אַן איבערבלייב פון שטאָט.

[20]און ער האָט געזען עֲמָלֵק, און האָט אויפגעהויבן זיין
שפּרוך, און האָט געזאָגט:

דער אָנהייב פון פעלקער איז עֲמָלֵק,
און זיין סוֹף איז צום אונטערגאַנג.

[21]און ער האָט געזען דעם קֵיני, און האָט אויפגעהויבן זיין שפּרוך, און האָט געזאָגט:
פעסט איז דיין וווינונג,
און געמאַכט אין פעלז איז דיין נעסט;
[22]אָבער צום פאַרטיליקן וועט זיין קַיִן;
איידער וואָס וועט אַשור דיך פאַנגען.

[23]און ער האָט אויפגעהויבן זיין שפּרוך, און האָט געזאָגט:
וויי, ווער קען לעבן ווען ער וועט דאָסדאָזיקע טאָן!
[24]אָבער שיפן וועלן קומען פון דעם ברעג פון די כִּתּים,
און זיי וועלן פייניקן אַשור, און פייניקן עֵבֶר;
און ער אויך איז צום אונטערגאַנג.

[25]און בִּלעָם איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען, און האָט זיך אומגעקערט צו זיין היים, און אויך בָּלָק איז געגאַנגען אויף זיין וועג.

כה [1]און ישׂראל איז געזעסן אין שִׁטים, און דאָס פאָלק האָט
גענומען מזנה זיין מיט די טעכטער פון מוֹאָב. [2]און זיי
האָבן גערופן דאָס פאָלק צו די שלאַכטאָפּפער פון זייערע
געטער, און דאָס פאָלק האָט געגעסן, און האָט זיך געבוקט צו
זייערע געטער. [3]און ישׂראל האָט זיך באַהעפט אָן דעם בַּעַל
פון פְּעוֹר, און דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט אויף ישׂראל.
[4]האָט גאָט געזאָגט צו משהן: נעם אַלע הויפטלייט פון דעם
פאָלק, און הענג זיי אויף פאַר גאָט אַקעגן דער זון, און דער
גרימצאָרן פון גאָט וועט זיך אָפּקערן פון ישׂראל. [5]און משה
האָט געזאָגט צו די ריכטער פון ישׂראל: הרגעט איטלאַכער
זיינע מענטשן וואָס האָבן זיך באַהעפט אָן דעם בַּעַל פון פְּעוֹר.
[6]ערשט אַ מאַן פון די קינדער פון ישׂראל איז געקומען,
און האָט געבראַכט צו זיינע ברידער אַ מִדיָנית פאַר די אויגן

פון מֹשהן, און פאַר די אויגן פון דער גאַנצער עדה פון די
קינדער פון ישׂראל, בעת זיי האָבן געוויינט ביים אַיינגאַנג פון
אוהל־מוֹעד. [7]האָט דערזען פּינחס דער זון פון אֶלעָזָר, דעם
זון פון אַהרן דעם כֹּהן, און ער איז אויפגעשטאַנען פון צווישן
דער עדה, און האָט גענומען אַ שפּיז אין זיין האַנט; [8]און ער איז
אַריינגעגאַנגען נאָך דעם מאַן פון ישׂראל אין דער קאַמער, און
האָט זיי ביידן דורכגעשטאָכן, דעם מאַן פון ישׂראל, און די
פרוי דורך איר בויך. און די מגפה איז פאַרהאַלטן געוואָרן
פון די קינדער פון ישׂראל. [9]און די וואָס זיינען געשטאָרבן
אין דער מגפה, זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.

## פִּינְחָס

[10]און גאָט האָט גערעדט צו מֹשהן, אַזוי צו זאָגן: [11]פּינחס
דער זון פון אֶלעָזָר, דעם זון פון אַהרן דעם כֹּהן, האָט אָפּ־
געקערט מיין גרימצאָרן פון די קינדער פון ישׂראל מיט וואָס ער
האָט זיך אָנגענומען פון מיינעטוועגן צווישן זיי, און איך האָב
ניט פאַרלענדט די קינדער פון ישׂראל אין מיין צאָרן. [12]דרום
זאָג: זע, איך גיב אים מיין בונד פון שלום. [13]און עס זאָל זיין
אים און זיין זאָמען נאָך אים אַ בונד פון אייביקער כהונה, דער־
פאַר וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פון זיין גאָטס וועגן, און האָט
מכפּר געווען אויף די קינדער פון ישׂראל.
[14]און דער נאָמען פון דעם דערשלאָגענעם מאַן פון ישׂראל,
וואָס איז דערשלאָגן געוואָרן מיט דער מִדיָנית, איז געווען זִמרי
דער זון פון סָלוּאן, אַ פירשט פון אַ פאָטערהויז ביי די שמעוֹנים.
[15]און דער נאָמען פון דער דערשלאָגענער מִדיָנישער פרוי איז
געווען כָּזבי די טאָכטער פון צורן, וואָס איז געווען אַ פאָלק־
הויפּטמאַן פון אַ פאָטערהויז אין מִדיָן.
[16]און גאָט האָט גערעדט צו מֹשהן, אַזוי צו זאָגן: [17]איר זאָלט

פיינטן די מִדיָנים, און זיי שלאָגן, 18וואָרום זיי האָבן אײַך
געפיינט מיט זייערע תּחבולות וואָס זיי האָבן אויסגעקלערט
אַקעגן אײַך אין דער מעשׂה פון פְּעוֹר, און אין דער מעשׂה מיט
כָּזבי דער טאָכטער פון דעם פירשט פון מִדיָן, זייער שוועסטער
וואָס איז דערשלאָגן געוואָרן אין טאָג פון דער מגפה, אין דער
מעשׂה פון פְּעוֹר.

כו 19און עס איז געווען נאָך דער מגפה, 1האָט גאָט געזאָגט
צו משהן און צו אֶלעָזר דעם זון פון אַהרן דעם כֹּהן, אַזוי
צו זאָגן: 2נעמט אויף די צאָל פון דער גאַנצער עדה פון די
קינדער פון ישׂראל, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, לויט
זייערע פאָטערהייזער, איטלאַכן וואָס גייט אַרויס אין חיל אין
ישׂראל.

3און משה און אֶלעָזר דער כֹּהן האָבן גערעדט מיט זיי אין
די פלוינען פון מואָב ביים יַרדן לעבן יריחו, אַזוי צו זאָגן: 4[מע
זאָל אויפנעמען] פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, אַזוי ווי
גאָט האָט באַפוילן משהן, און די קינדער פון ישׂראל וואָס
זיינען אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מִצרַיִם.

5ראובן, דער בְּכוֹר פון ישׂראלן: די קינדער פון ראובן:
חֲנוֹך—די משפחה פון די חֲנוֹכים; פון פַּלוּאן די משפחה פון די
פַּלוּאים; 6פון חֶצרוֹנען די משפחה פון די חֶצרוֹנים; פון כַּרמין
די משפחה פון די כַּרמים. 7דאָס זיינען די משפחות פון די
ראובֵנים; און זייערע געציילטע זיינען געווען דריי און פערציק
טויזנט און זיבן הונדערט און דרייסיק. 8און די זין פון פַּלוּאן:
אֶליאָב. 9און די זין פון אֶליאָבן: נמואל, און דָתָן, און אֲבירָם.
דאָס זיינען דָתָן און אֲבירָם, די גערופענע פון דער עדה, וואָס
האָבן געקריגט אַקעגן משהן און אַקעגן אַהרנען אין קֹרחס
געזעמל, ווען זיי האָבן געקריגט אַקעגן גאָט; 10און די ערד האָט
געעפנט איר מויל, און האָט איינגעשלונגען זיי און קֹרחן, ווען

דאָס געזעמל איז אומגעקומען; ווען אַ פייער האָט פאַרצערט
די צוויי הונדערט און פופציק מאַן, און זיי זיינען געוואָרן פאַר
אַ צייכן. 11 אָבער קרחס זין זיינען ניט אומגעקומען.
12 די קינדער פון שמעון לויט זייערע משפחות: פון נמואֵלן
די משפחה פון די נמואֵלים; פון יָמינען די משפחה פון די ימינים;
פון יָכינען די משפחה פון די יכינים; 13 פון זֶרחן די משפחה פון
די זַרחים; פון שָאולן די משפחה פון די שָאולים. 14 דאָס
זיינען די משפחות פון די שמעונים, צוויי און צוואַנציק טויזנט
און צוויי הונדערט.
15 די קינדער פון גָד לויט זייערע משפחות: פון צפונען די
משפחה פון די צפונים; פון חַגין די משפחה פון די חַגים; פון
שונין די משפחה פון די שונים; 16 פון אָזנין די משפחה פון די
אָזנים; פון ערין די משפחה פון די ערים; 17 פון אַרודן די משפחה
פון די אַרודים; פון אַראֵלין די משפחה פון די אַראֵלים.
18 דאָס זיינען די משפחות פון די קינדער פון גָד לויט זייערע
געציילטע, פערציק טויזנט און פינף הונדערט.
19 די זין פון יהודהן: ער און אונָן. און ער און אונָן זיינען
געשטאָרבן אין לאַנד כנַען. 20 און די קינדער פון יהודה לויט
זייערע משפחות זיינען געווען: פון שֵלהן די משפחה פון די
שֵלונים; פון פֶרֶצן די משפחה פון פַרצים; פון זֶרחן די משפחה
פון די זַרחים. 21 און די קינדער פון פֶרֶץ זיינען געווען: פון
חֶצרונען די משפחה פון די חֶצרונים; פון חָמולן די משפחה
פון די חָמולים. 22 דאָס זיינען די משפחות פון יהודה לויט
זייערע געציילטע, זעקס און זיבעציק טויזנט און פינף הונדערט.
23 די קינדער פון יִששָכָר לויט זייערע משפחות: תולָע—
די משפחה פון די תולָעים; פון פוּוָהן די משפחה פון די פונים;
24 פון יָשובן די משפחה פון די יָשובים; פון שִמרונען די משפחה
פון די שִמרונים. 25 דאָס זיינען די משפחות פון יִששָכָר לויט

זייערע געציילטע, פיר און זעכציק טויזנט און דריי הונדערט.
26 די קינדער פון זבולון לויט זייערע משפחות: פון סֶרֶדן
די משפחה פון די סַרדים; פון אֵלונען די משפחה פון די אֵלונים;
פון יַחלְאֵלן די משפחה פון די יַחלְאֵלים. 27 דאָס זיינען די
משפחות פון די זבולונים לויט זייערע געציילטע, זעכציק טויזנט
און פינף הונדערט.

28 די קינדער פון יוסף לויט זייערע משפחות: מנשה און
אפרים. 29 די קינדער פון מנשה: פון מָכירן די משפחה פון די
מָכירים; און מָכיר האָט געבאָרן גִלעָדן; פון גִלעָדן די משפחה
פון די גִלעָדים. 30 דאָס זיינען די קינדער פון גִלעָד: אִיעֶזֶר–
די משפחה פון די אִיעֶזרים; פון חֵלֶקן די משפחה פון די חֶלקים;
31 און אַשׂריאֵל–די משפחה פון די אַשׂריאֵלים; און שֶכֶם–די
משפחה פון די שִכמים; 32 און שמידָע–די משפחה פון די שמידָעים;
און חֵפֶר–די משפחה פון די חֶפרים. 33 און צְלָפחָד דער זון פון
חֵפֶרן, ער האָט ניט געהאַט קיין זין, נאָר בלויז טעכטער; און
די נעמען פון צְלָפחָדס טעכטער זיינען געווען: מַחלָה, און
נוֹעָה, חָגלָה, מִלכָּה, און תִרצָה. 34 דאָס זיינען די משפחות פון
מנשה; און זייערע געציילטע זיינען געווען צוויי און פופציק
טויזנט און זיבן הונדערט.

35 דאָס זיינען די קינדער פון אפרים לויט זייערע משפחות:
פון שותֶלחן די משפחה פון די שותַלחים; פון בֶכֶרן די משפחה
פון די בַכרים; פון תַחַנען די משפחה פון די תַחנים. 36 און דאָס
זיינען די קינדער פון שותֶלַח: פון עֵרָנען די משפחה פון די
עֵרָנים. 37 דאָס זיינען די משפחות פון די קינדער פון אפרים לויט
זייערע געציילטע, צוויי און דרייסיק טויזנט און פינף הונדערט.
דאָס זיינען די קינדער פון יוסף לויט זייערע משפחות.

38 די קינדער פון בנימינען לויט זייערע משפחות: פון בֶלַען
די משפחה פון די בַלעִים; פון אַשבֵלן די משפחה פון די

אַשבֵּלים; פון אַחירָמען די משפּחה פון די אַחירָמים; [39]פון שפופָמען די משפּחה פון די שופָמים; פון חופָמען די משפּחה פון די חופָמים. [40]און די זין פון בֶּלַען זיינען געווען אַרד און נַעֲמָן. [פון אַרדן] די משפּחה פון די אַרדים; פון נַעֲמָנען די משפּחה פון די נַעֲמָנים. [41]דאָס זיינען די קינדער פון בנימין לויט זייערע משפּחות; און זייערע געציילטע זיינען געווען פינף און פערציק טויזנט און זעקס הונדערט.

[42]דאָס זיינען די קינדער פון דָן לויט זייערע משפּחות: פון שוחָמען די משפּחה פון די שוחָמים. דאָס זיינען די משפּחות פון דָן לויט זייערע משפּחות. [43]אַלע משפּחות פון די שוחָמים לויט זייערע געציילטע זיינען געווען פיר און זעכציק טויזנט און פיר הונדערט.

[44]די קינדער פון אָשר לויט זייערע משפּחות: פון יִמנָהן די משפּחה פון יִמנָה; פון יִשוִין די משפּחה פון די יִשוִים; פון בריעָהן די משפּחה פון די בריעִים. [45]פון די זין פון בריעָהן: פון חֶבֶרן די משפּחה פון די חֶברים; פון מַלכּיאֵלן די משפּחה פון די מַלכּיאֵלים. [46]און דער נאָמען פון אָשרס טאָכטער איז געווען שָׂרַח. [47]דאָס זיינען די משפּחות פון די קינדער פון אָשר לויט זייערע געציילטע, דריי און פופציק טויזנט און פיר הונדערט.

[48]די קינדער פון נפתּלי לויט זייערע משפּחות: פון יַחצאֵלן די משפּחה פון די יַחצאֵלים; פון גונין די משפּחה פון די גונים; [49]פון יֵצֶרן די משפּחה פון די יִצרים; פון שִׁלֵמען די משפּחה פון די שִׁלֵמים. [50]דאָס זיינען די משפּחות פון נפתּלי לויט זייערע משפּחות; און זייערע געציילטע זיינען געווען פינף און פערציק טויזנט און פיר הונדערט.

[51]דאָס זיינען די געציילטע פון די קינדער פון ישׂראל, זעקס הונדערט טויזנט און טויזנט זיבן הונדערט און דרייסיק.

[52]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [53]צו

דידאָזיקע זאָל אײַנגעטײלט װערן דאָס לאַנד פֿאַר אַ נחלה לויט דער צאָל פֿון נעמען. [54]דעם מערערן זאָלסטו געבן מער נחלה, און דעם װיניקערן זאָלסטו געבן װיניקער נחלה; איטלאַכען לויט זײַנע געצײלטע זאָל געגעבן װערן זײַן נחלה. [55]אָבער דורך גורל זאָל צעטײלט װערן דאָס לאַנד; לויט די נעמען פֿון זײערע פֿאָטערשטאַמען זאָלן זײ אַרבן. [56]לויטן גורל זאָל זײער נחלה אויסגעטײלט װערן, סײ דעם מערערן סײ דעם װיניקערן.

[57]און דאָס זײנען די געצײלטע פֿון די לוִיִם לויט זײערע משפּחות: פֿון גֵרשונען די משפּחה פֿון די גֵרשונים; פֿון קְהָתן די משפּחה פֿון די קְהָתים; פֿון מְרָרין די משפּחה פֿון די מְרָרים. [58]דאָס זײנען די משפּחות פֿון לֵוִי: די משפּחה פֿון די לִבנים, די משפּחה פֿון די חֶברונים, די משפּחה פֿון די מַחלים, די משפּחה פֿון די מושים, די משפּחה פֿון די קָרחים. און קְהָת האָט געבאָרן עַמרָמען. [59]און דער נאָמען פֿון עַמרָמס װײַב איז געװען יוֹכֶבֶד, לֵוִיס טאָכטער װאָס איז געבאָרן געװאָרן בײַ לֵוִין אין מִצרַיִם; און זי האָט פֿון עַמרָמען געבאָרן אַהרֹנען און משהן, און זײער שװעסטער מרים. [60]און בײַ אַהרֹנען זײנען געבאָרן געװאָרן נָדָב, און אַביהוא, אֶלעָזָר, און איתָמָר. [61]און נָדָב און אַביהוא זײנען געשטאָרבן װען זײ האָבן געבראַכט פֿרעמד פֿײַער פֿאַר גאָט.

[62]און זײערע געצײלטע זײנען געװען דרײַ און צװאַנציק טויזנט, אַלע מאַנספּאַרשױנען פֿון אַ חודש אַלט און העכער; װאָרום זײ זײנען ניט געצײלט געװאָרן צװישן די קינדער פֿון ישׂראל, װײַל זײ איז ניט געגעבן געװאָרן קײן נחלה צװישן די קינדער פֿון ישׂראל.

[63]דאָס זײנען די װאָס זײנען געצײלט געװאָרן פֿון משהן און אֶלעָזָר דעם כֹּהן, װאָס האָבן געצײלט די קינדער פֿון

ישׂראל אין די פּלוינען פון מוֹאָב ביים יַרדן לעבן יריחוֹ. 64און
צווישן דידאָזיקע איז ניט געווען קיינער פון די וואָס זיינען
געציילט געוואָרן פון משהן און אַהרן דעם כּהן, וואָס האָבן
געציילט די קינדער פון ישׂראל אין מדבר סיני. 65וואָרום גאָט
האָט וועגן זיי געזאָגט: שטאַרבן אין מדבר וועלן זיי שטאַרבן;
און קיינער פון זיי איז ניט געבליבן אַחוץ כָּלֵב דער זון פון
יפוּנֶהן, און יהוֹשוּעַ דער זון פון נון.

כז 1האָבן גענענט די טעכטער פון צלָפחָד דעם זון פון חֵפֶר,
דעם זון פון גִלעָד, דעם זון פון מָכיר, דעם זון פון מנשהן,
פון די משפּחות פון מנשה, יוֹספס זון–און דאָס זיינען געווען
די נעמען פון זיינע טעכטער: מַחלָה, נוֹעה, און חָגלָה, און מִלכָּה,
און תִרצָה–2און זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר משהן און פאַר
אֶלעָזָר דעם כּהן, און פאַר די פירשטן און דער גאַנצער עדה,
ביים אַיינגאַנג פון אוהל־מוֹעד, אַזוי צו זאָגן: 3אונדזער פאָטער
איז געשטאָרבן אין דער מדבר, און ער איז ניט געווען צווישן
דעם געזעמל וואָס האָט זיך אַיינגעזאַמלט אַקעגן גאָט אין קֹרחס
געזעמל, נייערט אין זיין אייגענער זינד איז ער געשטאָרבן; און
קיין זין האָט ער ניט געהאַט. 4פאַרוואָס זאָל געמינערט ווערן
דער נאָמען פון אונדזער פאָטער פון צווישן זיין משפּחה, ווייל
ער האָט ניט קיין זון? גיב אונדז אַן אייגנטום צווישן די ברידער
פון אונדזער פאָטער.

5האָט משה געבראַכט זייער משפּט פאַר גאָט. 6און גאָט
האָט געזאָגט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 7גערעכט טענהן די
טעכטער פון צלָפחָדן: געבן זאָלסטו זיי געבן אַן אייגנטום פון אַ
נחלה צווישן די ברידער פון זייער פאָטער, און זאָלסט מאַכן
איבערגיין די נחלה פון זייער פאָטער צו זיי. 8און צו די
קינדער פון ישׂראל זאָלסטו רעדן, אַזוי צו זאָגן: אַז אַ מאַן וועט
שטאַרבן, און ער האָט ניט קיין זון, זאָלט איר מאַכן איבערגיין

זיין נחלה צו זיין טאָכטער. [9]און אויב ער האָט ניט קיין טאָכטער, זאָלט איר געבן זיין נחלה צו זיינע ברידער. [10]און אויב ער האָט ניט קיין ברידער, זאָלט איר געבן זיין נחלה צו די ברידער פון זיין פאָטער. [11]און אויב זיין פאָטער האָט ניט קיין ברידער, זאָלט איר געבן זיין נחלה צו זיין נענטסטן קרוב פון זיין משפּחה, און ער זאָל זי ירשענען. און דאָס זאָל זיין די קינדער פון ישׂראל פאַר אַ רעכטגעזעץ, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.

[12]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: גיי אַרויף אויף דעם־דאָזיקן באַרג עבָרים, און קוק אָן דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געגעבן צו די קינדער פון ישׂראל. [13]און אַז דו וועסט עס האָבן אָנגעקוקט, וועסט דו אויך אַיינגעזאַמלט ווערן צו דיין פאָלק, אַזוי ווי דיין ברודער אַהרן איז אַיינגעזאַמלט געוואָרן. [14]אַזוי ווי איר האָט ווידערשפּעניקט מיין באַפעל, אין מדבר צִן ביי דעם קריג פון דער עדה, מיך צו הייליקן ביים וואַסער פאַר זייערע אויגן. דאָס איז דאָס וואַסער פון מריבַת־קָדֵש אין מדבר צִן.

[15]האָט משה גערעדט צו גאָט, אַזוי צו זאָגן: [16]זאָל גאָט דער האַר פון די גייסטער פון אַלע באַשעפענישן אויפזעצן אַ מאַן איבער דער עדה, [17]וואָס זאָל אַרויסגיין זיי פאַרויס, און וואָס זאָל אַריינקומען זיי פאַרויס, און וואָס זאָל זיי אַרויספירן, און וואָס זאָל זיי אַריינברענגען, כּדי די עדה פון גאָט זאָל ניט זיין אַזוי ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין פּאַסטוך.

[18]האָט גאָט געזאָגט צו משהן: נעם דיר יהוֹשוּע דעם זון פון נון, אַ מאַן וואָס אין אים איז דאָ גייסט, און זאָלסט אָנלעגן דיין האַנט אויף אים. [19]און זאָלסט אים שטעלן פאַר אֶלעָזָר דעם כּהן, און פאַר דער גאַנצער עדה, און זאָלסט אים איבערגעבן דיין צַוָואָה פאַר זייערע אויגן. [20]און זאָלסט אַרויפטאָן פון

דיין גלאַנץ אויף אים, כּדי די גאַנצע עדה פון די קינדער פון
ישׂראל זאָלן געהאָרכן. [21]און ער זאָל שטיין פאַר אֶלעָזָר דעם
כּהן, און ער וועט פרעגן פאַר אים דעם באַשייד פון די אורים
פאַר גאָט. לויט זיין מויל זאָלן זיי אַרויסגיין, און לויט זיין מויל
זאָלן זיי אַריינקומען, ער און גאַנץ ישׂראל מיט אים—די גאַנצע
עדה.

[22]האָט משה געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן, און
ער האָט גענומען יהושוען, און האָט אים געשטעלט פאַר אֶלעָזָר
דעם כּהן, און פאַר דער גאַנצער עדה. [23]און ער האָט
אָנגעלענט זיינע הענט אויף אים, און האָט אים איבערגעגעבן
זיין צוואָה, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט דורך משהן.

כח [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפעל
די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:

מיין קרבן, מיין שפּייז פון מיינע פייעראָפּפער, פאַר אַ
געשמאַקן ריח צו מיר, זאָלט איר היטן מקריב צו זיין צו מיר אין
זיין געשטעלטער צייט. [3]און זאָלסט זאָגן צו זיי: דאָס איז דאָס
פייעראָפּפער וואָס איר זאָלט מקריב זיין צו גאָט: צוויי שעפּסן
יאָריקע, אָן אַ פעלער, אַ טאָג, אַ שטענדיק בראַנדאָפּפער.
[4]איין שעפּס זאָלסטו מאַכן אין דער פרי, און דעם צווייטן
זאָלסטו מאַכן קעגן אָוונט. [5]און אַ צענטל איפה זעמלמעל פאַר
אַ שפּייזאָפּפער, פאַרמישט מיט געשלאָגענעם אייל, אַ פערטל
הין. [6]אַ שטענדיק בראַנדאָפּפער, אַזוי ווי עס איז געמאַכט
געוואָרן ביים באַרג סיני, פאַר אַ געשמאַקן ריח, אַ פייעראָפּפער
צו גאָט. [7]און זיין גיסאָפּפער: אַ פערטל הין צו דעם איין
שעפּס; אין הייליקטום זאָלסטו גיסן דאָס גיסאָפּפער פון
שטאַרקן געטראַנק צו גאָט. [8]און דעם צווייטן שעפּס זאָלסטו
מאַכן קעגן אָוונט; אַזוי ווי דאָס שפּייזאָפּפער פון אין דער פרי,

און אַזוי ווי זיין גיסאָפּפער, זאָלסטו מאַכן, אַ פייעראָפּפער
פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט.
[9]און אין טאָג פון שבת: צוויי שעפּסן יאָריקע אָן אַ פעלער,
און צוויי צענטל זעמלמעל, אַ שפייזאָפּפער, פאַרמישט מיט
אייל, מיט זיין גיסאָפּפער; [10]אַ בראַנדאָפּפער פון שבת אין שבת,
אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין גיסאָפּפער.
[11]און אין אייערע ראשחודשן זאָלט איר מקריב זיין אַ
בראַנדאָפּפער צו גאָט: צוויי יונגע אָקסן, און איין ווידער; זיבן
שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. [12]און דריי צענטל זעמלמעל,
אַ שפייזאָפּפער, פאַרמישט מיט אייל, צו איטלאַכן אָקס, און
צוויי צענטל זעמלמעל, אַ שפייזאָפּפער, פאַרמישט מיט אייל,
צו דעם איין ווידער; [13]און צו צענטל, צו צענטל זעמלמעל,
אַ שפייזאָפּפער, פאַרמישט מיט אייל, צו איטלאַכן שעפּס.
אַ בראַנדאָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח, אַ פייעראָפּפער צו
גאָט. [14]און זייערע גיסאָפּפער: אַ האַלבער הין ווין זאָל זיין
צו אַן אָקס, און אַ דריטל הין צו אַ ווידער, און אַ פערטל הין
צו אַ שעפּס. דאָס איז דאָס בראַנדאָפּפער פון ראשחודש
אין ראשחודש פאַר די חדשים פון יאָר. [15]און איין ציגנבאָק
פאַר אַ זינדאָפּפער צו גאָט, אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנד־
אָפּפער, זאָל געמאַכט ווערן, מיט זיין גיסאָפּפער.
[16]און אין ערשטן חודש, אין פערצנטן טאָג פון חודש, זאָל
זיין אַ קָרבן־פֶּסח צו גאָט. [17]און אין פופצנטן טאָג פון דעם־
דאָזיקן חודש, זאָל זיין אַ יום־טוב. זיבן טעג זאָל געגעסן ווערן
מצות. [18]אין ערשטן טאָג זאָל זיין אַ הייליקע צונויפרופונג;
קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן. [19]און איר זאָלט מקריב
זיין אַ פייעראָפּפער, אַ בראַנדאָפּפער צו גאָט: צוויי יונגע אָקסן,
און איין ווידער, און זיבן שעפּסן יאָריקע; אָן אַ פעלער זאָלן
זיי ביי אייך זיין. [20]און זייער שפייזאָפּפער: זעמלמעל פאַרמישט

מיט אייל; דריי צענטל צו אַן אָקס, און צוויי צענטל צו אַ ווידער,
זאָלט איר מאַכן. [21]צו צענטל, צו צענטל זאָלסטו מאַכן פאַר
איטלאַכן שעפּס פון די זיבן שעפּסן. [22]און איין באָק אַ זינד־
אָפּפער, מכפּר צו זיין אויף אַייך. [23]אַחוץ דעם בראַנדאָפּפער
פון אין דער פרי, וואָס פאַרן שטענדיקן בראַנדאָפּפער, זאָלט
איר מאַכן דידאָזיקע. [24]אַזוי ווי דידאָזיקע זאָלט איר מאַכן
טעגלאַך זיבן טעג, אַ שפּייז פון פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן
ריח צו גאָט. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער זאָל עס
געמאַכט ווערן, מיט זיין גיסאָפּפער. [25]און אויפן זיבעטן טאָג
זאָל זיין אַ הייליקע צונויפרופונג ביי אַייך; קיין דינסטאַרבעט
זאָלט איר ניט טאָן.

[26]און אין טאָג פון די ערשטצייטיקע, ווען איר ברענגט
אַ שפּייזאָפּפער פון נייער תּבואה צו גאָט, אין אַייער שבועות,
זאָל זיין אַ הייליקע צונויפרופונג ביי אַייך; קיין דינסטאַרבעט
זאָלט איר ניט טאָן. [27]און איר זאָלט מקריב זיין אַ בראַנד־
אָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח צו גאָט: צוויי יונגע אָקסן, איין
ווידער, זיבן שעפּסן יאָריקע. [28]און זייער שפּייזאָפּפער: זעמל־
מעל פאַרמישט מיט אייל, דריי צענטל צו איטלאַכן אָקס, צוויי
צענטל צו דעם איין ווידער; [29]צו צענטל, צו צענטל פאַר איט־
לאַכן שעפּס פון די זיבן שעפּסן. [30]איין ציגנבאָק, מכפּר צו
זיין אויף אַייך. [31]אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין
שפּייזאָפּפער זאָלט איר זיי מאַכן–אָן אַ פעלער זאָלן זיי ביי
אַייך זיין–מיט זייערע גיסאָפּפער.

כט [1]און אין זיבעטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, זאָל
זיין אַ הייליקע צונויפרופונג ביי אַייך; קיין דינסטאַרבעט
זאָלט איר ניט טאָן; אַ טאָג פון שאַלונג זאָל עס אַייך זיין.
[2]און איר זאָלט מאַכן אַ בראַנדאָפּפער פאַר אַ געשמאַקן ריח
צו גאָט: איין יונגן אָקס, איין ווידער, זיבן שעפּסן יאָריקע,

אָן אַ פעלער. 3 און זייער שפּייזאָפּפער: זעמלמעל פאַרמישט
מיט אייל, דריי צענטל צו דעם אָקס, צוויי צענטל צו דעם
ווידער, 4 און איין צענטל צו איטלאַכן שעפּס פון די זיבן שעפּסן.
5 און איין ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער, מכפּר צו זיין אויף אַייך.
6 אַחוץ דעם בראַנדאָפּפער פון ראָש־חודש און זיין שפּייזאָפּפער,
און דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין שפּייזאָפּפער, און
זייערע גיסאָפּפער, לויט זייער דין, פאַר אַ געשמאַקן ריח, אַ
פייעראָפּפער צו גאָט.
7 און אין צענטן טאָג פון דעמדאָזיקן זיבעטן חודש זאָל זיין
אַ הייליקע צונויפרופונג ביי אַייך; און איר זאָלט פּייניקן
אַייער זעל; קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן. 8 און איר זאָלט
מקריב זיין אַ בראַנדאָפּפער צו גאָט פאַר אַ געשמאַקן ריח:
איין יונגן אָקס, איין ווידער, זיבן שעפּסן יאָריקע; אָן אַ פעלער
זאָלן זיי ביי אַייך זיין. 9 און זייער שפּייזאָפּפער: זעמלמעל
פאַרמישט מיט אייל, דריי צענטל צו דעם אָקס, צוויי צענטל צו
דעם איין ווידער; 10 צו צענטל, צו צענטל פאַר איטלאַכן שעפּס
פון די זיבן שעפּסן. 11 איין ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם
זינדאָפּפער פון פאַרגעבונג, און דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער
און זיין שפּייזאָפּפער, און זייערע גיסאָפּפער.
12 און אין פופצנטן טאָג פון זיבעטן חודש זאָל זיין אַ
הייליקע צונויפרופונג ביי אַייך; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט
טאָן. און איר זאָלט פייערן אַ פייערטאָג צו גאָט זיבן טעג.
13 און איר זאָלט מקריב זיין אַ בראַנדאָפּפער פאַר אַ געשמאַקן
ריח צו גאָט: דרייצן יונגע אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן
שעפּסן יאָריקע; אָן אַ פעלער זאָלן זיי זיין. 14 און זייער שפּייז־
אָפּפער: זעמלמעל פאַרמישט מיט אייל, דריי צענטל צו
איטלאַכן אָקס פון די דרייצן אָקסן, צוויי צענטל צו איטלאַכן
ווידער פון די צוויי ווידערס, 15 און צו צענטל, צו צענטל פאַר

איטלאַכן שעפּס פון די פערצן שעפּסן. [16]און איין ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער, זיין שפּייזאָפּפער, און זיין גיסאָפּפער.

[17]און אויפן צווייטן טאָג: צוועלף יונגע אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. [18]און זייער שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די שעפּסן, לויט זייער צאָל, אַזוי ווי דער דין. [19]און איין ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין שפּייזאָפּפער, און זייערע גיסאָפּפער.

[20]און אויפן דריטן טאָג: עלף יונגע אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. [21]און זייער שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די שעפּסן, לויט זייער צאָל אַזוי ווי דער דין. [22]און איין באָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין שפּייזאָפּפער און זיין גיסאָפּפער.

[23]און אויפן פירטן טאָג: צען אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. [24]און זייער שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די שעפּסן, לויט זייער צאָל אַזוי ווי דער דין. [25]און איין ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער, זיין שפּייזאָפּפער, און זיין גיסאָפּפער.

[26]און אויפן פינפטן טאָג: ניין אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. [27]און זייער שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די שעפּסן, לויט זייער צאָל אַזוי ווי דער דין. [28]און איין באָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער און זיין שפּייזאָפּפער, און זיין גיסאָפּפער.

[29]און אויפן זעקסטן טאָג: אַכט אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן

שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. 30און זייער שפּייזאָפּפער און
זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די
שעפּסן, לויט זייער צאָל אַזוי ווי דער דין. 31און איין באָק אַ
זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער, זיין שפּייז־
אָפּפער, און זיינע גיסאָפּפער.
32און אויפן זיבעטן טאָג: זיבן אָקסן, צוויי ווידערס, פערצן
שעפּסן יאָריקע, אָן אַ פעלער. 33און זייער שפּייזאָפּפער און
זייערע גיסאָפּפער, צו די אָקסן, צו די ווידערס, און צו די
שעפּסן, לויט זייער צאָל אַזוי ווי זייער דין. 34און איין באָק אַ
זינדאָפּפער. אַחוץ דעם שטענדיקן בראַנדאָפּפער, זיין שפּייז־
אָפּפער, און זיין גיסאָפּפער.
35אויפן אַכטן טאָג זאָל זיין אַ הייליקע אײַנזאַמלונג ביי
אייך; קיין דינסטאַרבעט זאָלט איר ניט טאָן. 36און איר זאָלט
מקריב זיין אַ בראַנדאָפּפער, אַ פייעראָפּפער פאַר אַ געשמאַקן
ריח צו גאָט: איין אָקס, איין ווידער, זיבן שעפּסן יאָריקע, אָן
אַ פעלער. 37זייער שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, צו
דעם אָקס, צו דעם ווידער, און צו די שעפּסן, לויט זייער צאָל
אַזוי ווי דער דין. 38און איין באָק אַ זינדאָפּפער. אַחוץ דעם
שטענדיקן בראַנדאָפּפער, און זיין שפּייזאָפּפער, און זיין גיס־
אָפּפער.
39די דאָזיקע זאָלט איר מאַכן צו גאָט אין אײַערע יום־
טובים, אַחוץ אײַערע נדרים, און אײַערע פרייוויליקע גאָבן,
פון אײַערע בראַנדאָפּפער, און פון אײַערע שפּייזאָפּפער, און
פון אײַערע גיסאָפּפער, און פון אײַערע פרידאָפּפער.
ל 1און משה האָט אָנגעזאָגט די קינדער פון ישׂראל, אַזוי ווי
אַלץ וואָס גאָט האָט משהן באַפוילן.

# מַטּוֹת

2 און משה האָט גערעדט צו די הויפּטלייט פון די שבטים
פון די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז די זאַך וואָס
גאָט האָט באַפוילן:
3 אַז אַ מאַן וועט טאָן אַ נדר צו גאָט, אָדער שווערן אַ שבועה,
צו אַסרן אויף זיך אַן איסור, זאָל ער ניט פאַרשוועכן זיין וואָרט;
אַזוי ווי אַלץ וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, זאָל ער טאָן.
4 און אַז אַ ווייבספּאַרשוין וועט טאָן אַ נדר צו גאָט, און וועט אַסרן
אויף זיך אַן איסור, אין איר פאָטערס הויז, אין איר יוגנט,
5 און איר פאָטער וועט הערן איר נדר, אָדער איר איסור וואָס זי
האָט געאַסרט אויף זיך, און איר פאָטער וועט איר צושווייגן,
זאָלן אַלע אירע נדרים באַשטיין, און איטלעכער איסור וואָס זי
האָט געאַסרט אויף זיך, זאָל באַשטיין.
6 אויב אָבער איר פאָטער האָט איר געווערט אין דעם טאָג וואָס ער האָט געהערט,
זאָלן אַלע אירע נדרים, און אירע איסורים וואָס זי האָט
געאַסרט אויף זיך, ניט באַשטיין; און גאָט וועט איר פאַרגעבן,
ווייל איר פאָטער האָט איר געווערט.
7 און אויב זי וועט נעמען
אַ מאַן, ווען אירע נדרים זיינען אויף איר, אָדער דער אַרויס־
רעד פון אירע ליפּן, וואָס זי האָט געאַסרט אויף זיך,
8 און איר מאַן וועט הערן–אין וואָסער טאָג ער וועט הערן–און ער וועט
איר צושווייגן, זאָלן באַשטיין אירע נדרים, און אירע איסורים
וואָס זי האָט געאַסרט אויף זיך, זאָלן באַשטיין.
9 אויב אָבער איר מאַן וועט איר ווערן אין דעם טאָג וואָס ער הערט, זאָל ער
פאַרשטערן איר נדר וואָס אויף איר, און דעם אַרויסרעד
פון אירע ליפּן, וואָס זי האָט געאַסרט אויף זיך, און גאָט וועט
איר פאַרגעבן.
10 אָבער דער נדר פון אַן אַלמנה און אַ גרושה,
אַלץ וואָס זי האָט געאַסרט אויף זיך, זאָל באַשטיין פאַר איר.
11 און אויב [אַ פרוי] האָט אַ נדר געטאָן אין הויז פון איר מאַן,

אָדער זי האָט געאַסרט אויף זיך אַן איסור דורך אַ שבועה,
12און איר מאַן האָט געהערט, און האָט איר צוגעשוויגן, און איר
ניט געוועהרט, זאָלן אַלע אירע נדרים באַשטיין, און איטלאַכער
איסור וואָס זי האָט געאַסרט אויף זיך, זאָל באַשטיין. 13אויב
אָבער פאַרשטערן וועט זיי פאַרשטערן איר מאַן אין דעם טאָג
וואָס ער הערט, זאָל קיין אַרויסלאָז פון אירע ליפּן, פון אירע
נדרים, אָדער פון אַן איסור אויף זיך, ניט באַשטיין; איר מאַן
האָט זיי פאַרשטערט, און גאָט וועט איר פאַרגעבן. 14איטלאַכער
נדר, און איטלאַכער געשוואָרענער איסור, אויף צו פּייניקן
די זעל, קען איר מאַן עס לאָזן באַשטיין, און איר מאַן קען
עס פאַרשטערן. 15אויב אָבער צושווייגן וועט איר צושווייגן
איר מאַן אַ מעת־לעת, האָט ער געמאַכט באַשטיין אַלע אירע
נדרים, אָדער אַלע אירע איסורים וואָס אויף איר; ער האָט
זיי געמאַכט באַשטיין ווייל ער האָט איר צוגעשוויגן אין דעם
טאָג וואָס ער האָט געהערט. 16און אויב פאַרשטערן וועט ער
זיי פאַרשטערן לאַנג נאָך דעם ווי ער האָט געהערט, וועט ער
טראָגן איר זינד.

17דאָס זיינען די געזעצן וואָס גאָט האָט באַפוילן משהן,
צווישן אַ מאַן און זיין ווייב, צווישן אַ פאָטער און זיין טאָכטער,
אין איר יוגנט, אין איר פאָטערס הויז.

לא 1און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 2זיי זיך
נוקם די נקמה פון די קינדער פון ישראל אָן די מדינים;
דערנאָך וועסטו אַיינגעזאַמלט ווערן צו דיין פאָלק.
3האָט משה גערעדט צום פאָלק, אַזוי צו זאָגן: באַוואָפנט
פון אַייך מענער צום חיל, און זאָלן זיי גיין אויף מדין אויס־
צופירן די נקמה פון גאָט אויף מדין. 4צו טויזנט פון אַ שבט, צו
טויזנט פון אַ שבט, פון אַלע שבטים פון ישראל, זאָלט איר שיקן
אין חיל.

5 זיינען צוגעשטעלט געוואָרן פֿון די טויזנטן פֿון ישׂראל
צו טויזנט פֿון אַ שבט, צוועלף טויזנט באַוואָפֿנטע חיל. 6 און
משה האָט זיי געשיקט אין חיל צו טויזנט פֿון אַ שבט, זיי מיט
פּינחס דעם זון פֿון אֶלעָזָר דעם כֹּהן, אין חיל, מיט די הייליקע
כּלים און די שאַלטרומייטן אין זיין האַנט. 7 און זיי האָבן
מלחמה געהאַלטן אויף מִדיָן, אַזוי ווי גאָט האָט באַפֿוילן משהן,
און זיי האָבן אויסגעהרגעט יעטוועדער מאַנספּאַרשוין. 8 אויך די
מלכים פֿון מִדיָן האָבן זיי געהרגעט צווישן זייערע דערשלאָגענע:
אֱוִי, און רֶקֶם, און צוּר, און חוּר, און רֶבַע, די פֿינף מלכים
פֿון מִדיָן; אויך בִּלעָם דעם זון פֿון בְּעוֹרן האָבן זיי געהרגעט
מיטן שווערד. 9 און די קינדער פֿון ישׂראל האָבן געפֿאַנגען די
ווייבער פֿון מִדיָן, און זייערע קליינע קינדער; און אַלע זייערע
בהמות, און אַלע זייערע פֿיך, און זייער גאַנצן פֿאַרמעג, האָבן
זיי אַוועקגערויבט. 10 און אַלע זייערע שטעט אין זייערע וווינ־
ערטער, און אַלע זייערע לאַגערדערפֿער, האָבן זיי פֿאַר־
ברענט אין פֿייער. 11 און זיי האָבן גענומען דעם גאַנצן זאַקרויב,
און דעם גאַנצן טרייברויב, פֿון מענטשן און פֿון בהמות, 12 און
האָבן געבראַכט די געפֿאַנגענע און דעם טרייברויב און דעם
זאַקרויב צו משהן און צו אֶלעָזָר דעם כֹּהן, און צו דער עדה פֿון
די קינדער פֿון ישׂראל, אין לאַגער, אויף די פּלוינען פֿון מוֹאָב
וואָס בײַם יַרדן לעבן יריחו.
13 זיינען משה, און אֶלעָזָר דער כֹּהן, און אַלע פֿירשטן פֿון
דער עדה, אַרויסגעגאַנגען זיי אַנטקעגן אויסן לאַגער. 14 און
משה האָט געצערנט אויף די אויפֿגעזעצטע איבערן חיל, די
עלטסטע פֿון טויזנט, און די עלטסטע פֿון הונדערט, וואָס זיינען
געקומען פֿון מלחמה־דינסט. 15 און משה האָט צו זיי געזאָגט:
האָט איר געלאָזט לעבן אַלע ווייבספּאַרשוינען? 16 דאָס האָבן
זיי דאָך, אויף דעם אָנרעד פֿון בִּלעָמען, געבראַכט די קינדער

פון ישׂראל צו באַגיין אַ פעלשונג אָן גאָט, אין דער מעשׂה פון
פּעור, און די מגפה איז געווען אויף דער עדה פון גאָט. [17]און
אַצונד הרגעט יעטוועדער מאַנספּאַרשוין צווישן די קליינע
קינדער, און הרגעט יעטוועדער ווײַבספּאַרשוין וואָס ווייס פון אַ
מאַן דורך ליגן מיט אַ מאַנספּאַרשוין. [18]און אַלע קינדער צווישן
די ווײַבספּאַרשוינען וואָס ווייסן ניט פון ליגן מיט אַ מאַנס־
פּאַרשוין, זאָלט איר לאָזן לעבן פאַר אײַך. [19]און איר, לאַגערט
אויסן לאַגער זיבן טעג; איטלאַכער וואָס האָט געהרגעט אַ נפש,
און איטלאַכער וואָס האָט זיך אָנגערירט אָן אַ דערשלאָגענעם,
רייניקט אײַך אויפן דריטן טאָג און אויפן זיבעטן טאָג, איר און
אײַערע געפאַנגענע. [20]און יעטוועדער בגד, און יעטוועדער
זאַך פון פעל, און אַלץ וואָס איז געמאַכט פון ציגנהאָר, און
יעטוועדער הילצערנע כּלי, זאָלט איר אײַך רייניקן.

[21]און אֶלעָזָר דער כּהן האָט געזאָגט צו די חילס־לײַט וואָס
זײַנען געגאַנגען אין מלחמה: דאָס איז דאָס געזעץ פון דער
תּורה וואָס גאָט האָט באַפוילן משהן: [22]אָבער דאָס גאָלד, און
דאָס זילבער, דאָס קופּער, דאָס אײַזן, דאָס צין, און דאָס בליי,
[23]אַלץ וואָס קען קומען אין פייער, זאָלט איר מאַכן דורכגיין
דורך פייער, און עס וועט ווערן ריין; נאָר עס מוז גערייניקט
ווערן מיט שפּרענגוואַסער. און אַלץ וואָס קען ניט קומען אין
פייער, זאָלט איר מאַכן דורכגיין דורך וואַסער. [24]און איר
זאָלט וואַשן אײַערע קליידער אויפן זיבעטן טאָג, און איר וועט
ווערן ריין, און דערנאָך מעגט איר אַרײַנקומען אין לאַגער.

[25]און גאָט האָט געזאָגט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [26]נעם אויף
די צאָל פון דעם געפאַנגענעם טרײַברויב, פון מענטשן און פון
בהמות, דו און אֶלעָזָר דער כּהן, און די הויפּטלײַט פון די
פאָטערהײַזער פון דער עדה. [27]און זאָלסט צעטיילן דעם טרײַב־
רויב אין העלפט, צווישן די מלחמה־האַלטערס וואָס זײַנען

אַרויסגעגאַנגען אין חיל, און צווישן דער גאַנצער עדה. 28 און
זאָלסט אָפּשיידן אַן אָפּגאָב צו גאָט פון די מלחמה־לייט וואָס
זיינען אַרויסגעגאַנגען אין חיל; איין שטיק פון פינף הונדערט,
פון די מענטשן, און פון די רינדער, און פון די אייזלען, און פון
די שאָף. 29 פון זייער העלפט זאָלט איר עס נעמען; און זאָלסט
עס געבן צו אֶלעָזָר דעם כּהן, אַן אָפּשיידונג צו גאָט. 30 און פון
דער העלפט פון די קינדער פון ישׂראל זאָלסטו נעמען איינס
אַרויסגענומען פון פופציק, פון די מענטשן, פון די רינדער, פון
די אייזלען, און פון די שאָף—פון אַלע בהמות; און זאָלסט זיי
געבן צו די לוִיִם, וואָס היטן די היטונג פון דעם מִשכּן פון גאָט.
31 און משה און אֶלעָזָר דער כּהן האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט
האָט באַפוילן משהן. 32 און דער טרייבּרויב וואָס איז געבליבן
נאָך דעם רויב וואָס דאָס חיל־פאָלק האָט גערויבט, איז געווען:
שאָף, זעקס הונדערט טויזנט און זיבעציק טויזנט און פינף טויזנט;
33 און רינדער, צוויי און זיבעציק טויזנט; 34 און אייזלען, איין און
זעכציק טויזנט; 35 און נפשות פון מענטשן, פון ווייבספּאַרשוינען
וואָס האָבן ניט געוווּסט פון ליגן מיט אַ מאַנספּאַרשוין—
אַלע נפשות, צוויי און דרייסיק טויזנט. 36 און אַ העלפט, דער
חלק פון די וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין חיל—די צאָל פון די
שאָף, איז געווען דריי הונדערט טויזנט און דרייסיק טויזנט און
זיבן טויזנט און פינף הונדערט. 37 און די אָפּגאָב צו גאָט פון די
שאָף איז געווען זעקס הונדערט און פינף און זיבעציק. 38 און
די רינדער, זעקס און דרייסיק טויזנט; און די אָפּגאָב פון זיי צו
גאָט, צוויי און זיבעציק. 39 און אייזלען, דרייסיק טויזנט און
פינף הונדערט; און די אָפּגאָב פון זיי צו גאָט, איין און זעכציק.
40 און נפשות פון מענטשן, זעכצן טויזנט; און די אָפּגאָב פון זיי
צו גאָט, צוויי און דרייסיק נפשות. 41 און משה האָט איבער־
געגעבן די אָפּגאָב פון גאָטס אָפּשיידונג צו אֶלעָזָר דעם כּהן, אַזוי

ווי גאָט האָט מֹשהן באַפוילן. 42און פון דער העלפט פון די
קינדער פון ישׂראל, וואָס מֹשה האָט אַראָפּגענומען בײַ די מענער
וואָס זײַנען געווען אין חיל— 43און די העלפט פון דער עדה
איז געווען: פון די שאָף, דרײַ הונדערט טויזנט און דרײַסיק
טויזנט און זיבן טויזנט און פינף הונדערט; 44און רינדער, זעקס
און דרײַסיק טויזנט; 45און אייזלען, דרײַסיק טויזנט און פינף
הונדערט; 46און נפשות פון מענטשן, זעכצן טויזנט— 47פון דער
העלפט פון די קינדער פון ישׂראל האָט מֹשה גענומען איינס
אַרויסגענומען פון פופציק, פון די מענטשן, און פון די בהמות,
און ער האָט זיי געגעבן צו די לוִיִם, וואָס היטן די היטונג פון
דעם מִשכּן פון גאָט, אַזוי ווי גאָט האָט מֹשהן באַפוילן.
48און די אויפגעזעצטע וואָס איבער די טויזנטן פון חיל,
די עלטסטע פון טויזנט, און די עלטסטע פון הונדערט, האָבן
גענענט צו מֹשהן; 49און זיי האָבן געזאָגט צו מֹשהן: דײַנע קנעכט
האָבן אויפגענומען די צאָל פון די מלחמה־לײַט וואָס אונטער
אונדזער האַנט, און קיינער פון אונדז איז ניט געמינערט געוואָרן.
50האָבן מיר געבראַכט אַ מתנה צו גאָט, איטלאַכער וואָס
ער האָט געפונען, גילדערנע זאַכן, אָרעמבענדער, און האַנט־
קײטלאַך, פינגערלאַך, אוירינגען, און האַלדזבענדער, מכפּר
צו זײַן אויף אונדזער זעל פאַר גאָט.
51האָבן מֹשה און אֶלעָזָר דער כּהן צוגענומען פון זיי דאָס
גאָלד, אַלערלײ אויסגעאַרבעטע זאַכן. 52און דאָס גאַנצע
גאָלד פון דער אָפּשיידונג וואָס זיי האָבן אָפּגעשיידט צו גאָט,
איז געווען זעכצן טויזנט זיבן הונדערט און פופציק שֶקל, פון
די עלטסטע פון טויזנט, און פון די עלטסטע פון הונדערט.—
53די חילס־לײַט האָבן גערויבט איטלאַכער פאַר זיך.— 54און
מֹשה און אֶלעָזָר דער כּהן האָבן צוגענומען דאָס גאָלד פון די
עלטסטע פון טויזנט און פון הונדערט, און האָבן עס געבראַכט

אין אוהל־מועד, אַ דערמאָנונג אָן די קינדער פון ישׂראל פאַר
גאָט.

לב 1און די קינדער פון ראובן און די קינדער פון גָד האָבן
געהאַט פיל פי, זייער אַ סך, און זיי האָבן געזען דאָס
לאַנד יַעְזֵר און דאָס לאַנד גִלעָד, ערשט דער אָרט איז אַן אָרט
פאַר פי. 2זיינען די קינדער פון גָד און די קינדער פון ראובן
געקומען, און זיי האָבן געזאָגט צו משהן, און צו אֶלעָזָר דעם
כֹּהן, און צו די פירשטן פון דער עדה, אַזוי צו זאָגן: 3עֲטָרוֹת,
און דיבוֹן, און יַעְזֵר, און נִמרָה, און חֶשבּוֹן, און אֶלעָלֵה, און
שְׂבָם, און נבוֹ, און בּעוֹן, 4דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט געשלאָגן
פאַר דער עדה פון ישׂראל, איז אַ לאַנד פאַר פי, און דיינע
קנעכט האָבן פי. 5און זיי האָבן געזאָגט: אויב מיר האָבן געפונען
לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, זאָל דאָסדאָזיקע לאַנד געגעבן
ווערן דיינע קנעכט צום אייגנטום; זאָלסט אונדז ניט אַריבער־
פירן דעם יַרדן.

6האָט משה געזאָגט צו די קינדער פון גָד און צו די קינדער
פון ראובן: אַייערע ברידער זאָלן גיין אין מלחמה, און איר
זאָלט זיצן דאָ? 7און פאַרוואָס זאָלט איר אָפּקערן דאָס האַרץ
פון די קינדער פון ישׂראל פון אַריבערצוגיין אין דעם לאַנד
וואָס גאָט האָט זיי געגעבן? 8אַזוי האָבן געטאָן אַייערע עלטערן,
ווען איך האָב זיי געשיקט פון קָדֵש־בַּרנֵעַ אָנצוקוקן דאָס לאַנד.
9וואָרום זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען ביזן טאָל אֶשכּוֹל, און האָבן
אָנגעקוקט דאָס לאַנד, און זיי האָבן אָפּגעקערט דאָס האַרץ
פון די קינדער פון ישׂראל, ניט צו גיין אין דעם לאַנד, וואָס גאָט
האָט זיי געגעבן. 10און דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט אין
יענעם טאָג, און ער האָט געשוואָרן, אַזוי צו זאָגן: 11אויב די
מענטשן וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען פון מִצרַיִם, פון צוואַנציק
יאָר אַלט און העכער, וועלן אָנזען די ערד, וואָס איך האָב

צוגעשוואָרן צו אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן! ווייל זיי זיינען ניט געגאַנגען געטריי נאָך מיר. [12]אַחוץ כָּלֵב דער זון פון יפוּנֶהן, דער קְנִזי, און יהושוּעַ דער זון פון נון, ווייל זיי זיינען געגאַנגען געטריי נאָך גאָט. [13]און דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט אויף ישׂראל, און ער האָט זיי געמאַכט וואָגלען אין דער מדבר פערציק יאָר, ביז דער גאַנצער דָור וואָס האָט געטאָן דאָס שלעכטס אין די אויגן פון גאָט, איז פאַרלענדט געוואָרן. [14]און אָט זייט איר אויפגעשטאַנען אויף דעם אָרט פון אייערע עלטערן, אַ געזינדל פון זינדיקע מענטשן, נאָך צו־צולייגן צו דעם גרימצאָרן פון גאָט אויף ישׂראל. [15]וואָרום אַז איר קערט זיך אָפּ פון הינטער אים, וועט ער זיי ווידער לאָזן אין דער מדבר, און איר וועט אומברענגען דאָסדאָזיקע גאַנצע פאָלק.

[16]האָבן זיי גענענט צו אים, און האָבן געזאָגט: שאָפּגעהעפטן פאַר אונדזער פיך וועלן מיר דאָ בויען, און שטעט פאַר אונדזערע קליינע קינדער. [17]אָבער מיר אַליין וועלן זיין גרייט באַוואָפנט פאַרויס פאַר די קינדער פון ישׂראל, ביז וואַנען מיר האָבן זיי געבראַכט אויף זייער אָרט; און אונדזערע קליינע קינדער וועלן זיצן אין די באַפעסטיקטע שטעט פון וועגן די באַוווינער פון לאַנד. [18]מיר וועלן זיך ניט אומקערן אין אונדזערע הייזער, ביז די קינדער פון ישׂראל אַרבן איטלאַכער זיין אַרבונג. [19]וואָרום מיר וועלן ניט אַרבן מיט זיי אויף יענער זייט יַרדן און ווייטער, ווייל אונדז איז אָנגעקומען אונדזער אַרבונג אויף דער זייט יַרדן, צו מזרח.

[20]האָט משה צו זיי געזאָגט: אויב איר וועט טאָן דידאָזיקע זאַך, אויב איר וועט אַייך באַוואָפענען פאַר גאָט אָנגעזיכט אויף מלחמה, [21]און אַלע באַוואָפנטע פון אַייך וועלן אַריבערגיין דעם יַרדן פאַר גאָטס אָנגעזיכט, ביז ער פאַרטרייבט זיינע

פיינט פון פאַר אים, [22]און דאָס לאַנד ווערט באַצווונגען ווערן
פאַר גאָטס אָנגעזיכט, און איר ווערט זיך דערנאָך אומקערן, ווערט
איר זיין ריין פאַר גאָט און פאַר ישׂראל, און דאָסדאָזיקע לאַנד
ווערט אַייך זיין צום אייגנטום פאַר גאָט. [23]אויב אָבער איר ווערט
אַזוי ניט טאָן, אַזוי האָט איר געזינדיקט פאַר גאָט, און זייט וויסן
אַייער שטראָף וואָס ווערט אַייך טרעפן. [24]בויט אַייך שטעט
פאַר אַייערע קליינע קינדער, און געהעפטן פאַר אַייערע שאָף;
אָבער וואָס איז אַרויס פון אַייער מויל זאָלט איר טאָן.
[25]האָבן די קינדער פון גָד און די קינדער פון ראובן
געזאָגט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: דיינע קנעכט וועלן טאָן אַזוי ווי מיין
האַר באַפעלט. [26]אונדזערע קליינע קינדער, אונדזערע ווייבער,
אונדזער פי, און אַלע אונדזערע בהמות, וועלן זיין דאָרטן
אין די שטעט פון גִלעָד; [27]אָבער דיינע קנעכט, איטלאַכער
באַוואָפנטער צום חיל, וועלן אַריבערגיין פאַר גאָטס אָנגעזיכט
אויף מלחמה, אַזוי ווי מיין האַר רעדט.
[28]און משה האָט באַפוילן וועגן זיי אֶלעָזָר דעם כהן, און
יהושוע דעם זון פון נון, און די הויפּטלייט פון די פאָטערהייזער
פון די שבטים פון די קינדער פון ישׂראל, [29]און משה האָט צו
זיי געזאָגט: אויב די קינדער פון גָד און די קינדער פון ראובן,
איטלאַכער באַוואָפנטער אויף מלחמה, וועלן אַריבערגיין מיט
אַייך דעם יַרדן פאַר גאָטס אָנגעזיכט, און דאָס לאַנד ווערט
באַצווונגען ווערן פאַר אַייער אָנגעזיכט, זאָלט איר זיי געבן דאָס
לאַנד גִלעָד צום אייגנטום. [30]אויב אָבער זיי וועלן ניט אַריבער־
גיין באַוואָפנט מיט אַייך, זאָלן זיי קְריגן אייגנטום צווישן אַייך
אין לאַנד כּנַעַן.
[31]האָבן זיך אָפּגערופן די קינדער פון גָד און די קינדער
פון ראובן, אַזוי צו זאָגן: וואָס גאָט האָט גערעדט צו דיינע
קנעכט, אַזוי וועלן מיר טאָן. [32]מיר וועלן אַריבערגיין

באַוואָפנטע פאַר גאָטס געזיכט אין לאַנד כּנַען, און דאָס
אייגנטום פון אונדזער נחלה פון דער זייט יַרדן זאָל בלײַבן בײַ
אונדז.
33 און משה האָט זיי, די קינדער פון גָד און די קינדער פון
ראובן און דעם האַלבן שבט פון מנשה דעם זון פון יוספן,
געגעבן דאָס קיניגרייך פון סיחון דעם מלך פון אֱמורי, און דאָס
קיניגרייך פון עוג דעם מלך פון בָּשָן, דאָס לאַנד לויט אירע
שטעט מיט די געמאַרקן, די שטעט פון דעם לאַנד רונד אַרום.
34 און די קינדער פון גָד האָבן אָפּגעבויט דיבון, און עֲטָרוֹת,
און עֲרוֹעֵר, 35 און עַטרוֹת־שוֹפָן, און יַעְזֵר, און יָגבְּהָה, 36 און בֵּית־
נִמרָה, און בֵּית־הָרָן; באַפעסטיקטע שטעט מיט געהעפטן פאַר
שאָף.
37 און די קינדער פון ראובן האָבן אָפּגעבויט חֶשבּוֹן, און
אֶלעָלֵא, און קִריָתַיִם, 38 און נבוֹ, און בַּעַל־מְעוֹן—מיט אומגע־
ביטענע נעמען—און שִׂבמָה; און זיי האָבן אָנגערופן מיט נעמען
די שטעט וואָס זיי האָבן אָפּגעבויט. 39 און די קינדער פון מָכיר
דעם זון פון מנשהן זיינען געגאַנגען קיין גִלעָד, און זיי האָבן עס
באַצוואונגען, און האָבן פאַרטריבן דעם אֱמורי וואָס דרינען.
40 און משה האָט געגעבן גִלעָד צו מָכיר דעם זון פון מנשהן, און
ער האָט זיך באַזעצט דרינען. 41 און יָאִיר דער זון פון מנשהן
איז געגאַנגען און האָט באַצוואונגען זייערע דערפער, און ער
האָט זיי גערופן חַוות־יָאִיר[א]. 42 און נוֹבַח איז געגאַנגען און האָט
באַצוואונגען קְנָת מיט אירע טעכטערשטעט; און ער האָט זי
גערופן נוֹבַח אויף זיין נאָמען.

[א] יָאִירס דערפער.

# מַסְעֵי

לג 1דאָס זיינען די ציאונגען פון די קינדער פון ישׂראל, וואָס
זיינען אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מִצרַיִם לויט זייערע
מחנות אונטער דער האַנט פון משהן און אַהרֹנען. 2און משה
האָט פאַרשריבן זייערע אַרויסגאַנגען אויף זייערע ציאונגען לויט
דעם מויל פון גאָט; און דאָס זיינען זייערע ציאונגען אין זייערע
אַרויסגאַנגען:
3זיי האָבן געצויגן פון רַעְמסֵס אין ערשטן חודש, אין
פופצנטן טאָג פון ערשטן חודש; אויף מאָרגן נאָכן קָרבן־פֶּסח
זיינען די קינדער פון ישׂראל אַרויסגעגאַנגען מיט אַ הויכער האַנט
פאַר די אויגן פון גאַנץ מִצרַיִם, 4בעת די מִצרים האָבן געהאַלטן
אין באַגראָבן די וואָס גאָט האָט דערשלאָגן צווישן זיי—איטלאַכן
בכור; און אויך אויף זייערע געטער האָט גאָט געטאָן אַ
משפט. 5און די קינדער פון ישׂראל האָבן געצויגן פון רַעְמסֵס,
און גערוט אין סוכות. 6און זיי האָבן געצויגן פון סוכות, און
גערוט אין אֵתָם וואָס ביים עק מדבר. 7און זיי האָבן געצויגן
פון אֵתָם, און זיך אומגעקערט צו פּי־הַחירות וואָס פאַר בַּעַל־
צפון, און גערוט פאַר מִגדול. 8און זיי האָבן געצויגן פון פּנֵי־
הַחירות, און זיינען אַריבערגעגאַנגען דורכן ים צום מדבר; און זיי
זיינען געגאַנגען דריי טעג וועגס אין מדבר אֵתָם, און האָבן גערוט
אין מָרָה. 9און זיי האָבן געצויגן פון מָרָה, און זיינען געקומען
קיין אֵילִם; און אין אֵילִם זיינען געווען צוועלף קוואַלן וואַסער
און זיבעציק טייטלבוימער; און זיי האָבן דאָרטן גערוט.
10און זיי האָבן געצויגן פון אֵילִם, און גערוט ביים יַם־סוף.
11און זיי האָבן געצויגן פון יַם־סוף, און גערוט אין מדבר סין.
12און זיי האָבן געצויגן פון מדבר סין און גערוט אין דָפקָה.
13און זיי האָבן געצויגן פון דָפקָה, און גערוט אין אָלוש. 14און
זיי האָבן געצויגן פון אָלוש, און גערוט אין רפידים; און דאָרטן

איז ניט געווען קיין וואַסער פאַרן פאָלק צום טרינקען. 15און
זיי האָבן געצויגן פון רפידים, און גערוט אין מדבר סיני. 16און
זיי האָבן געצויגן פון מדבר סיני, און גערוט אין קִברוֹת־הַתַּאֲוָה.
17און זיי האָבן געצויגן פון קִברוֹת־הַתַּאֲוָה, און גערוט אין חֲצֵרוֹת.
18און זיי האָבן געצויגן פון חֲצֵרוֹת, און גערוט אין רִתמָה.
19און זיי האָבן געצויגן פון רִתמָה, און גערוט אין רִמוֹן־פֶּרֶץ.
20און זיי האָבן געצויגן פון רִמוֹן־פֶּרֶץ, און גערוט אין לִבנָה.
21און זיי האָבן געצויגן פון לִבנָה, און גערוט אין רִסָה. 22און
זיי האָבן געצויגן פון רִסָה, און גערוט אין קְהֵלָתָה. 23און זיי
האָבן געצויגן פון קְהֵלָתָה, און גערוט ביים באַרג שֶפֶר. 24און
זיי האָבן געצויגן פון באַרג שֶפֶר, און גערוט אין חֲרָדָה.
25און זיי האָבן געצויגן פון חֲרָדָה, און גערוט אין מַקהֵלוֹת.
26און זיי האָבן געצויגן פון מַקהֵלוֹת, און גערוט אין תַּחַת.
27און זיי האָבן געצויגן פון תַּחַת, און גערוט אין תֶּרַח. 28און
זיי האָבן געצויגן פון תֶּרַח, און גערוט אין מִתקָה. 29און זיי
האָבן געצויגן פון מִתקָה, און גערוט אין חַשמוֹנָה. 30און זיי
האָבן געצויגן פון חַשמוֹנָה, און גערוט אין מוֹסֵרוֹת. 31און זיי
האָבן געצויגן פון מוֹסֵרוֹת, און גערוט אין בְּנֵי־יַעֲקָן. 32און זיי
האָבן געצויגן פון בְּנֵי־יַעֲקָן, און גערוט אין חוֹר־הַגִדגָד. 33און
זיי האָבן געצויגן פון חוֹר־הַגִדגָד, און גערוט אין יָטבָתָה. 34און
זיי האָבן געצויגן פון יָטבָתָה, און גערוט אין עַברוֹנָה. 35און זיי
האָבן געצויגן פון עַברוֹנָה, און גערוט אין עֶציוֹן־גֶבֶר. 36און זיי
האָבן געצויגן פון עֶציוֹן־גֶבֶר, און גערוט אין מדבר צִן, דאָס איז
קָדֵש. 37און זיי האָבן געצויגן פון קָדֵש, און גערוט ביים באַרג
הוֹר, אין עק פון לאַנד אֱדוֹם.

38און אַהרן דער כּהן איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג הוֹר,
לויט דעם מויל פון גאָט, און ער איז דאָרטן געשטאָרבן, אין
דעם פערציקסטן יאָר נאָכדעם ווי די קינדער פון ישׂראל

זיינען אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מִצרַיִם, אין פינפטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש. [39]און אַהרן איז געווען הונדערט און דריי און צוואַנציק יאָר אַלט, ווען ער איז געשטאָרבן אויפן באַרג הור. [40]און דער כּנַעֲני, דער מלך פון עֲרָד, וואָס איז געזעסן אין דָרום, אין לאַנד כּנַעַן, האָט געהערט וועגן דעם קומען פון די קינדער פון ישׂראל.

[41]און זיי האָבן געצויגן פון באַרג הור, און גערוט אין צַלמוֹנָה. [42]און זיי האָבן געצויגן פון צַלמוֹנָה, און גערוט אין פּוּנוֹן. [43]און זיי האָבן געצויגן פון פּוּנוֹן, און גערוט אין אוֹבוֹת. [44]און זיי האָבן געצויגן פון אוֹבוֹת, און גערוט אין עִיֵי־עֲבָרים, ביים געמאַרק פון מוֹאָב. [45]און זיי האָבן געצויגן פון עִיִים, און גערוט אין דיבוֹן־גָד. [46]און זיי האָבן געצויגן פון דיבוֹן־גָד, און גערוט אין עַלמוֹן־דִבלָתַיִם. [47]און זיי האָבן געצויגן פון עַלמוֹן־דִבלָתַיִם, און גערוט אין די בערג פון עֲבָרים, פאַר נבוֹ. [48]און זיי האָבן געצויגן פון די בערג פון עֲבָרים, און גערוט אין די פּלוינען פון מוֹאָב ביים יַרדן לעבן יריחוֹ. [49]און זיי האָבן גערוט ביים יַרדן, פון בֵּית־ישימוֹת ביז אָבֵל־שִטים אין די פּלוינען פון מוֹאָב.

[50]און גאָט האָט גערעדט צו משהן אין די פּלוינען פון מוֹאָב ביים יַרדן לעבן יריחוֹ, אַזוי צו זאָגן: [51]רעד צו די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:

אַז איר גייט אַריבער דעם יַרדן קיין לאַנד כּנַעַן, [52]זאָלט איר פאַרטרייבן אַלע באַוווינער פון לאַנד פון פאַר אײַך, און איר זאָלט אונטערברענגען אַלע זייערע בילדער, און אַלע זייערע געגאָסענע געצן זאָלט איר אונטערברענגען, און אַלע זייערע בָּמוֹת זאָלט איר פאַרטיליקן. [53]און איר זאָלט פאַרנעמען דאָס לאַנד, און זיך באַזעצן דרינען, וואָרום אײַך האָב איך געגעבן דאָס לאַנד, עס צו אַרבן. [54]און איר זאָלט אַרבן דאָס לאַנד דורך גוֹרל,

לויט אַייערע משפּחות; דעם מערערן זאָלט איר געבן מער נחלה, און דעם ווינציקערן זאָלסטו געבן ווינציקער נחלה. דאָרטן ווו זיין גורל וועט אויספאַלן, זאָל געהערן צו אים; לויט אַייערע פאָטערשטאַמען זאָלט איר אַייך אַרבן.

[55]און אויב איר וועט ניט פאַרטרייבן פון פאַר אַייך די באַוווינער פון לאַנד, וועלן די וואָס איר וועט איבערלאָזן פון זיי, זיין פאַר דערנער אין אַייערע אויגן, און פאַר שטעכערס אין אַייערע זייטן, און זיי וועלן אַייך דריקן אין דעם לאַנד וואָס איר זיצט דרינען. [56]און עס וועט זיין, אַזוי ווי איך האָב געדאַכט צו טאָן צו זיי, וועל איך טאָן צו אַייך.

לד [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפעל די קינדער פון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:

אַז איר קומט קיין לאַנד כּנַעַן, זאָל דאָס זיין דאָס לאַנד וואָס וועט אַייך פאַלן פאַר אַ נחלה–דאָס לאַנד כּנַעַן לויט אירע געמאַרקן: [3]די דָרום־זייט זאָל אַייך זיין פון מדבר צִן לעבן אֶדום, און דער געמאַרק פון דָרום זאָל אַייך זיין פון עק יַם־הַמֶלַח, צו מזרח. [4]און דער געמאַרק זאָל זיך אויסדרייען ביי אַייך צו דָרום פון דעם אויפגאַנג פון עַקרַבִּים, און אַריבערגיין קיין צִן; און זיין אויסלאָז זאָל זיין אין דָרום פון קָדֵש־בַּרנֵעַ; און ער זאָל אַרויסגיין צו חֲצַר־אַדָר, און אַריבערגיין ביז עַצמון. [5]און דער געמאַרק זאָל זיך אויסדרייען פון עַצמון צום טייך פון מִצרַיִם; און זיין אויסלאָז זאָל זיין ביים ים. [6]און דער געמאַרק פון מערב זאָל אַייך זיין דער יַם־הַגָדול מיטן ברעג; דאָס זאָל אַייך זיין דער געמאַרק פון מערב. [7]און דאָס זאָל אַייך זיין דער געמאַרק פון צפון: פון יַם־הַגָדול זאָלט איר אַייך צייכענען ביז דעם באַרג הור. [8]פון באַרג הור זאָלט איר צייכענען ביז מע קומט קיין חֲמָת; און דער אויסלאָז פון דעם געמאַרק זאָל זיין ביי צְדָד. [9]און דער געמאַרק זאָל אַרויסגיין ביי זִפרון,

און זיין אויסלאָז זאָל זיין חֲצַר־עֵינָן. דאָס זאָל אַייך זיין דער געמאַרק פון צפון. [10]און איר זאָלט אַייך צייכענען פאַרן געמאַרק פון מזרח, פון חֲצַר־עֵינָן ביז שְׁפָם. [11]און דער געמאַרק זאָל אַראָפּנידערן פון שְׁפָם ביז רִבְלָה, אין מזרח פון עַיִן; און דער געמאַרק זאָל אַראָפּנידערן און זיך אָנשטויסן אָן דעם באַרגרוקן פון ים כִּנֶּרֶת, צו מזרח. [12]און דער געמאַרק זאָל אַראָפּנידערן צום יַרדן, און זיין אויסלאָז זאָל זיין דער יַם־הַמֶּלַח. דאָס זאָל אַייך זיין דאָס לאַנד לויט אירע געמאַרקן רונד אַרום.

[13]און משה האָט באַפוילן די קינדער פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז דאָס לאַנד וואָס איר זאָלט עס זיך אַרבן לויט גורל, וואָס גאָט האָט באַפוילן צו געבן צו די ניין שבטים און דעם האַלבן שבט. [14]וואָרום דער שבט פון די קינדער פון ראובן לויט זייערע פאָטערהייזער, און דער שבט פון די קינדער פון גָד לויט זייערע פאָטערהייזער, האָבן געקריגן, און האַלב שבט מנשה האָבן געקריגן, זייער נחלה. [15]די צוויי שבטים און דער האַלבער שבט האָבן געקריגן זייער נחלה פון דער זייט יַרדן לעבן יריחו, צו מזרח, צו זונאויפגאַנג.

[16]און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [17]דאָס זיינען די נעמען פון די מענער וואָס זאָלן אַרבן פאַר אַייך דאָס לאַנד: אֶלְעָזָר דער כּהן, און יהושוע דער זון פון נון. [18]און איר זאָלט נעמען צו איין פירשט, צו איין פירשט פון אַ שבט, צו אַרבן דאָס לאַנד. [19]און דאָס זיינען די נעמען פון די מענער: פאַר שבט יהודה, כָּלֵב דער זון פון יפוּנֶהן. [20]און פאַר דעם שבט פון די קינדער פון שמעון, שמואל דער זון פון עַמיהודן. [21]פאַר שבט בנימין, אֱלִידָד דער זון פון כִּסלוֹנען. [22]און פאַר דעם שבט פון די קינדער פון דָן, דער פירשט בוקי דער זון פון יָגלין. [23]פאַר די קינדער פון יוסף: פאַר דעם שבט פון די קינדער פון

מנשה, דער פירשט חַניאֵל דער זון פון אֵפודן; [24]און פאַר דעם
שבט פון די קינדער פון אפרים, דער פירשט קמואֵל דער זון
פון שִׁפטָנען. [25]און פאַר דעם שבט פון די קינדער פון זבולון,
דער פירשט אֱליצָפָן דער זון פון פַּרנָכן. [26]און פאַר דעם שבט
פון די קינדער פון יִשָׂשכָר, דער פירשט פַּלטיאֵל דער זון פון
עַזָנען. [27]און פאַר דעם שבט פון די קינדער פון אָשר, דער
פירשט אֲחיהוד דער זון פון שלומין. [28]און פאַר דעם שבט פון
די קינדער פון נפתלי, דער פירשט פְּדַהאֵל דער זון פון
עַמיהודן. [29]דאָס זיינען די וועמען גאָט האָט באַפוילן צו מאַכן
אַרבן די קינדער פון ישׂראל אין לאַנד כּנַען.

לה [1]און גאָט האָט גערעדט צו משהן אין די פלוינען פון
מואָב ביים יַרדן לעבן יריחו, אַזוי צו זאָגן: [2]באַפעל
די קינדער פון ישׂראל, זיי זאָלן געבן די לוִיִים פון דער נחלה
פון זייער אייגנטום שטעט צום וווינען; און אַ פרייען פלאַץ צו
די שטעט רונד אַרום זיי זאָלט איר געבן די לוִיִים. [3]און די
שטעט וועלן זיין פאַר זיי צום וווינען, און זייערע פרייע פלעצער
וועלן זיין פאַר זייער פי, און פאַר זייער פאַרמעג, און פאַר
אַלע זייערע בהמות. [4]און די פרייע פלעצער פון די שטעט,
וואָס איר וועט געבן די לוִיִים דרויסן פון דער שטאָטמויער,
זאָלן זיין טויזנט איילן רונד אַרום. [5]און איר זאָלט אָפּמעסטן
אויסן שטאָט, מזרח־זייט צוויי טויזנט איילן, און דָרום־זייט
צוויי טויזנט איילן, און מערב זייט צוויי טויזנט איילן, און
צפון־זייט צוויי טויזנט איילן, מיט דער שטאָט אין מיטן. דאָס
זאָלן ביי זיי זיין די פרייע פלעצער פון די שטעט. [6]און די
שטעט וואָס איר וועט געבן די לוִיִים, זאָלן זיין די זעקס שטעט
פון אַנטרינונג וואָס איר וועט געבן פאַר דעם טויטשלעגער צו
אַנטלויפן אַהין; און צו זיי זאָלט איר צוגעבן צוויי און פערציק
שטעט. [7]אַלע שטעט וואָס איר וועט געבן די לוִיִים, זאָלן זיין

אַכט און פֿערציק שטעט; זיי מיט זייערע פֿרייע פּלעצער.
8און די שטעט וואָס איר וועט געבן פֿון דעם אייגנטום פֿון די
קינדער פֿון ישׂראל, זאָלט איר פֿון דעם מערערן נעמען מער,
און פֿון דעם ווינציקערן נעמען ווינציקער; איטלאַכער לויט
זיין אַרבונג וואָס ער אַרבט, זאָל געבן פֿון זיינע שטעט צו די
לוִיִם.

9און גאָט האָט גערעדט צו משהן, אַזוי צו זאָגן: 10רעד צו
די קינדער פֿון ישׂראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי:

אַז איר גייט אַריבער דעם יַרדן קיין לאַנד כּנַען, 11זאָלט
איר אַייך באַשטימען שטעט וואָס זאָלן אַייך זיין שטעט פֿון
אַנטרינונג, און אַהין זאָל אַנטלויפֿן דער טויטשלעגער וואָס
דערשלאָגט אַ נפֿש דורך אַ פֿאַרזע. 12און די שטעט זאָלן אַייך
זיין פֿאַר אַנטרינונג פֿון דעם בלוט מאָנער, און דער טויטשלעגער
זאָל ניט שטאַרבן איידער ער שטעלט זיך פֿאַר דער עדה צום
משפּט. 13און די שטעט וואָס איר זאָלט געבן: זעקס שטעט
פֿון אַנטרינונג זאָלן בײַ אַייך זיין. 14דריי שטעט זאָלט איר געבן
פֿון דער זייט יַרדן, און דריי שטעט זאָלט איר געבן אין לאַנד
כּנַען; שטעט פֿון אַנטרינונג זאָלן זיי זיין. 15פֿאַר די קינדער
פֿון ישׂראל, און פֿאַרן פֿרעמדן, און פֿאַרן איינגעוואַנדערטן
צווישן זיי, זאָלן זיין דידאָזיקע זעקס שטעט פֿון אַנטרינונג, אויף
צו אַנטלויפֿן אַהין פֿאַר איטלאַכן וואָס דערשלאָגט אַ נפֿש דורך
אַ פֿאַרזע. 16אויב אָבער ער האָט אים דערשלאָגן מיט אַן
אײַזערנער זאַך, און ער איז געשטאָרבן, איז ער אַ מערדער; טייטן
זאָל געטייט ווערן דער מערדער. 17און אויב ער האָט אים
געשלאָגן מיט אַ שטיין אין האַנט, וואָס מע קען דערפֿון שטאַרבן,
און ער איז געשטאָרבן, איז ער אַ מערדער; טייטן זאָל געטייט
ווערן דער מערדער. 18אָדער אַז ער האָט אים געשלאָגן מיט
אַ הילצערנער זאַך אין האַנט, וואָס מע קען דערפֿון שטאַרבן,

און ער איז געשטאָרבן, איז ער אַ מערדער; טייטן זאָל געטייט ווערן דער מערדער. [19]דער בלוטמאָנער, ער זאָל טייטן דעם מערדער; ווען ער טרעפֿט אים, זאָל ער אים טייטן. [20]און אויב ער האָט אים מיט שׂנאה אַ שטויס געטאָן, אָדער ער האָט געשליידערט אויף אים עפּעס מיט אַ כּיוון, און ער איז געשטאָרבן, [21]אָדער ער האָט אים מיט פֿײַנטשאַפֿט געשלאָגן מיט זײַן האַנט, און ער איז געשטאָרבן, זאָל טייטן געטייט ווערן דער שלעגער; אַ מערדער איז ער; דער בלוטמאָנער זאָל טייטן דעם מערדער, ווען ער טרעפֿט אים. [22]אויב אָבער ער האָט אים אומגעריכט, אָן פֿײַנטשאַפֿט, אַ שטויס געטאָן, אָדער ער האָט געשליידערט אויף אים עפּעס אַ זאַך אָן אַ כּיוון, [23]אָדער מיט עפּעס אַ שטיין וואָס מע קען דערפֿון שטאַרבן, האָט ער געוואָרפֿן אויף אים אומגעזען, און ער איז געשטאָרבן, און ער איז אים ניט געווען אַ שׂונא, און ניט אויסן געווען זײַן בייז, [24]זאָל די עדה משפּטן צווישן דעם שלעגער און צווישן דעם בלוטמאָנער לויט די דאָזיקע געזעצן. [25]און די עדה זאָל מציל זײַן דעם טויטשלעגער פֿון דעם בלוטמאָנערס האַנט, און די עדה זאָל אים אומקערן צו זײַן שטאָט פֿון אַנטרינונג, וואָס ער איז אַהין אַנטלאָפֿן, און ער זאָל זיצן אין איר ביז דעם טויט פֿון כּהן־גדול וואָס מע האָט אים געזאַלבט מיטן הייליקן אייל. [26]אויב אָבער אַרויסגיין וועט אַרויסגיין דער טויטשלעגער פֿון דעם געמאַרק פֿון זײַן שטאָט פֿון אַנטרינונג, וואָס ער איז אַהין אַנטלאָפֿן, [27]און דער בלוטמאָנער וועט אים געפֿינען אויסער דעם געמאַרק פֿון זײַן שטאָט פֿון אַנטרינונג, און דער בלוטמאָנער וועט טייטן דעם טויטשלעגער, האָט ער אויף זיך ניט קיין בלוט. [28]וואָרום אין זײַן שטאָט פֿון אַנטרינונג מוז ער זיצן ביז דעם טויט פֿון כּהן־גדול, און ערשט נאָך דעם טויט פֿון כּהן־גדול מעג דער טויט־שלעגער זיך אומקערן צו דעם לאַנד פֿון זײַן אייגנטום. [29]דאָס

זאָל אײַך זײַן פֿאַר אַ רעכטגעזעץ אויף אײַערע דור־דורות
אין אַלע אײַערע וווינערטער.
[30]ווער נאָר עס דערשלאָגט אַ נפש, זאָל מען הרגען דעם
מערדער לויט דעם מויל פֿון עדות; און איין עדות קען ניט
עדות־זאָגן אויף אַ מענטשן, ער זאָל שטאַרבן. [31]און איר זאָלט
ניט אָננעמען אַן אויסלייז פֿאַר דעם נפש פֿון אַ מערדער וואָס איז
פֿאַרשולדיקט צום טויט; נייערט טייטן מוז ער געטייט ווערן.
[32]און איר זאָלט ניט אָננעמען אַן אויסלייז פֿון דעם וואָס איז
אַנטלאָפֿן אין זײַן שטאָט פֿון אַנטרינונג, אַז ער זאָל מעגן זיך
אומקערן וווינען אין לאַנד פֿאַר דעם כּהנס טויט. [33]און איר זאָלט
ניט זינדיק מאַכן דאָס לאַנד וואָס איר זיצט דרינען, וואָרום
בלוט דאָס מאַכט זינדיק דאָס לאַנד, און דעם לאַנד ווערט ניט
פֿאַרגעבן פֿאַר דעם בלוט וואָס איז דרינען פֿאַרגאָסן געוואָרן,
סײַדן מיט דעם בלוט פֿון דעם וואָס האָט עס פֿאַרגאָסן. [34]און
זאָלסט ניט פֿאַראומרייניקן דאָס לאַנד וואָס איר זיצט דרינען,
וואָס איך רו אין דעם; וואָרום איך, יהוה, רו צווישן די קינדער
פֿון ישׂראל.

לו [1]און די הויפּטלײַט פֿון די פּאָטערהײַזער פֿון דער
משפּחה פֿון די קינדער פֿון גִלעָד, דעם זון פֿון מָכיר,
דעם זון פֿון מנשהן, פֿון די משפּחות פֿון די קינדער פֿון יוסףֿ,
האָבן גענענט, און האָבן גערעדט פֿאַר משהן, און פֿאַר די
פֿירשטן, די הויפּטלײַט פֿון די פּאָטערהײַזער פֿון די קינדער
פֿון ישׂראל, [2]און זיי האָבן געזאָגט: גאָט האָט באַפֿוילן מײַן האַר
צו געבן דאָס לאַנד אין נחלה לויט גורל צו די קינדער פֿון
ישׂראל, און מײַן האַר איז באַפֿוילן געוואָרן פֿון גאָט צו געבן
די נחלה פֿון אונדזער ברודער צלָפֿחָדן צו זײַנע טעכטער. [3]און
אַז זיי ווערן ווערן פֿאַר ווײַבער צו איינעם פֿון די זין פֿון די שבטים
פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, וועט זייער נחלה געמינערט ווערן

פון דער נחלה פון אונדזערע פּאָטערס, און וועט צוגעלייגט ווערן צו דער נחלה פון דעם שבט וואָס זיי וועלן צו אים געהערן; אַזוי וועט געמינערט ווערן פון דעם גורל פון אונדזער נחלה. [4]אַפילו אַז יובל וועט זיין ביי די קינדער פון ישׂראל, וועט זייער נחלה בלייבן צוגעלייגט צו דער נחלה פון דעם שבט וואָס זיי וועלן צו אים געהערן, און זייער נחלה וועט געמינערט ווערן פון דער נחלה פון אונדזערע פּאָטערס.

[5]האָט משה באַפוילן די קינדער פון ישׂראל לויט דעם מויל פון גאָט, אַזוי צו זאָגן: גערעכט טענהט דער שבט פון די קינדער פון יוסף. [6]דאָס איז די זאַך וואָס גאָט האָט באַפוילן וועגן די טעכטער פון צלָפחָדן, אַזוי צו זאָגן: זיי מעגן ווערן פאַר ווייבער צו דעם וואָס וועט ווילגעפעלן אין זייערע אויגן, אָבער אין דער משפחה פון דעם שבט פון זייער פּאָטער זאָלן זיי ווערן פאַר ווייבער. [7]כדי אַ נחלה פון די קינדער פון ישׂראל זאָל ניט איבערגיין פון שבט צו שבט; נייערט די קינדער פון ישׂראל זאָלן זיין באַהעפט איטלאַכער אָן דער נחלה פון דעם שבט פון זיינע פּאָטערס. [8]און יעטוועדער טאָכטער פון די שבטים פון די קינדער פון ישׂראל, וואָס ירשעט אַ נחלה, מוז ווערן פאַר אַ ווייב צו איינעם פון דער משפחה פון איר פּאָטערס שבט; כדי די קינדער פון ישׂראל זאָלן ירשען איטלאַכער די נחלה פון זיינע פּאָטערס. [9]און אַ נחלה זאָל ניט איבער־גיין פון איין שבט צו אַן אַנדער שבט; נייערט די שבטים פון די קינדער פון ישׂראל זאָלן זיין באַהעפט איטלאַכער אָן זיין נחלה.

[10]אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן, אַזוי האָבן די טעכטער פון צלָפחָדן געטאָן. [11]און מַחלָה, תִּרצָה, און חָגלָה, און מִלכָּה, און נוֹעָה, די טעכטער פון צלָפחָדן, זיינען געוואָרן פאַר ווייבער צו די זין פון זייערע פעטערס. [12]אין די משפחות פון

די קינדער פֿון מנשה דעם זון פֿון יוסֵפֿן זיינען זיי געוואָרן פֿאַר ווייבער, און זייער נחלה איז געבליבן אין דעם שבט פֿון זייער פֿאָטערס משפּחה.

[13]דאָס זיינען די געבאָט און די געזעצן וואָס גאָט האָט געבאָטן די קינדער פֿון ישׂראל דורך משהן אין די פּלוינען פֿון מואָב ביים יַרדן לעבן יריחו.

# דְבָרִים

# סֶדרות פון דְבָרִים

# דְבָרִים

א 1דאָס זיינען די ווערטער וואָס משה האָט גערעדט צו גאַנץ
ישׂראל אויף יענער זייט יַרדן, אין מדבר, אין דעם פּלוין,
אַקעגן סוף, צווישן פּאָרָן און צווישן תּוֹפֶל, און לָבָן, און חֲצֵרוֹת,
און די־זָהָב.—2עלף טעג איז פון חוֹרֵב ביז קָדֵשׁ־בַּרנֵעַ אויף דעם
וועג פון באַרג שֵׂעִיר.—3און עס איז געווען אין פערציקסטן יאָר,
אין עלפטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, האָט משה
גערעדט צו די קינדער פון ישׂראל אַזוי ווי אַלץ וואָס גאָט האָט
אים באַפוילן פאַר זיי; 4נאָכדעם אַז ער האָט געשלאָגן סיחון
דעם מלך פון אֱמוֹרי, וואָס איז געזעסן אין חֶשבּוֹן, און עוֹג דעם
מלך פון בָּשָן, וואָס איז געזעסן אין עַשתָּרוֹת אין אֶדרֶעִי. 5אויף
יענער זייט יַרדן, אין לאַנד מוֹאָב, האָט משה גענומען באַשיידן
דידאָזיקע תּורה, אַזוי צו זאָגן:

6גאָט אונדזער האַר האָט גערעדט צו אונדז אין חורב, אַזוי
צו זאָגן: גענוג אַייך זיצן אויף דעמדאָזיקן באַרג; 7פאַרקערט
זיך און ציט אַייך אַוועק, און גייט צו דעם געבערג פון אֱמוֹרי,
און צו אַלע זיינע שכנים, אין דעם פּלוין, אין דעם געבערג,
און אין דער נידערונג, און אין דָרום, און ביים באָרטן פון ים,
אין לאַנד פון דעם כּנַעֲני, און צום לְבָנוֹן, ביזן גרויסן טייך, דעם
טייך פּרָת. 8זעט, איך האָב איבערגעגעבן דאָס לאַנד צו אַייך;
גייט און אַרבּט דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו אַייערע
עלטערן, צו אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן, צו געבן זיי
און זייער זאָמען נאָך זיי.

9און איך האָב געזאָגט צו אַייך אין יענער צייט, אַזוי צו

זאָגן: איך אַליין קען אײַך ניט טראָגן. 10 גאָט אײַער האַר האָט
אײַך געמערט, און אָט זײַט איר אַזוי ווי די שטערן פֿון הימל
אין פֿילקייט — 11 זאָל גאָט דער האַר פֿון אײַערע עלטערן אײַך
מערן טויזנט מאָל אַזוי פֿיל ווי איר זײַט, און אײַך בענטשן אַזוי
ווי ער האָט אײַך צוגעזאָגט! — 12 ווי קען איך אַליין טראָגן אײַער
שווערקייט און אײַער לאַסט און אײַער קריגערײַ? 13 קריגט
אײַך קלוגע און פֿאַרשטאַנדיקע און געניטע לײַט, לויט אײַערע
שבטים, און איך וועל זיי מאַכן פֿאַר אײַערע הויפּטלײַט.
14 האָט איר מיר געענטפֿערט און געזאָגט: גוט איז די זאַך וואָס
דו האָסט געהייסן טאָן. 15 און איך האָב גענומען די קעפּ פֿון
אײַערע שבטים, קלוגע און געניטע לײַט, און איך האָב זיי
געמאַכט פֿאַר הויפּטלײַט איבער אײַך, פֿאַר עלטסטע פֿון טויזנט,
און עלטסטע פֿון הונדערט, און עלטסטע פֿון פֿופֿציק, און
עלטסטע פֿון צען, און אויפֿזעער, לויט אײַערע שבטים. 16 און איך
האָב באַפֿוילן אײַערע ריכטער אין יענער צײַט, אַזוי צו זאָגן:
הערט אויס צווישן אײַערע ברידער, און איר זאָלט משפּטן
גערעכט צווישן איטלאַכן און צווישן זײַן ברודער, אָדער דעם
פֿרעמדן וואָס בײַ אים. 17 איר זאָלט ניט דערקענען קיין פּנים
אין אַ משפּט; דעם קלענסטן אַזוי ווי דעם גרעסטן זאָלט איר
אויסהערן; איר זאָלט זיך ניט שרעקן פֿאַר אַ מענטשן, וואָרום
דער משפּט איז גאָטס. און די זאַך וואָס וועט זײַן צו שווער פֿאַר
אײַך, זאָלט איר ברענגען צו מיר, און איך וועל זי אויסהערן.
18 און איך האָב אײַך באַפֿוילן אין יענער צײַט אַלע זאַכן וואָס
איר זאָלט טאָן.

19 און מיר האָבן אַוועקגעצויגן פֿון חורבֿ, און זײַנען דורכ־
געגאַנגען אין גאַנצן יענעם גרויסן און מוראדיקן מדבר וואָס
איר האָט געזען, אויפֿן וועג צו דעם געבערג פֿון אֶמוֹרי, אַזוי ווי
גאָט אונדזער האַר האָט אונדז באַפֿוילן; און מיר זײַנען געקומען

ביז קָדֵש־בַּרנֵעַ. [20]און איך האָב צו אײַך געזאָגט: איר זײַט
געקומען ביז דעם געבערג פון אֶמוֹרי, וואָס גאָט אונדזער האַר
גיט אונדז; [21]זע, גאָט דײַן האַר האָט איבערגעגעבן דאָס לאַנד
צו דיר, גײ אַרויף און אַרב עס, אַזוי ווי גאָט דער האַר פון
דײַנע עלטערן האָט דיר צוגעזאָגט; זאָלסט ניט מורא האָבן און
ניט אַנגסטן. [22]האָט איר אַלע גענענט צו מיר, און האָט געזאָגט:
לאָמיר שיקן מענטשן אונדז פאַרויס, און זײ זאָלן אויספאָרשן
פאַר אונדז דאָס לאַנד, און אונדז ברענגען אַן ענטפער וועגן דעם
וועג וואָס מיר זאָלן אויף אים גײן, און די שטעט וואָס מיר זאָלן
אין זײ קומען. [23]און די זאַך איז וווילגעפעלן אין מײַנע אויגן,
און איך האָב גענומען פון אײַך צוועלף מאַן, צו אײן מאַן
פאַר אַ שבט. [24]און זײ האָבן זיך פאַרקערט און זײַנען אַרויפֿ־
געגאַנגען אין דעם געבערג, און זײַנען געקומען ביזן טאָל אֶשכּול,
און האָבן עס אויסגעקוקט. [25]און זײ האָבן גענומען אין זײער
האַנט פון דער פּרוכט פון לאַנד, און אַראָפּגעבראַכט צו אונדז;
און זײ האָבן אונדז געבראַכט אַן ענטפער און געזאָגט: גוט איז
דאָס לאַנד וואָס גאָט אונדזער האַר גיט אונדז. [26]אָבער איר האָט
ניט געוואָלט אַרויפגײן, און האָט ווידערשפּעניקט דעם מויל
פון גאָט אײַער האַר. [27]און איר האָט געמורמלט אין אײַערע
געצעלטן, און האָט געזאָגט: ווײַל גאָט האָט אונדז פײַנט, האָט ער
אונדז אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, אונדז צו געבן אין דער
האַנט פון אֶמוֹרי, כּדי אונדז צו פאַרטיליקן. [28]וווּהין גײען מיר
אַרויף? אונדזערע ברידער האָבן געמאַכט צעגײן אונדזער האַרץ,
אַזוי צו זאָגן: דאָס פאָלק איז גרעסער און העכער פון אונדז, די
שטעט גרויסע און באַפעסטיקטע ביז אין הימל; און אויך זין פון
די עֲנָקים האָבן מיר דאָרטן געזען. [29]און איך האָב צו אײַך
געזאָגט: איר זאָלט אײַך ניט שרעקן און ניט מורא האָבן פאַר זײ.
[30]גאָט אײַער האַר וואָס גײט אײַך פאַרויס, ער וועט מלחמה

האַלטן פאַר אײַך, אַזוי ווי אַלץ וואָס ער האָט געטאָן מיט אײַך
אין מִצרַיִם פאַר אײַערע אויגן, [31]און אין דער מדבר, וווּ דו
האָסט געזען, אַז גאָט דײַן האַר האָט דיך געטראָגן, אַזוי ווי אַ
מאַן טראָגט זײַן קינד, דעם גאַנצן וועג וואָס איר זײַט געגאַנגען,
ביז איר זײַט געקומען צו דעמדאָזיקן אָרט. [32]און אין דער־
דאָזיקער זאַך גלויבט איר ניט גאָט אײַער האַר, [33]וואָס איז אײַך
געגאַנגען פאַרויס אויפן וועג, אײַך אויסצוזוכן אַן אָרט פאַר
אײַך צום לאַגערן: אין פײַער בײַ נאַכט, כּדי אײַך צו ווײַזן דעם
וועג וואָס איר זאָלט אויף אים גיין, און אין וואָלקן בײַ טאָג.
[34]און גאָט האָט געהערט דעם קָול פון אײַערע ווערטער,
און ער האָט געצערנט, און האָט געשוואָרן, אַזוי צו זאָגן: [35]אויב
עמיצער פון די דאָזיקע לײַט, פון דעמדאָזיקן שלעכטן דָור,
וועט אָנזען דאָס גוטע לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו געבן
אײַערע עלטערן! [36]אַחוץ כָּלֵב דער זון פון יפֻנֶּהן; ער וועט
עס זען, און צו אים וועל איך געבן דאָס לאַנד וואָס ער האָט
געטרעטן דערויף, און צו זײַנע קינדער; ווײַל ער איז געגאַנגען
געטרײַ נאָך גאָט. [37]אויך אויף מיר האָט גאָט געצערנט איבער
אײַך, אַזוי צו זאָגן: דו אויך וועסט אַהין ניט קומען; [38]יהושוע
דער זון פון נון, וואָס שטייט פאַר דיר, ער וועט אַהין קומען;
אים שטאַרק, וואָרום ער וועט עס מאַכן אַרבן ישׂראל. [39]און
אײַערע קלײנע קינדער, וואָס איר האָט געזאָגט, זיי וועלן זײַן
צו רויב, און אײַערע זין, וואָס פאַרשטייען נאָך הײַנט ניט גוטס
אָדער שלעכטס, זיי וועלן אַהין קומען, און צו זיי וועל איך עס
געבן, און זיי וועלן עס אַרבן. [40]און איר פאַרקערט אײַך, און
ציט צום מדבר, אויפן וועג פון ים־סוף.
[41]האָט איר זיך אָפּגערופן, און האָט צו מיר געזאָגט: מיר
האָבן געזינדיקט צו גאָט; מיר וועלן אַרויפגיין, און וועלן מלחמה
האַלטן, אַזוי ווי אַלץ וואָס גאָט אונדזער האַר האָט אונדז באַפוילן.

און איר האָט אָנגעגורט איטלאָכער זיינע כּלי־מלחמה, און
געהאַלטן פאַר גרינג אַרויפצוגיין אין דעם געבערג. [42]און גאָט
האָט צו מיר געזאָגט: זאָג צו זיי: איר זאָלט ניט אַרויפגיין, און
איר זאָלט ניט מלחמה האַלטן, וואָרום איך בין ניט צווישן אייך;
כּדי איר זאָלט ניט געשלאָגן ווערן פאַר אייערע פיינט. [43]און
איך האָב צו אייך גערעדט, אָבער איר האָט ניט צוגעהערט,
און איר האָט ווידערשפּעניקט דעם מויל פון גאָט, און איר האָט
געמוטוויליקט, און זייט אַרויפגעגאַנגען אין דעם געבערג. [44]איז
אַרויסגעגאַנגען אַקעגן אייך דער אֶמוֹרי וואָס איז געזעסן אין
יענעם געבערג, און זיי האָבן אייך נאָכגעיאָגט אַזוי ווי די בינען
טוען, און אייך צעקלאַפּט אין שֵׂעִיר, ביז חָרְמָה. [45]און איר
האָט זיך אומגעקערט, און איר האָט געוויינט פאַר גאָט, אָבער
גאָט האָט ניט צוגעהערט צו אייער קָול, און ניט געניייגט דאָס
אויער צו אייך. [46]און איר זייט געבליבן אין קָדֵש פיל טעג,
לויט די טעג וואָס איר זייט געבליבן.

ב [1]און מיר האָבן זיך פאַרקערט, און האָבן געצויגן צום
מדבּר, אויפן וועג פון יַם־סוף, אַזוי ווי גאָט האָט צו מיר
גערעדט; און מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום באַרג שֵׂעִיר
פיל טעג.

[2]און גאָט האָט צו מיר געזאָגט, אַזוי צו זאָגן: [3]גענוג אייך
אַרומגיין דעמדאָזיקן באַרג; פאַרקערט אייך קיין צפון. [4]און
דעם פאָלק באַפעל, אַזוי צו זאָגן: איר גייט־דורך דורך דעם
געמאַרק פון אייערע ברידער, די קינדער פון עֵשָׂו, וואָס זיצן
אין שֵׂעִיר, און זיי וועלן מוֹרא האָבן פאַר אייך; זאָלט איר זיין
זייער אָפּגעהיט. [5]איר זאָלט זיך ניט אָנהייבן מיט זיי, וואָרום
ניט צומאָל אַ שפּאַן פון אַ פוסטריט וועל איך אייך געבן פון
זייער לאַנד, ווייל אַ ירושה צו עֵשָׂו האָב איך געגעבן דעם

באַרג שֵׂעִיר. [6]עסנוואַרג זאָלט איר פון זיי פאַר געלט אײַנ
האַנדלען און עסן, און אַפילו וואַסער זאָלט איר פון זיי
פאַר געלט קויפן און טרינקען. [7]וואָרום גאָט דײַן האַר
האָט דיך געבענטשט אין יעטוועדער טוּאוּנג פון דײַן האַנט; ער
האָט געוווּסט דײַן גיין דורך דעמדאָזיקן גרויסן מדבר; שוין
פערציק יאָר איז גאָט דײַן האַר מיט דיר; קיין זאַך האָט דיר
ניט געפעלט. [8]און מיר זײַנען אַוועקגעגאַנגען פון אונדזערע
ברידער, די קינדער פון עֵשָׂו וואָס זיצן אין שֵׂעִיר, פון דעם וועג
פון פּלוין, פון אֵילַת, און פון עֶצְיוֹן־גֶבֶר.

און מיר האָבן זיך פאַרקערט און זײַנען אַוועקגעגאַנגען
אויף דעם וועג פון דעם מדבר פון מוֹאָב. [9]און גאָט האָט צו
מיר געזאָגט: זאָלסט ניט פײַנטן מוֹאָב, און ניט פאַרפירן מיט
זיי אַ מלחמה, וואָרום איך וועל דיר פון זײַן לאַנד ניט געבן קיין
אַרב, ווײַל צו די קינדער פון לוֹט האָב איך געגעבן עָר אַ
ירושה.—[10]פריִער זײַנען דאָרטן געזעסן די אֵימִים, אַ פאָלק
גרויס און פיל, און הויך ווי די עֲנָקִים; [11]זיי אויך זײַנען גערעכנט
געוואָרן פאַר רְפָאִים, אַזוי ווי די עֲנָקִים, אָבער די מוֹאָבים האָבן
זיי גערופן אֵימִים. [12]און אין שֵׂעִיר זײַנען פריִער געזעסן די
חוֹרים, אָבער די קינדער פון עֵשָׂו האָבן זיי פאַרטריבן, און זיי
פאַרטיליגט פון פאַר זיך, און זיך באַזעצט אויף זייער אָרט,
אַזוי ווי ישׂראל האָט געטאָן צום לאַנד פון זײַן אַרב, וואָס גאָט
האָט זיי געגעבן.—[13]אַצונד שטייט אויף, און גייט אַריבער
דעם טײַך זֶרֶד.

און מיר זײַנען אַריבערגעגאַנגען דעם טײַך זֶרֶד. [14]און די
טעג וואָס מיר זײַנען געגאַנגען פון קָדֵש־בַּרְנֵעַ ביז וואַנען מיר
זײַנען אַריבער דעם טײַך זֶרֶד, זײַנען געווען אַכט און דרײַסיק
יאָר; ביז דער גאַנצער דוֹר, די קריגסלײַט, זײַנען פאַרלענדט
געוואָרן פון צווישן דעם לאַגער, אַזוי ווי גאָט האָט זיי געשוואָרן.

[15]און אויך איז די האַנט פֿון גאָט געווען אויף זיי, זיי אומ־
צוברענגען פֿון צווישן דעם לאַגער, ביז זיי זיינען פֿאַרלענדט
געוואָרן.
[16]און עס איז געווען, אַז אַלע קריגסלייט זיינען אין גאַנצן
אויסגעשטאָרבן פֿון צווישן דעם פֿאָלק, [17]האָט גאָט גערעדט צו
מיר, אַזוי צו זאָגן: [18]דו גייסט היינט אַריבער דעם געמאַרק פֿון
מוֹאָב, עָר, [19]און וועסט גענענען אַקעגן די קינדער פֿון עַמוֹן, זאָלסט
זיי ניט פֿיינטן, און זיך מיט זיי ניט אָנהייבן, וואָרום איך וועל
דיר פֿון דעם לאַנד פֿון די קינדער פֿון עַמוֹן ניט געבן קיין אַרב,
ווייל צו די קינדער פֿון לוט האָב איך עס געגעבן אַ ירושה.—
[20]דאָס אויך ווערט גערעכנט פֿאַרן לאַנד פֿון די רפָאִים; די
רפָאִים זיינען דרינען געזעסן פֿריער, און די עַמוֹנים האָבן זיי
גערופֿן זַמזוּמים; [21]אַ פֿאָלק גרויס און פֿיל, און הויך ווי די
עֲנָקים; אָבער גאָט האָט זיי פֿאַרטיליגט פֿון פֿאַר זיי, און זיי
האָבן זיי פֿאַרטריבן, און זיך באַזעצט אויף זייער אָרט; [22]אַזוי
ווי ער האָט געטאָן פֿאַר די קינדער פֿון עֵשָׂו וואָס זיצן אין שֵׂעִיר,
וואָס ער האָט פֿאַרטיליגט די חוֹרים פֿון פֿאַר זיי, און זיי האָבן זיי
פֿאַרטריבן, און זיך באַזעצט אויף זייער אָרט ביז אויף היינטיקן
טאָג. [23]און די עַוִים וואָס זיינען געזעסן אין דערפֿער ביז עַזָה, זיי,
האָבן די כַּפתּוֹרים וואָס קומען אַרויס פֿון כַּפתּוֹר, פֿאַרטיליגט,
און זיך באַזעצט אויף זייער אָרט.—[24]שטייט אויף, ציט אַוועק,
און גייט אַריבער דעם טאָל אַרנוֹן. זע, איך האָב געגעבן אין
דיין האַנט סיחוֹן דעם אֶמוֹרי, דעם מלך פֿון חֶשבּוֹן, און זיין
לאַנד; הייב אָן אַיינצונעמען, און פֿאַרפֿיר מיט אים אַ מלחמה.
[25]היינטיקן טאָג וועל איך אָנהייבן וואַרפֿן דיין שרעק און דיין
מוֹרא אויף די פֿעלקער אונטערן גאַנצן הימל, אַז ווען זיי וועלן
הערן דיין הערונג, וועלן זיי ציטערן און פֿלאַטערן פֿאַר דיר.
[26]און איך האָב געשיקט שלוחים פֿון מדבר קדֵמוֹת צו סיחוֹן
דעם מלך פֿון חֶשבּוֹן—ווערטער פֿון שלום, אַזוי צו זאָגן: [27]לאָמיך

דורכגיין דורך דײַן לאַנד; אויפן וועג, אויפן וועג וועל איך גיין;
איך וועל זיך ניט אָפּקערן רעכטס אָדער לינקס. [28]עסנוואַרג
וועסטו מיר פאַר געלט פאַרקויפן, און איך וועל עסן, און
וואַסער וועסטו מיר פאַר געלט געבן, און איך וועל טרינקען;
לאָמיך בלויז דורכגיין אויף מײַנע פיס; [29]אַזוי ווי עס האָבן
מיט מיר געטאָן די קינדער פון עֵשָׂו וואָס זיצן אין שֵׂעִיר, און די
מוֹאָבים וואָס זיצן אין עָר; ביז וואַנען איך וועל אַריבערגיין דעם
יַרדן צו דעם לאַנד וואָס גאָט אונדזער האַר גיט אונדז. [30]אָבער
סיחוֹן דער מלך פון חֶשבּוֹן האָט אונדז ניט געוואָלט דורכלאָזן
דורך אים, וואָרום גאָט דײַן האַר האָט האַרט געמאַכט זײַן
געמיט, און פעסט געמאַכט זײַן האַרץ, כּדי אים צו געבן אין
דײַן האַנט, אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג.

[31]און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: זע, איך האָב אָנגעהויבן
איבערגעבן צו דיר סיחוֹנען און זײַן לאַנד; הייב אָן אײַנצונעמען
כּדי צו אַרבן זײַן לאַנד. [32]איז סיחוֹן אַרויסגעגאַנגען אַקעגן
אונדז, ער מיט זײַן גאַנצן פאָלק, אויף מלחמה קיין יַהַץ. [33]און גאָט
אונדזער האַר האָט אים איבערגעגעבן צו אונדז, און מיר האָבן
געשלאָגן אים, און זײַנע זין, און זײַן גאַנץ פאָלק. [34]און מיר
האָבן אין יענער צײַט באַצוווּנגען זײַנע שטעט, און פאַרוויסט
איטלאַכע שטאָט, מענער און ווײַבער און קליינע קינדער; מיר
האָבן ניט געלאָזט אָן איבערבלײַב. [35]נאָר די בהמות האָבן
מיר גערויבט פאַר זיך, און דעם זאַקרויב פון די שטעט וואָס
מיר האָבן באַצוווּנגען. [36]פון עֲרוֹעֵר וואָס בײַם ברעג טאָל
אַרנוֹן, און דער שטאָט וואָס אין טאָל, און ביז גִלעָד, איז ניט
געווען אַ שטאָט וואָס איז געווען שטאַרקער פון אונדז; אַלץ האָט
גאָט אונדזער האַר איבערגעגעבן צו אונדז. [37]נאָר צו דעם לאַנד
פון די קינדער פון עַמוֹן האָסטו ניט גענענט: צו דעם גאַנצן ברעג
פון טײַך יַבּוֹק, און די שטעט פון באַרג, און אומעטום וווּ גאָט
אונדזער האַר האָט פאַרווערט.

ג [1]און מיר האָבן זיך פאַרקערט, און זיינען אַרויפגעגאַנגען
מיטן וועג פון בָשָׁן; און עוֹג דער מלך פון בָשָׁן איז אַרויס־
געגאַנגען אַקעגן אונדז, ער מיט זיין גאַנצן פאָלק, אויף מלחמה
קיין אֶדרֶעִי. [2]און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: זאָלסט ניט מוֹרא
האָבן פאַר אים, וואָרום איך האָב אים, מיט זיין גאַנצן פאָלק
און זיין לאַנד, געגעבן אין דיין האַנט, און וועסט טאָן צו אים
אַזוי ווי דו האָסט געטאָן צו סיחוֹן דעם מלך פון אֶמוֹרי, וואָס
איז געזעסן אין חֶשבּוֹן. [3]און גאָט אונדזער האַר האָט אויך
געגעבן אין אונדזער האַנט עוֹג דעם מלך פון בָשָׁן, מיט זיין גאַנצן
פאָלק, און מיר האָבן אים געשלאָגן ביז אים ניט צו לאָזן אַן
איבערבלייב. [4]און מיר האָבן באַצוווּנגען אין יענער צייט אַלע
זיינע שטעט; ניט געווען אַ שטאָט וואָס מיר האָבן ניט צוגענומען
פון זיי; זעכציק שטעט, די גאַנצע געגנט פון אַרגוֹב, דאָס
קיניגרייך פון עוֹג אין בָשָׁן. [5]אַלע דידאָזיקע זיינען געווען
באַפעסטיקטע שטעט מיט הויכע מויערן, מיט טויערן און
ריגלען, אַחוץ אָפענע שטעט זייער פיל. [6]און מיר האָבן זיי
פאַרוויסט, אַזוי ווי מיר האָבן געטאָן צו סיחוֹן דעם מלך פון
חֶשבּוֹן—פאַרוויסט איטלאַכע שטאָט, מענער, ווייבער, און
קליינע קינדער. [7]נאָר אַלע בהמות, און דעם זאַקרויב פון די
שטעט, האָבן מיר גערויבט פאַר זיך.

[8]און מיר האָבן אַוועקגענומען אין יענער צייט דאָס לאַנד
פון דער האַנט פון די צוויי מלכים פון אֶמוֹרי וואָס אויף דעֶר
זייט יַרדן, פון טאָל אַרנוֹן ביז באַרג חֶרמוֹן—[9]די צידוֹנים רופן
דעם חֶרמוֹן, שִׂריוֹן, און די אֶמוֹרים רופן אים שְׂניר—[10]אַלע שטעט
פון דעם פלאַכלאַנד, און גאַנץ גִלעָד, און גאַנץ בָשָׁן, ביז סַלכָה
און אֶדרֶעִי, שטעט פון עוֹגס קיניגרייך אין בָשָׁן. [11]וואָרום נאָר
עוֹג דער מלך פון בָשָׁן איז געבליבן פון דעם רעשט פון די
רְפָאִים; אָט זיין בעט, אַן אייזערן בעט, איז דאָך אין רַבָּה פון

די קינדער פון עַמון. ניין איילן איז איר לענג, און פיר איילן
איר ברייט, אויף דער אייל פון אַ מאַן.
[12]און דאָסדאָזיקע לאַנד האָבן מיר געאַרבט אין יענער
צייט. פון עֲרוֹעֵר וואָס ביים טאָל אַרנוֹן, און אַ העלפט פון
דעם געבערג פון גִלעָד, מיט אירע שטעט, האָב איך געגעבן
צו די ראוּבֵנים און צו די גָדים. [13]און דעם רעשט פון גִלעָד,
און גאַנץ בָשָן, דאָס קיניגרייך פון עוֹג, האָב איך געגעבן צום
האַלבן שבט מנשה; די גאַנצע געגנט פון אַרגוֹב—יענער גאַנצער
בָשָן ווערט גערופן דאָס לאַנד פון די רפָאִים. [14]יָאִיר דער זון
פון מנשה האָט גענומען די גאַנצע געגנט פון אַרגוֹב ביז דעם
געמאַרק פון דעם גשוּרי, און דעם מַעֲכָתִי, און האָט זיי—בָשָן—
גערופן אויף זיין נאָמען חַוּוֹת־יָאִיר[א], ווי ביז אויף היינטיקן
טאָג. [15]און צו מָכִירן האָב איך געגעבן גִלעָד. [16]און צו די
ראוּבֵנים און צו די גָדים האָב איך געגעבן פון גִלעָד און ביזן
טאָל אַרנוֹן, דעם מיטן טאָל און דעם ברעג, און ביזן טייך יַבּוֹק,
דעם געמאַרק פון די קינדער פון עַמון; [17]און דעם פלוין מיטן
יַרדן און דעם ברעג, פון כִּנֶרֶת און ביז דעם ים פון פלוין, דעם
יַם־הַמֶלַח, אונטער די אַראָפּגאַנגען פון פִּסגָה, צו מזרח.
[18]און איך האָב אײַך באַפוילן אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:
גאָט אײַער האַר האָט אײַך געגעבן דאָסדאָזיקע לאַנד עס צו
אַרבן; זאָלט איר, אַלע העלדישע יונגען, אַריבערגיין געוואָפנט
פאַרויס פאַר אײַערע ברידער, די קינדער פון ישׂראל.
[19]בלויז אײַערע ווייבער און אײַערע קליינע קינדער און אײַער
פי—איך ווייס, אַז איר האָט פיל פי—זאָלן בלייבן אין אײַערע
שטעט, וואָס איך האָב אײַך געגעבן; [20]ביז וואַנען גאָט וועט
באַרוּען אײַערע ברידער אַזוי ווי אײַך, און זיי אויך וועלן אַרבן
דאָס לאַנד וואָס גאָט אײַער האַר גיט זיי אויף יענער זייט יַרדן;
דענסמאָל וועט איר זיך אומקערן איטלאַכער צו זיין אַרב, וואָס

[א] יָאִירס דערפער.

איך האָב אײַך געגעבן. [21]און יהוֹשוּען האָב איך באַפוילן אין
יענער צייט, אַזוי צו זאָגן: דײַנע אויגן האָבן געזען אַלץ וואָס גאָט
דײַן האַר האָט געטאָן צו די דאָזיקע צוויי מלכים; אַזוי וועט גאָט
טאָן צו אַלע קיניגרײַכן וואָס דו גייסט אַהין אַריבער. [22]איר
זאָלט ניט מוֹרא האָבן פאַר זיי, וואָרום גאָט אײַער האַר איז דער
וואָס האַלט מלחמה פאַר אײַך.

## וָאֶתְחַנַּן

[23]און איך האָב געבעטן צו גאָט אין יענער צייט, אַזוי צו
זאָגן: [24]גאָט דו האַר, דו האָסט אָנגעהויבן ווײַזן דײַן קנעכט דײַן
גרויסקייט און דײַן שטאַרקע האַנט; וואָרום ווער איז דער גאָט
אין הימל אָדער אויף דער ערד וואָס זאָל טאָן אַזוי ווי דײַנע
טואונגען און אַזוי ווי דײַנע גבורות? [25]לאָמיך אַריבערגיין, איך
בעט דיך, און לאָמיך זען דאָס גוטע לאַנד וואָס אויף יענער זײַט
יַרדן, דאָסדאָזיקע שיינע געבערג, און דעם לבָנוֹן. [26]אָבער
גאָט האָט געצערנט אויף מיר פון וועגן אײַך, און האָט ניט
צוגעהערט צו מיר; און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: גענוג דיר!
זאָלסט מער ניט רעדן צו מיר וועגן דערדאָזיקער זאַך. [27]גיי
אַרויף צום שפּיץ פּסגָה, און הייב אויף דײַנע אויגן צו מערב,
און צו צפון, און צו דָרום, און צו מזרח, און קוק אָן מיט דײַנע
אויגן, וואָרום וועסט ניט אַריבערגיין דעמדאָזיקן יַרדן. [28]און
גיב איבער דײַן צַוָאָה צו יהוֹשוּען, און שטאַרק אים, און פעסטיק
אים, וואָרום ער וועט אַריבערגיין פאַרויס פאַר דעמדאָזיקן
פאָלק, און ער וועט זיי מאַכן אַרבן דאָס לאַנד וואָס דו
וועסט זען.

[29]און מיר זײַנען געבליבן אין טאָל אַקעגן בֵּית־פְּעוֹר.

ד [1]און אַצונד, ישׂראל, הער צו די חוקים און די געזעצן וואָס
איך לערן דיך צו טאָן, כּדי איר זאָלט לעבן, און קומען

און אַרבן דאָס לאַנד וואָס גאָט דער האַר פון אַייערע עלטערן גיט אַייך. [2]איר זאָלט ניט צולייגן צו דעם וואָרט וואָס איך געביט אַייך, און איר זאָלט ניט מינערן דערפון, כּדי צו היטן די געבאָט פון גאָט אַייער האַר, וואָס איך געביט אַייך. [3]אַייערע אויגן האָבן געזען וואָס גאָט האָט געטאָן אין בּעַל־פְּעור, אַז יעטוועדער מאַן וואָס איז געגאַנגען נאָך דעם בּעַל פון פְּעור, האָט אים גאָט דיין האַר פאַרטיליגט פון צווישן דיר. [4]און איר, וואָס זייט באַהעפט אָן יהוה אַייער גאָט, לעבט היינט אַלע. [5]זע, איך האָב אַייך געלערנט חוקים און געזעצן, אַזוי ווי גאָט מיין האַר האָט מיר באַפוילן, אויף צו טאָן אַזוי אין דעם לאַנד וואָס איר קומט אַהין, עס צו אַרבן. [6]זאָלט איר זיי היטן און טאָן, וואָרום דאָס איז אַייער קלוגשאַפט און אַייער פאַר־שטאַנדיקייט אין די אויגן פון די אומות, וואָס אַז זיי וועלן הערן אַלע דידאָזיקע געזעצן, וועלן זיי זאָגן: פאַרוואָר, אַ קלוגע און פאַרשטאַנדיקע אומה איז דאָסדאָזיקע גרויסע פאָלק. [7]וואָרום וואָסער גרויס פאָלק איז פאַראַן, וואָס האָט אַ גאָט נאָענט צו אים אַזוי ווי יהוה אונדזער גאָט, ווען נאָר מיר רופן צו אים? [8]און וואָסער גרויס פאָלק איז פאַראַן, וואָס האָט חוקים און געזעצן גערעכטע אַזוי ווי דידאָזיקע גאַנצע תּורה, וואָס איך לייג פאַר אַייך היינטיקן טאָג? [9]נאָר זיי דיר אָפּגעהיט און היט זייער דיין זעל, זאָלסט ניט פאַרגעסן די זאַכן וואָס דיינע אויגן האָבן געזען, און זיי זאָלן ניט אָפּגעטאָן ווערן פון דיין האַרצן אַלע טעג פון דיין לעבן, און זאָלסט זיי מאַכן וויסן דיינע קינדער און דיינע קינדסקינדער; [10]דעם טאָג וואָס דו ביסט געשטאַנען פאַר גאָט דיין האַר אין חורֵב, ווען גאָט האָט צו מיר געזאָגט: זאַמל אַיין צו מיר דאָס פאָלק, און איך וועל זיי לאָזן הערן מיינע ווערטער, כּדי זיי זאָלן לערנען מורא צו האָבן פאַר מיר אַלע טעג וואָס זיי לעבן אויף דער ערד, און אויף זייערע קינדער

זאָלן זיי לערנען. 11און איר האָט גענענט, און האָט זיך געשטעלט
אונטערן באַרג, און דער באַרג האָט געברענט מיט פייער ביזן
האַרצן פון הימל, מיט פינצטערניש, וואָלקן, און נעבל. 12און
גאָט האָט צו אײַך גערעדט פון מיטן פייער; אַ קָול פון
ווערטער האָט איר געהערט, אָבער אַ געשטאַלט האָט איר ניט
געזען; בלויז אַ קָול. 13און ער האָט אײַך אָנגעזאָגט זײַן בונד וואָס
ער האָט אײַך באַפוילן צו טאָן—די צען געבאָט; און ער האָט
זיי אויפגעשריבן אויף צוויי שטיינערנע לוחות. 14און מיר האָט
גאָט באַפוילן אין יענער צײַט אײַך צו לערנען חוקים און
געזעצן, כּדי איר זאָלט זיי טאָן אין דעם לאַנד וואָס איר גייט
אַריבער אַהין, עס צו אַרבן. 15דרום זאָלט איר זייער היטן אײַער
זעל—וואָרום איר האָט ניט געזען קיין געשטאַלט אין דעם טאָג
וואָס גאָט האָט גערעדט צו אײַך אין חורֵב פון מיטן פייער—
16אַז איר זאָלט ניט פאַרדאָרבן ווערן און אײַך מאַכן אַ געשניץ,
די גלײַכעניש פון אַ שום בילד, די געשטאַלט פון אַ זָכר אָדער
אַ נקבה, 17די געשטאַלט פון אַ שום בהמה וואָס אויף דער ערד,
די געשטאַלט פון אַ שום געפליגלטן פויגל וואָס פליט אין הימל,
18די געשטאַלט פון וואָס נאָר עס קריכט אויף דער ערד, די
געשטאַלט פון אַ שום פיש וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד.
19און אַז דו וועסט אויפהייבן דײַנע אויגן צום הימל, און זען די
זון און די לבנה און די שטערן, דעם גאַנצן חיל פון הימל,
זאָלסטו ניט אַראָפּגעפירט ווערן, און זיך בוקן צו זיי, און דינען
זיי, וואָס גאָט דײַן האַר האָט זיי צוגעטיילט צו אַלע פעלקער
אונטערן גאַנצן הימל. 20אָבער אײַך האָט גאָט גענומען, און אײַך
אַרויסגעצויגן פון דעם אײַזנשמעלצאויוון, פון מִצרַיִם, אים
צו זײַן פאַר אַן אַרבפאָלק, אַזוי ווי היינטיקן טאָג. 21און גאָט
האָט געצערנט אויף מיר פון אײַערטוועגן, און ער האָט
געשוואָרן אַז איך זאָל ניט אַריבערגיין דעם ירדן, און ניט קומען

אין דעם גוטן לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה.
[22]וואָרום איך שטאַרב אין דעם היגן לאַנד; איך גיי ניט אַריבער
דעם יַרדן, אָבער איר וועט אַריבערגיין, און וועט אַרבן דאָס־
דאָזיקע גוטע לאַנד. [23]היט אייַך, איר זאָלט ניט פאַרגעסן דעם
בונד פון גאָט אייַער האַר, וואָס ער האָט געשלאָסן מיט אייַך,
און אייַך מאַכן אַ געשניץ, די געשטאַלט פון וואָס עס איז, וואָס
גאָט דיין האַר האָט דיר פאַרווערט. [24]וואָרום יהוה דיין גאָט
איז אַ פייער וואָס פאַרצערט, אַ צערנדיקער גאָט.
[25]אַז דו וועסט געבערן קינדער און קינדסקינדער, און איר
וועט זיך עלטערן אין לאַנד, און איר וועט פאַרדאָרבן ווערן,
און וועט מאַכן אַ געשניץ, אַ געשטאַלט פון וואָס עס איז, און
איר וועט טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט דיין האַר,
אים צו דערצערענען, [26]מאַך איך הייַנט הימל און ערד עדות
קעגן אייַך, אַז אונטערגיין וועט איר גיך אונטערגיין פון דעם
לאַנד וואָס איר גייט אַריבער דעם יַרדן אַהין, עס צו אַרבן; איר
וועט ניט מַאֲריך־יָמים זיין דרינען, נייערט פאַרטיליגט וועט איר
פאַרטיליגט ווערן. [27]און גאָט וועט אייַך צעשפּרייטן צווישן די
אומות, און איר וועט בלייַבן געציילטע מענטשן צווישן די
פעלקער, וואָס גאָט וועט אייַך אַהין אַוועקפירן. [28]און איר וועט
דאָרטן דינען געטער געמאַכט פון אַ מענטשנס הענט, האָלץ
און שטיין, וואָס ניט זיי זעען, און ניט זיי הערן, און ניט זיי עסן,
און ניט זיי שמעקן. [29]און איר וועט זוכן פון דאָרטן יהוה
אייַער גאָט; און וועסט אים געפינען, אַז דו וועסט אים זוכן מיט
דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער זעל. [30]אַז דיך וועט
צודריקן, און דיך וועלן טרעפן אַלע דידאָזיקע זאַכן, אין סוף
פון די טעג, וועסטו זיך אומקערן צו יהוה דיין גאָט, און
וועסט צוהערן צו זיין קָול. [31]וואָרום יהוה דיין גאָט איז אַ
דערבאַרימדיקער גאָט; ער וועט דיך ניט פאַרלאָזן און דיך ניט

אומברענגען, און ער וועט ניט פֿאַרגעסן דעם בונד מיט דיינע עלטערן, וואָס ער האָט זיי געשוואָרן.

[32]וואָרום פֿרעג אַקאָרשט נאָך אויף די פֿריערדיקע טעג וואָס זיינען געווען פֿאַר דיר, פֿון זינט דעם טאָג וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אַ מענטשן אויף דער ערד, און פֿון עק הימל ביז עק הימל, אויב עס איז ווען געשען אַזוי ווי דידאָזיקע גרויסע זאַך, אָדער אויב אַזוי־וואָס איז געהערט געוואָרן; [33]אויב אַ פֿאָלק האָט געהערט דעם קָול פֿון גאָט רעדן פֿון מיטן פֿייער, אַזוי ווי דו האָסט געהערט, און איז געבליבן לעבן; [34]אָדער אויב אַ גאָט האָט געפּרוווט אַרויסנעמען פֿאַר זיך אַ פֿאָלק פֿון צווישן אַן [אַנדער] פֿאָלק, מיט פּרוּווּנגען, מיט צייכנס, און מיט וווּנדער, און מיט מלחמה, און מיט אַ שטאַרקער האַנט, און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט גרויסע שרעקן, אַזוי ווי אַלץ וואָס יהוה אַייער גאָט האָט געטאָן פֿון אַייערטוועגן אין מִצרַיִם פֿאַר דיינע אויגן. [35]דיר איז עס באַוויזן געוואָרן, כּדי זאָלסט וויסן אַז יהוה, ער איז גאָט; מער חוץ אים איז ניטאָ. [36]פֿון הימל האָט ער דיך געלאָזט הערן זיין קָול, כּדי דיך צו לערנען, און אויף דער ערד האָט ער דיר באַוויזן זיין גרויס פֿייער, און זיינע ווערטער האָסטו געהערט פֿון מיטן פֿייער. [37]און דערפֿאַר וואָס ער האָט ליב געהאַט דיינע עלטערן, האָט ער אויסדערוויילט זייער זאָמען נאָך זיי, און האָט דיך אַרויס־געצויגן מיט זיין אָנגעזיכט, מיט זיין גרויס שטאַרקייט, פֿון מִצרַיִם, [38]צו פֿאַרטרייבן פֿון פֿאַר דיר פֿעלקער גרעסער און מאַכטיקער פֿון דיר, דיך צו ברענגען כּדי דיר צו געבן זייער לאַנד פֿאַר אַ נחלה, אַזוי ווי היינטיקן טאָג. [39]און זאָלסט וויסן היינט, און אַריינעמען אין דיין האַרצן, אַז יהוה, ער איז גאָט אין הימל אויבן, און אויף דער ערד אונטן; מער איז ניטאָ. [40]און זאָלסט היטן זיינע געזעצן און זיינע געבאָט, וואָס איך

געביט דיר הײַנט, כּדי עס זאָל גוט זײַן דיר און דײַנע קינדער נאָך דיר, און כּדי זאָלסט מַאֲרִיך־יָמים זײַן אויף דער ערד וואָס גאָט דײַן האַר גיט דיר, שטענדיק.

[41]דענסמאָל האָט משה אָפּגעשיידט דרײַ שטעט אויף יענער זײַט יַרדן צו זונאויפגאַנג, [42]אויף צו אַנטלויפן אַהין, פאַר דעם טויטשלעגער וואָס הרגעט זײַן חבר אָן אַ כּיוון, און ער איז אים ניט געווען אַ שׂונא פון נעכטן־אייערנעכטן; אַז ווען ער וועט אַנטלויפן אין איינער פון די דאָזיקע שטעט, זאָל ער בלײַבן לעבן: [43]בֶּצֶר אין מדבר, אין דעם פלאַכלאַנד, פאַר די ראוּבֵנים, און ראָמוֹת אין גלעד, פאַר די גָדים, און גוֹלָן אין בָּשָן, פאַר די מנַשים.

[44]און דאָס איז די תּורה וואָס משה האָט געלייגט פאַר די קינדער פון ישׂראל; [45]דאָס זײַנען די אָנזאָגן און די חוקים און די געזעצן וואָס משה האָט גערעדט צו די קינדער פון ישׂראל, ווען זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים; [46]אויף יענער זײַט יַרדן, אין טאָל אַקעגן בֵּית־פְּעוֹר, אין לאַנד פון סיחוֹן דעם מלך פון אֶמוֹרי, וואָס איז געזעסן אין חֶשבּוֹן, דעם וואָס משה און די קינדער פון ישׂראל האָבן געשלאָגן, ווען זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם; [47]און זיי האָבן געאַרבּט זײַן לאַנד, און דאָס לאַנד פון עוֹג דעם מלך פון בָּשָן–די צוויי מלכים פון אֶמוֹרי וואָס אויף יענער זײַט יַרדן צו זונאויפגאַנג; [48]פון עֲרוֹעֵר וואָס בײַם ברעג טאָל אַרנוֹן, און ביזן באַרג שׂיאוֹן–דאָס איז חֶרמוֹן– [49]און דעם גאַנצן פּלוין פון יענער זײַט יַרדן צו מזרח, און ביז דעם ים פון פּלוין, אונטער די אַראָפּגאַנגען פון פִּסגָה.

ה [1]און משה האָט צונויפגערופן גאַנץ ישׂראל, און האָט צו זיי געזאָגט: הער, ישׂראל, די חוקים און די געזעצן וואָס איך רעד הײַנט אין דײַנע אויערן, און איר זאָלט זיי לערנען, און היטן זיי צו טאָן. [2]גאָט אונדזער האַר האָט געשלאָסן אַ בונד

מיט אונדז אין חוֹרֵב. [3]נישט מיט אונדזערע עלטערן האָט גאָט געשלאָסן דעמדאָזיקן בונד, נייערט מיט אונדז, מיר, אָט די וואָס זיינען דאָ היינט אַלע לעבעדיקע. [4]פָּנים אֶל פָּנים האָט גאָט גערעדט מיט אײַך אויפן באַרג, פון מיטן פייער. [5]איך בין געשטאַנען צווישן גאָט און צווישן אײַך אין יענער שעה, אײַך איבערצוגעבן דאָס וואָרט פון גאָט;–וואָרום איר האָט מוֹרא געהאַט פאַרן פייער, און איר זייט נישט אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג–אַזוי צו זאָגן:

[6]איך בין יהוה דיין גאָט, וואָס האָב דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט.

[7]זאָלסט נישט האָבן אַנדערע געטער פאַר מיין פנים. [8]זאָלסט דיר נישט מאַכן אַ געשניץ, אַ שום געשטאַלט, פון וואָס אין הימל אויבן, אָדער וואָס אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד. [9]זאָלסט זיך נישט בוקן צו זיי, און זאָלסט זיי נישט דינען, וואָרום איך יהוה דיין גאָט בין אַ צערנדיקער גאָט, וואָס רעכן זיך פאַר דער זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער, און מיטן דריטן און מיטן פירטן דור פון די וואָס האָבן מיך פיינט, [10]און טו חסד מיטן טויזנטסטן גליד פון די וואָס האָבן מיך ליב, און פון די וואָס היטן מיינע געבאָט.

[11]זאָלסט נישט אַרויפברענגען דעם נאָמען פון יהוה דיין גאָט צום פאַלשן, וואָרום יהוה שענקט נישט דעם וואָס ברענגט אַרויף זיין נאָמען צום פאַלשן.

[12]היט דעם טאָג פון שבת אים צו האַלטן הייליק, אַזוי ווי גאָט דיין האַר האָט דיר באַפוילן. [13]זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן, און טאָן אַלע דיינע מלאָכות; [14]אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו גאָט דיין האַר, זאָלסטו נישט טאָן קיין מלאָכה, דו, און דיין זון, און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט, און דיין דינסט, און דיין אָקס, און דיין אייזל, און אַלע דיינע בהמות,

און דער פרעמדער וואָס אין דיינע טויערן; כּדי דיין קנעכט און דיין דינסט זאָלן רוען אַזוי ווי דו. [15]און זאָלסט געדענקען אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין לאַנד מִצרַיִם, און גאָט דיין האַר האָט דיך אַרויסגעצויגן פון דאָרטן מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם; דרום האָט גאָט דיין האַר דיר באַפוילן צו מאַכן דעם טאָג פון שבת.

[16]האַלט אין כּבוד דיין פאָטער און דיין מוטער, אַזוי ווי גאָט דיין האַר האָט דיר באַפוילן, כּדי דיינע טעג זאָלן זיך לענגערן, און כּדי דיר זאָל גוט זיין, אויף דער ערד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר.

[17]זאָלסט ניט הרגען.
און זאָלסט ניט מזנה זיין.
און זאָלסט ניט גנבען.
און זאָלסט ניט זאָגן אויף דיין חבר פאַלשע עדות.

[18]און זאָלסט ניט גלוסטן דיין חברס ווייב, און זאָלסט ניט באַגערן דיין חברס הויז, זיין פעלד, אָדער זיין קנעכט, אָדער זיין דינסט, זיין אָקס, אָדער זיין אייזל, אָדער וואָס נאָר עס איז דיין חברס.

[19]די דאָזיקע ווערטער האָט גאָט גערעדט צו אײַער גאַנצער אײַנזאַמלונג אויפן באַרג, פון מיטן פייער, וואָלקן, און נעבל, אויף אַ הויכן קול–און ניט מער; און ער האָט זיי אויפגעשריבן אויף צוויי שטיינערנע לוחות, און האָט זיי מיר געגעבן.

[20]און עס איז געווען, ווי איר האָט געהערט דעם קול פון מיטן דער פינצטערניש, און דער באַרג האָט געברענט אין פייער, אַזוי האָט איר גענענט צו מיר, אַלע הויפּטלייט פון אײַערע שבטים, און אײַערע עלטסטע. [21]און איר האָט צו מיר געזאָגט: זע, גאָט אונדזער האַר האָט אונדז באַוויזן זיין פּראַכט און זיין גרויסקייט, און מיר האָבן געהערט זיין קול פון מיטן פייער.

היינטיקן טאָג האָבן מיר געזען, ווי גאָט רעדט מיט אַ מענטשן
און ער בלייבט לעבן. [22]און אַצונד, נאָך וואָס זאָלן מיר
שטאַרבן? וואָרום דאָסדאָזיקע גרויסע פייער וועט אונדז פאַר־
צערן; אויב מיר הערן נאָך ווייטער דעם קול פון גאָט אונדזער
האַר, וועלן מיר שטאַרבן. [23]וואָרום וואָסער גאָר באַשעפעניש
איז דאָ, וואָס האָט געהערט דעם קול פון לעבעדיקן גאָט
רעדן פון מיטן פייער, אַזוי ווי מיר, און איז געבליבן לעבן?
[24]גענען דו, און הער אַלץ וואָס גאָט אונדזער האַר וועט זאָגן, און
דו וועסט רעדן צו אונדז אַלץ וואָס גאָט אונדזער האַר וועט
רעדן צו דיר, און מיר וועלן הערן און טאָן.

[25]און גאָט האָט צוגעהערט דעם קול פון אײַערע ווערטער,
ווען איר האָט גערעדט צו מיר, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:
איך האָב צוגעהערט דעם קול פון די ווערטער פון דעמדאָזיקן
פאָלק, וואָס זיי האָבן צו דיר גערעדט; גוט איז אַלץ וואָס זיי
האָבן גערעדט. [26]הלוואַי זאָל בײַ זיי זײַן דאָסדאָזיקע האַרץ
זייערס אַלע טעג, מורא צו האָבן פאַר מיר, און צו היטן אַלע
מײַנע געבאָט, כּדי עס זאָל גוט זײַן זיי און זייערע קינדער אויף
אייביק. [27]גיי זאָג צו זיי: קערט אײַך אום צו אײַערע געצעלטן.
[28]און דו שטיי דאָ מיט מיר, און איך וועל דיר זאָגן אַלדאָס
געבאָט און די חוקים און די געזעצן וואָס דו זאָלסט זיי לערנען,
אַז זיי זאָלן טאָן אין דעם לאַנד וואָס איך גיב זיי, עס צו אַרבן.
[29]און איר זאָלט היטן צו טאָן אַזוי ווי גאָט אײַער האַר האָט אײַך
באַפוילן, איר זאָלט אײַך ניט אָפּקערן רעכטס אָדער לינקס.
[30]אויף אַלדעם וועג וואָס גאָט אײַער האַר האָט אײַך באַפוילן,
זאָלט איר גיין, כּדי איר זאָלט לעבן, און אײַך זאָל גוט זײַן, און
איר זאָלט מאַריך־ימים זײַן אין דעם לאַנד וואָס איר וועט אַרבן.

ו [1]און דאָס איז דאָס געבאָט, די חוקים, און די געזעצן, וואָס
גאָט אײַער האַר האָט באַפוילן אײַך צו לערנען, אויף צו

טאָן אין דעם לאַנד וואָס איר גייט אַריבער אַהין, עס צו אַרבן;
[2]כדי זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט דיין האַר, צו היטן אַלע
זיינע געזעצן און זיינע געבאָט וואָס איך געביט דיר, דו, און דיין
זון, און דיין זונס זון, אַלע טעג פון דיין לעבן, און כדי דיינע
טעג זאָלן זיך לענגערן. [3]און זאָלסט הערן, ישׂראל, און היטן
צו טאָן, כדי דיר זאָל גוט זיין, און כדי איר זאָלט אַייך מערן
זייער, אַזוי ווי גאָט דער האַר פון דיינע עלטערן האָט דיר
צוגעזאָגט—אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק.
[4]הער, ישׂראל: יהוה אונדזער גאָט, יהוה איז איינער. [5]און
זאָלסט ליב האָבן יהוה דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן, און
מיט דיין גאַנצער זעל, און מיט דיין גאַנצן כוח. [6]און די דאָזיקע
ווערטער וואָס איך באַפעל דיר היינט, זאָלן זיין אין דיין האַרצן;
[7]און זאָלסט זיי אַיינשאַרפן דיינע קינדער, און זאָלסט רעדן
פון זיי ווען דו זיצסט אין דיין הויז, און ווען דו גייסט אין וועג,
און ווען דו לייגסט זיך, און ווען דו שטייסט אויף. [8]און זאָלסט
זיי אָנבינדן פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט, און זיי זאָלן זיין פאַר
אַ שטערנבאַנד צווישן דיינע אויגן. [9]און זאָלסט זיי אויפשרייבן
אויף די ביישטידלאַך פון דיין הויז, און אויף דיינע טויערן.
[10]און עס וועט זיין, אַז גאָט דיין האַר וועט דיך ברענגען
אין דעם לאַנד וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו
אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן, דיר צו געבן—גרויסע און
שיינע שטעט, וואָס דו האָסט ניט געבויט, [11]און הייזער פול מיט
כל־טוב, וואָס דו האָסט ניט אָנגעפילט, און אויסגעהאַקטע
ברונעמער, וואָס דו האָסט ניט אויסגעהאַקט, וויינגערטנער און
איילבערטגערטנער, וואָס דו האָסט ניט געפלאַנצט, און דו
וועסט עסן און זאַט זיין, [12]היט דיך, זאָלסט ניט פאַרגעסן אָן
יהוה, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, פון דעם
הויז פון קנעכטשאַפט. [13]פאַר יהוה דיין גאָט זאָלסטו מורא

האָבן, און אים זאָלסטו דינען, און בײַ זײַן נאָמען זאָלסטו שווערן.
[14]איר זאָלט ניט גיין נאָך פרעמדע געטער, פון די געטער פון
די פעלקער וואָס אַרום אײַך; [15]וואָרום אַ צערנדיקער גאָט
איז יהוה דײַן גאָט צווישן דיר; טאָמער וועט גרימען דער צאָרן
פון יהוה דײַן גאָט אויף דיר, און ער וועט דיך פאַרטיליקן פון
דעם געזיכט פון דער ערד.
[16]איר זאָלט ניט פּרוּוון גאָט אײַער האַר, אַזוי ווי איר האָט
אים געפּרוּווט אין מַסָה. [17]היטן זאָלט איר היטן די געבאָט
פון גאָט אײַער האַר, און זײַנע אָנזאָגן און זײַנע געזעצן, וואָס
ער האָט דיר באַפוילן. [18]און זאָלסט טאָן וואָס איז רעכט־
פאַרטיק און גוט אין די אויגן פון גאָט, כּדי דיר זאָל גוט זײַן,
און זאָלסט קומען און אַרבן דאָס גוטע לאַנד וואָס גאָט האָט
צוגעשוואָרן דײַנע עלטערן, [19]אַרויסשטויסנדיק אַלע דײַנע פײַנט
פון פאַר דיר, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט.
[20]אַז דײַן זון וועט דיך שפּעטער אָהין פרעגן, אַזוי צו זאָגן:
וואָס זײַנען דאָס פאַר אָנזאָגן און חוקים און געזעצן, וואָס גאָט
אונדזער האַר האָט אײַך באַפוילן? [21]זאָלסטו זאָגן צו דײַן זון:
קנעכט זײַנען מיר געווען בײַ פּרעהן אין מִצרַיִם, און גאָט האָט
אונדז אַרויסגעצויגן פון מִצרַיִם מיט אַ שטאַרקער האַנט. [22]און
גאָט האָט געטאָן צייכנס און גרויסע און בייזע וווּנדער אין
מִצרַיִם, אויף פּרעהן און אויף זײַן גאַנצן הויז, פאַר אונדזערע
אויגן. [23]און אונדז האָט ער אַרויסגעצויגן פון דאָרטן, כּדי אונדז
צו ברענגען, אונדז צו געבן דאָס לאַנד וואָס ער האָט צוגעשוואָרן
אונדזערע עלטערן. [24]און גאָט האָט אונדז באַפוילן צו טאָן אַלע
די־דאָזיקע געזעצן, מורא צו האָבן פאַר גאָט אונדזער האַר, כּדי
אונדז זאָל גוט זײַן אַלע טעג, כּדי אונדז צו לאָזן לעבן, אַזוי ווי
הײַנטיקן טאָג. [25]און אַ גערעכטיקייט וועט עס זײַן פון אונדז
פאַר גאָט אונדזער האַר, אויב מיר וועלן היטן צו טאָן אַלדאָס־
דאָזיקע געבאָט, אַזוי ווי ער האָט אונדז געבאָטן.

ז 1 אַז גאָט דײַן האַר װעט דיך ברענגען אין דעם לאַנד װאָס
דו קומסט אַהין, עס צו אַרבן, און װעט אַרױסװאַרפֿן פֿון
פֿאַר דיר פֿיל פֿעלקער, דעם חִתִּי, און דעם גִּרְגָּשִׁי, און דעם
אֱמֹרִי, און דעם כְּנַעֲנִי, און דעם פְּרִזִּי, און דעם חִוִּי, און דעם
יבוסי, זיבן פֿעלקער גרעסערע און שטאַרקערע פֿון דיר; 2 און
גאָט דײַן האַר װעט זײ איבערגעבן צו דיר, און װעסט זײ שלאָגן;
זאָלסטו פֿאַרװיסטן זײ פֿאַרװיסטן. זאָלסט זײ ניט שליסן אַ
בונד, און זאָלסט זײ ניט לײַטזעליקן. 3 און זאָלסט זיך ניט
מתחתן זײַן מיט זײ; דײַן טאָכטער זאָלסטו ניט געבן צו זײַן זון,
און זײַן טאָכטער זאָלסטו ניט נעמען פֿאַר דײַן זון. 4 װאָרום
ער װעט אָפּקערן דײַן זון פֿון הינטער מיר, און זײ װעלן דינען
פֿרעמדע געטער, און דער צאָרן פֿון יהוה װעט גרימען אױף אײַך,
און ער װעט דיך גיך פֿאַרטיליקן. 5 נײַערט אַזױ זאָלט איר טאָן
צו זײ: זײערע מזבחות זאָלט איר אײַנװאַרפֿן, און זײערע זײַל־
שטײנער זאָלט איר צעברעכן, און זײערע געצנבוימער זאָלט
איר אָפּהאַקן, און זײערע געשניצטע בילדער זאָלט איר פֿאַר־
ברענען אין פֿײַער. 6 װאָרום אַ הײליק פֿאָלק ביסטו בײַ גאָט
דײַן האַר; דיך האָט גאָט דײַן האַר אױסדערװײלט אים צו זײַן
פֿאַר אַן אײגן פֿאָלק, פֿון אַלע פֿעלקער װאָס אױפֿן געזיכט
פֿון דער ערד. 7 ניט װײַל איר זײַט מער פֿון אַלע פֿעלקער,
האָט גאָט געגלוסט צו אײַך און אײַך אױסדערװײלט; װאָרום
איר זײַט דאָס װיניקסטע פֿון אַלע פֿעלקער. 8 נײַערט װײַל
גאָט האָט אײַך ליב, און װײַל ער היט די שבועה װאָס ער האָט
געשװאָרן אײַערע עלטערן, האָט אײַך גאָט אַרױסגעצױגן מיט
אַ שטאַרקער האַנט, און האָט דיך אױסגעלײזט פֿון דעם הױז
פֿון קנעכטשאַפֿט, פֿון דער האַנט פֿון פַּרעה דעם מלך פֿון
מִצְרַיִם. 9 דרום זאָלסטו װיסן זײַן אַז יהוה דײַן גאָט, ער איז
גאָט, דער געטרײַער גאָט װאָס היט דעם בונד און די גענאָד

צו די וואָס האָבן אים ליב, און צו די וואָס היטן זיינע געבאָט,
ביז טויזנט דורות, [10]און באַצאָלט זיינע פיינט אין זייער פּנים,
זיי אונטערצוברענגען; ער לייגט ניט אָפּ זיין פיינט, אין זיין פּנים
באַצאָלט ער אים. [11]דרום זאָלסטו היטן דאָס געבאָט און די
חוקים און די געזעצן וואָס איך באַפעל דיר היינט זיי צו טאָן.

# עֵקֶב

[12]און עס וועט זיין, דערפאַר וואָס איר וועט צוהערן די־
דאָזיקע געזעצן, און וועט היטן און זיי טאָן, וועט גאָט דיין האַר
דיר היטן דעם בונד און די גענאָד וואָס ער האָט געשוואָרן
דיינע עלטערן. [13]און ער וועט דיך ליב האָבן, און וועט דיך
בענטשן, און דיך מערן, און ער וועט בענטשן די פרוכט פון
דיין לייב, און די פרוכט פון דיין ערד, דיין תּבואה, און דיין
וויין, און דיין אייל, די געבורט פון דיינע רינדער, און די פרוכ־
פּערונג פון דיינע שאָף, אויף דער ערד וואָס ער האָט געשוואָרן
דיינע עלטערן דיר צו געבן. [14]ווּעסט זיין געבענטשטער פון
אַלע פעלקער; עס וועט ניט זיין אַן עקר אָדער אַן עקרה צווישן
דיר אָדער צווישן דיינע בהמות. [15]און גאָט וועט אָפּטאָן פון
דיר יעטוועדער קראַנקשאַפט, און אַלע בייזע ווייטאָקן פון
מִצְרַיִם וואָס דו קענסט זיי, וועט ער ניט אַרויפטאָן אויף דיר,
נייערט ער וועט זיי געבן אויף אַלע דיינע שׂונאים.
[16]און זאָלסט פאַרצערן אַלע אומות וואָס גאָט דיין האַר
גיט דיר; דיין אויג זאָל זיך ניט דערבאַרימען אויף זיי; און
זאָלסט ניט דינען זייערע געטער, וואָרום דאָס וועט דיר זיין
אַ שטרויכלונג. [17]טאָמער וועסטו זאָגן אין דיין האַרצן: די־
דאָזיקע פעלקער זיינען מער פון מיר, ווי אַזוי וועל איך זיי קענען
פאַרטרייבן? [18]זאָלסטו ניט מורא האָבן פאַר זיי; געדענקען
זאָלסטו געדענקען וואָס גאָט דיין האַר האָט געטאָן צו פּרעהן און

צו גאַנץ מִצרַיִם; [19]די גרויסע פּרוּוונגען וואָס דײַנע אויגן האָבן
געזען, און די צייכנס און די וואונדער, און די שטאַרקע האַנט,
און דעם אויסגעשטרעקטן אָרעם, מיט וואָס גאָט דײַן האַר האָט
דיך אַרויסגעצויגן; אַזוי וועט גאָט דײַן האַר טאָן צו אַלע אומות
וואָס דו האָסט מורא פאַר זיי. [20]און אויך די האָרנבין וועט
גאָט דײַן האַר אָנשיקן אויף זיי, ביז עס וועלן אונטערגיין די וואָס
זײַנען געבליבן, און וואָס האָבן זיך באַהאַלטן פאַר דיר.
[21]זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר זיי, וואָרום יהוה דײַן גאָט איז
צווישן דיר, אַ גרויסער און אַ פאָרכטיקער גאָט. [22]און גאָט
דײַן האַר וועט אַרויסוואַרפן די דאָזיקע פעלקער פון פאַר דיר
ביסלאַכ־ביסלאַכווײַז; טאָרסט זיי ניט פאַרטיליגן אויף גיך,
כדי די חיה פון פעלד זאָל זיך ניט מערן אויף דיר. [23]און גאָט
דײַן האַר וועט זיי איבערגעבן צו דיר, און וועט זיי פאַרטומלען
אַ גרויס פאַרטומלעניש, ביז זיי וועלן פאַרטיליגט ווערן. [24]און
ער וועט געבן זייערע מלכים אין דײַן האַנט, און וועסט אונטער־
ברענגען זייער נאָמען פון אונטערן הימל; קיינער וועט ניט
באַשטיין פאַר דיר, ביז דו וועסט זיי פאַרטיליגן. [25]זייערע
געשניצטע געטער זאָלט איר פאַרברענען אין פייער; זאָלסט ניט
גלוסטן דאָס זילבער און דאָס גאָלד אויף זיי, און צונעמען
פאַר זיך, כדי זאָלסט ניט געשטרויכלט ווערן דורך דעם;
וואָרום אַן אומווערדיקייט בײַ גאָט דײַן האַר איז דאָס. [26]און
זאָלסט ניט אַרײַנברענגען אַן אומווערדיקייט אין דײַן הויז, און
ווערן חרם אַזוי ווי דאָס; מיאוסן זאָלסטו זיך מיאוסן מיט דעם,
און פאַראומווערדיקן זאָלסטו עס פאַראומווערדיקן, וואָרום
חרם איז דאָס.
ח [1]אַלדאָס געבאָט וואָס איך געביט דיר הײַנט, זאָלט איר
היטן צו טאָן, כדי איר זאָלט לעבן, און זיך מערן, און
קומען און אַרבן דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט צוגעשוואָרן אײַערע

עלטערן. [2]און זאָלסט געדענקען דעם גאַנצן וועג וואָס גאָט
דיין האַר האָט דיך געפירט זינט פערציק יאָר דורכן מדבר,
כדי דיך צו פּייניקן, דיך צו פּרוּוון, צו וויסן וואָס ביי דיר אין
האַרצן, אויב דו וועסט היטן זיינע געבאָט אָדער ניט. [3]און ער
האָט דיך געפּייניקט, און דיך אויסגעהונגערט, און דיך
געשפּייזט מיט מַן, וואָס ניט דו האָסט דערפון געוווּסט, ניט דיינע
עלטערן האָבן געוווּסט; כדי דיך צו לאָזן וויסן אַז ניט אויף
ברויט אַליין לעבט דער מענטש, נאָר אויף אַלץ וואָס קומט
אַרויס פון גאָטס מויל לעבט דער מענטש. [4]דיין קלייד איז
ניט אָפּגעטראָגן געוואָרן אויף דיר, און דיין פוס איז ניט אויפ־
געלאָפן, דורך די פערציק יאָר. [5]דרום זאָלסטו וויסן אין דיין
האַרצן, אַז אַזוי ווי אַ מאַן שטראָפט זיין קינד, שטראָפט דיך
גאָט דיין האַר. [6]און זאָלסט היטן די געבאָט פון גאָט דיין האַר,
צו גיין אין זיינע וועגן, און מורא צו האָבן פאַר אים. [7]וואָרום
גאָט דיין האַר ברענגט דיך אין אַ גוטן לאַנד, אַ לאַנד פון בעכן
וואַסער, קוואַלן, און טיפענישן, וואָס גייען אַרויס אויף באַרג
און טאָל; [8]אַ לאַנד פון ווייץ, און גערשט, און וויינשטאָקן,
און פייגן, און מילגרוימען; אַ לאַנד פון איילבערטן און
האָניק; [9]אַ לאַנד וואָס ניט אין אָרעמקייט וועסטו דרינען עסן
ברויט, וואָס דיר וועט גאָרנישט פעלן דרינען; אַ לאַנד וואָס
אירע שטיינער זיינען אייזן, און פון אירע בערג וועסטו האַקן
קופּער. [10]און וועסט עסן און וועסט זאַט זיין, און וועסט לויבן
גאָט דיין האַר, פאַר דעם גוטן לאַנד וואָס ער האָט דיר געגעבן.
[11]היט דיך, זאָלסט ניט פאַרגעסן אָן גאָט דיין האַר, ניט צו היטן
זיינע געבאָט און זיינע געזעצן און זיינע חוקים וואָס איך באַפעל
דיר היינט. [12]טאָמער, אַז דו וועסט עסן און וועסט זאַט זיין,
און וועסט בויען שיינע הייזער, און באַוווינען; [13]און דיינע
רינדער און דיינע שאָף וועלן זיך מערן, און זילבער און גאָלד

וועט זיך בײַ דיר מערן, און אַלץ וואָס דו האָסט וועט זיך מערן; [14]וועט זיך דערהייבן דײַן האַרץ, און וועסט פֿאַרגעסן אָן יהוה דײַן גאָט וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פֿון לאַנד מִצרַיִם, פֿון דעם הויז פֿון קנעכטשאַפֿט; [15]וואָס האָט דיך געפֿירט דורך דעם גרויסן און מוראדיקן מדבר, דורך פֿײַערדיקע שלאַנגען און שקאָרפּיאָנען, און אַ דאָרשטעניש וואָס אָן וואַסער; וואָס האָט דיר אַרויסגעצויגן וואַסער פֿון קיזלשטיין; [16]וואָס האָט דיך געשפּײַזט אין דער מדבר מיט מָן, וואָס דײַנע עלטערן האָבן דערפֿון ניט געוווּסט; כּדי דיך צו פּײַניקן, און כּדי דיך צו פּרוּוון, דיך צו בּאַגוּטיקן אין דײַן לעצט; [17]און וועסט זאָגן אין דײַן האַרצן: מײַן כּוח און די מאַכט פֿון מײַן האַנט האָט מיר פֿאַרשאַפֿט דעמדאָזיקן פֿאַרמעג; [18]זאָלסטו געדענקען גאָט דײַן האַר, וואָרום ער איז דער וואָס גיט דיר כּוח אָנצושאַפֿן פֿאַרמעג, כּדי מקיים צו זײַן זײַן בּונד וואָס ער האָט געשוואָרן דײַנע עלטערן, אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג.

[19]און עס וועט זײַן, אויב פֿאַרגעסן וועסטו פֿאַרגעסן אָן יהוה דײַן גאָט, און וועסט גיין נאָך פֿרעמדע געטער, און זיי דינען, און זיך בּוקן צו זיי, וואָרן איך אײַך הײַנט, אַז אונטערגיין וועט איר אונטערגיין. [20]אַזוי ווי די פֿעלקער וואָס גאָט מאַכט אונטער־גיין פֿון פֿאַר אײַך, אַזוי וועט איר אונטערגיין, דערפֿאַר וואָס איר האָט ניט צוגעהערט צו דעם קָול פֿון גאָט אײַער האַר.

ט [1]הער, ישׂראל, דו גייסט הײַנט אַריבּער דעם יַרדן צו קומען אַרבּן אומות גרעסערע און שטאַרקערע פֿון דיר, שטעט גרויסע און בּאַפֿעסטיקטע בּיז אין הימל, [2]אַ פֿאָלק גרויס און הויך, זין פֿון די עֲנָקים, וואָס דו ווייסט און וואָס דו האָסט געהערט: ווער קען בּאַשטיין פֿאַר די זין פֿון עֲנָק? [3]זאָלסטו וויסן הײַנט אַז גאָט דײַן האַר, ער איז דער וואָס גייט אַריבּער דיר פֿאַרויס, אַ פֿײַער וואָס פֿאַרצערט; ער וועט זיי

פאַרטיליגן, און ער וועט זיי מאַכן אונטערטעניק פאַר דיר, און וועסט זיי פאַרטרייבן, און וועסט זיי גיך אונטערברענגען, אַזוי ווי גאָט האָט דיר צוגעזאָגט. [4]זאָלסט ניט זאָגן אין דיין האַרצן, ווען גאָט דיין האַר וועט זיי אַרויסשטויסן פון פאַר דיר, אַזוי צו זאָגן: פאַר מיין גערעכטיקייט האָט מיך גאָט געבראַכט צו אַרבן דאָסדאָזיקע לאַנד; ווען פאַר דער שלעכטיקייט פון די־דאָזיקע פעלקער פאַרטרייבט זיי גאָט פון פאַר דיר. [5]ניט פאַר דיין גערעכטיקייט, און פאַר דער רעכטפאַרטיקייט פון דיין האַרצן, קומסטו אַרבן זייער לאַנד, נייערט פאַר דער שלעכטיקייט פון די־דאָזיקע פעלקער פאַרטרייבט זיי גאָט דיין האַר פון פאַר דיר; און כדי מקיים צו זיין דעם צוזאָג וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן. [6]און זאָלסט וויסן זיין, אַז ניט פאַר דיין גערעכטיקייט גיט דיר גאָט דיין האַר דאָסדאָזיקע גוטע לאַנד, עס צו אַרבן; וואָרום אַ האַרטנעקיק פאָלק ביסטו.

[7]געדענק, זאָלסט ניט פאַרגעסן, ווי דו האָסט דערצערנט גאָט דיין האַר אין דער מדבר; פון דעם טאָג אָן וואָס דו ביסט אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מִצרַיִם, ביז אַייער קומען צו דעם־דאָזיקן אָרט, זייט איר ווידערשפעניקער געווען אַקעגן גאָט. [8]אויך אין חוֹרֵב האָט איר דערצערנט גאָט, און גאָט איז געוואָרן אויפגעבראַכט אויף אַייך, אַייך צו פאַרטיליגן. [9]אַז איך בין אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג צו נעמען די שטיינערנע לוחות, די לוחות פון דעם בונד וואָס גאָט האָט מיט אַייך געשלאָסן, בין איך געבליבן אויפן באַרג פערציק טעג און פערציק נעכט; קיין ברויט האָב איך ניט געגעסן, און קיין וואַסער האָב איך ניט געטרונקען. [10]און גאָט האָט מיר געגעבן די צוויי שטיינערנע לוחות געשריבן מיט גאָטס פינגער, און אויף זיי איז געווען אַזוי ווי אַלע ווערטער וואָס גאָט האָט מיט אַייך גערעדט אויפן

בּאַרג פֿון מיטן פֿײַער אין טאָג פֿון דער אײַנזאַמלונג. 11און עס
איז געווען צום סוף פֿון פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט, האָט
מיר גאָט געגעבן די צוויי שטײנערנע לוחות, די לוחות פֿון בונד.
12און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: שטיי אויף, נידער אַראָפּ אויף
גיך פֿון דאַנען, וואָרום פֿאַרדאָרבן געוואָרן איז דײַן פֿאָלק וואָס
דו האָסט אַרויסגעצויגן פֿון מִצרַיִם; זיי האָבן זיך גיך אָפּגעקערט
פֿון דעם וועג וואָס איך האָב זיי באַפֿוילן; זיי האָבן זיך געמאַכט
אַ געגאָסענעם געץ. 13און גאָט האָט צו מיר געזאָגט, אַזוי צו
זאָגן: איך האָב געזען דאָסדאָזיקע פֿאָלק, ערשט אַ האַרט־
נעקיק פֿאָלק איז עס. 14לאָז אָפּ פֿון מיר, און איך וועל זיי פֿאַר־
טיליקן, און וועל אָפּמעקן זייער נאָמען פֿון אונטערן הימל, און
איך וועל דיך מאַכן פֿאַר אַ פֿאָלק שטאַרקער און גרעסער פֿון
אים. 15האָב איך זיך אומגעקערט און האָב אַראָפּגענידערט
פֿון באַרג, און דער באַרג האָט געברענט אין פֿײַער; און די
צוויי לוחות פֿון בונד זײַנען געווען אויף מײַנע בײדע הענט. 16און
איך האָב געזען, ערשט איר האָט געזינדיקט צו גאָט אײַער האַר;
איר האָט אײַך געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב; איר האָט זיך גיך
אָפּגעקערט פֿון דעם וועג וואָס גאָט האָט אײַך באַפֿוילן. 17האָב
איך אָנגענומען די צוויי לוחות, און האָב זיי אַראָפּגעוואָרפֿן
פֿון מײַנע בײדע הענט, און האָב זיי צעבראָכן פֿאַר אײַערע
אויגן. 18און איך האָב מיך אַנידערגעוואָרפֿן פֿאַר גאָט, אַזוי
ווי דאָס ערשטע מאָל, פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט; קיין
ברויט האָב איך ניט געגעסן, און קיין וואַסער האָב איך ניט
געטרונקען; איבער אַל אײַער זינד וואָס איר האָט געזינדיקט,
צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט, אים צו דער־
צערענען; 19וואָרום איך האָב זיך געשראָקן פֿאַר דעם כּעס און
דעם גרימצאָרן וואָס גאָט האָט אויף אײַך געצערנט, אײַך צו
פֿאַרטיליקן. און גאָט האָט אויך דאָס מאָל צוגעהערט צו מיר.

[20]אויך אויף אַהרֹנען איז גאָט זייער אויפֿגעבראַכט געוואָרן,
אים צו פֿאַרטיליקן, און איך האָב מתפּלל געווען אויך פֿאַר
אַהרֹנען אין יענער שעה. [21]און אײַער זינד, דאָס קאַלב וואָס איר
האָט געמאַכט, האָב איך גענומען, און האָב עס פֿאַרברענט אין
פֿייער, און האָב עס צעשטויסן, גוט צעמאָלן, ביז וואַנען עס איז
געוואָרן דין ווי שטויב; און איך האָב אַרײַנגעוואָרפֿן זײַן שטויב אין
דעם באַך וואָס נידערט אַראָפּ פֿון באַרג.—[22]אויך אין תַּבְעֵרָה,
און אין מַסָּה, און אין קִבְרוֹת־הַתַּאֲוָה, האָט איר דערצערנט
גאָט. [23]און אַז גאָט האָט אײַך געשיקט פֿון קָדֵשׁ־בַּרְנֵעַ, אַזוי
צו זאָגן: גייט אַרויף און אַרבט דאָס לאַנד וואָס איך האָב אײַך
געגעבן, האָט איר ווידערשפּעניקט דעם מויל פֿון גאָט אײַער
האַר, און איר האָט אים ניט געגלויבט, און ניט צוגעהערט צו
זײַן קָול. [24]ווידערשפּעניקער זייט איר געווען אַקעגן גאָט פֿון
דעם טאָג וואָס איך קען אײַך.—[25]אַזוי האָב איך מיך אַנידער־
געוואָרפֿן פֿאַר גאָט די פֿערציק טעג און די פֿערציק נעכט וואָס
איך האָב מיך אַנידערגעוואָרפֿן, וואָרום גאָט האָט גערעדט אײַך
צו פֿאַרטיליקן. [26]און איך האָב מתפּלל געווען צו גאָט, און
האָב געזאָגט: גאָט דו האַר, זאָלסט ניט אומברענגען דײַן פֿאָלק
און דײַן אַרב, וואָס דו האָסט אויסגעלייזט מיט דײַן גרויסקייט,
וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגן פֿון מִצְרַיִם מיט אַ שטאַרקער
האַנט. [27]געדענק דײַנע קנעכט, אַברהם, יצחק, און יעקב;
זאָלסט זיך ניט אומקוקן אויף דער האַרטקייט פֿון דעמדאָזיקן
פֿאָלק, און אויף זײַן שלעכטיקייט, און אויף זײַן זינד; [28]כּדי
דאָס לאַנד וואָס דו האָסט אונדז אַרויסגעצויגן פֿון דאָרטן, זאָל
ניט זאָגן: ווײַל גאָט איז ניט בּיכולת זיי צו ברענגען אין דעם
לאַנד וואָס ער האָט זיי צוגעזאָגט, און ווײַל ער האָט זיי פֿײַנט,
דרום האָט ער זיי אַרויסגעצויגן זיי צו טייטן אין דער מדבר.
[29]און זיי זײַנען דאָך דײַן פֿאָלק און דײַן אַרב, וואָס דו האָסט

אַרויסגעצויגן מיט דיין גרויס שטאַרקייט און מיט דיין אויס־
געשטרעקטן אָרעם.

י [1]אין יענער צייט האָט גאָט צו מיר געזאָגט: האַק דיר אויס
צוויי שטיינערנע לוחות אַזוי ווי די ערשטע, און קום אַרויף
צו מיר אויפֿן באַרג; און זאָלסט דיר מאַכן אַ הילצערנעם אָרון.
[2]און איך וועל אויפֿשרייבן אויף די לוחות די ווערטער וואָס
זיינען געווען אויף די ערשטע לוחות וואָס דו האָסט צעבראָכן;
און וועסט זיי אַריינטאָן אין דעם אָרון. [3]האָב איך געמאַכט אַן
אָרון פֿון שִׁטים־האָלץ; און איך האָב אויסגעהאַקט צוויי
שטיינערנע לוחות אַזוי ווי די ערשטע, און איך בין אַרויפֿגעגאַנגען
אויפֿן באַרג מיט די צוויי לוחות אין מיין האַנט. [4]און ער האָט
אויפֿגעשריבן אויף די לוחות אַזוי ווי דאָס פֿריערדיקע
געשריפֿט: די צען געבאָט וואָס גאָט האָט צו אייך גערעדט אויפֿן
באַרג פֿון מיטן פֿייער, אין טאָג פֿון דער איינזאַמלונג; און גאָט
האָט זיי מיר געגעבן. [5]און איך האָב זיך אומגעקערט און האָב
אַראָפּגענידערט פֿון באַרג, און איך האָב אַריינגעטאָן די לוחות
אין דעם אָרון וואָס איך האָב געמאַכט, און זיי זיינען דאָרטן
געבליבן, אַזוי ווי גאָט האָט מיר באַפֿוילן.—[6]און די קינדער פֿון
ישׂראל האָבן געצויגן פֿון בְּאֵרוֹת־בְּנֵי־יַעֲקָן קיין מוֹסֵרָה. דאָרטן
איז אַהרן געשטאָרבן, און איז דאָרטן באַגראָבן געוואָרן; און
זיין זון אֶלְעָזָר איז געוואָרן כֹּהן אויף זיין אָרט. [7]פֿון דאָרטן
האָבן זיי געצויגן קיין גודגוֹד, און פֿון גודגוֹד קיין יָטְבָה, אַ לאַנד
פֿון בעכן וואַסער.—[8]אין יענער צייט האָט גאָט אָפּגעשיידט דעם
שבט לֵוִי צו טראָגן דעם אָרון פֿון גאָטס בונד, צו שטיין פֿאַר
גאָט, אים צו באַדינען, און צו בענטשן אין זיין נאָמען, ביז אויף
היינטיקן טאָג. [9]דרום האָט דער לֵוִי ניט געקריגן קיין חלק
און קיין נחלה מיט זיינע ברידער; גאָט איז זיין נחלה, אַזוי ווי
גאָט דיין האַר האָט אים צוגעזאָגט.—[10]און איך בין געבליבן אויפֿן

באַרג אַזוי ווי די פריערדיקע טעג, פערציק טעג און פערציק
נעכט, און גאָט האָט אויך דאָס מאָל צוגעהערט צו מיר; גאָט
האָט ניט געוואָלט דיך אומברענגען. [11]און גאָט האָט צו מיר
געזאָגט: שטיי אויף, גיי, צו ציען פאַרויס פאַרן פאָלק, כּדי
זיי זאָלן קומען און אַרבן דאָס לאַנד וואָס איך האָב געשוואָרן
זייערע עלטערן זיי צו געבן.

[12]און אַצונד, ישׂראל, וואָס פאַרלאַנגט גאָט דיין האַר פון דיר?
נאָר בלויז מורא צו האָבן פאַר גאָט דיין האַר, צו גיין אין אַלע
זיינע וועגן, און אים ליב צו האָבן, און צו דינען גאָט דיין האַר
מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער זעל; [13]צו היטן
די געבאָט פון גאָט און זיינע געזעצן, וואָס איך באַפעל דיר
היינט פון דיין טובה וועגן. [14]זע, צו גאָט דיין האַר געהערן
די הימלען, און די הימלען פון די הימלען, און די ערד און אַלץ
וואָס אויף איר. [15]נאָר צו דיינע עלטערן האָט גאָט געגלוסט,
זיי ליב צו האָבן, און ער האָט אויסדערוויילט זייער זאָמען
נאָך זיי—אַייך—פון אַלע פעלקער, אַזוי ווי היינטיקן טאָג.
[16]דרום זאָלט איר באַשניידן די פאָרהויט פון אַייער האַרצן,
און אַייער נאַקן זאָלט איר מער ניט האַרט מאַכן. [17]וואָרום
יהוה אַייער גאָט, ער איז דער גאָט פון געטער, און דער האַר
פון האַרן, דער גרויסער גאָט, דער שטאַרקער, און דער
פאָרכטיקער, וואָס שוינט ניט קיין פּנים, און נעמט ניט קיין שוחד.
[18]ער טוט גערעכטיקייט דעם יתום און דער אַלמנה, און האָט
ליב דעם פרעמדן, אים צו געבן ברויט און אַ קלייד. [19]און
איר זאָלט ליב האָבן דעם פרעמדן, וואָרום פרעמדע זייט איר
געווען אין לאַנד מִצרַיִם. [20]פאַר יהוה דיין גאָט זאָלסטו מורא
האָבן, אים זאָלסטו דינען, און אָן אים זאָלסטו זיך באַהעפטן,
און ביי זיין נאָמען זאָלסטו שווערן. [21]ער איז דיין לויב, און
ער איז דיין גאָט, וואָס האָט מיט דיר געטאָן דידאָזיקע גרויסע

און פּאָרכטיקע זאַכן, וואָס דײַנע אויגן האָבן געזען. 22מיט
זיבעציק נפשות האָבן דײַנע עלטערן גענידערט קיין מִצרַיִם,
און אַצונד האָט גאָט דײַן האַר דיך געמאַכט אַזוי ווי די שטערן
פון הימל אין פילקייט.

יא 1דרום זאָלסטו ליב האָבן גאָט דײַן האַר, און היטן זײַן
היטונג, און זײַנע חוקים און זײַנע געזעצן און זײַנע געבאָט,
אַלע טעג. 2און איר דאַרפט וויסן הײַנט, אַז ניט מיט אײַערע
קינדער [רעד איך], וואָס האָבן ניט געקענט און וואָס האָבן ניט
געזען די שטראָף פון גאָט אײַער האַר, זײַן גרויסקייט, און זײַן
שטאַרקע האַנט, און זײַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, 3און זײַנע
צייכנס, און זײַנע טואונגען וואָס ער האָט געטאָן אין מִצרַיִם
צו פַּרעה דעם מלך פון מִצרַיִם, און צו זײַן גאַנצן לאַנד; 4און
וואָס ער האָט געטאָן צו דעם חיל פון מִצרַיִם, צו זײַנע פערד
און צו זײַנע רײַטוועגן, וואָס ער האָט געמאַכט פלייצן איבער
זיי די וואַסערן פון יַם־סוף, ווען זיי האָבן אײַך נאָכגעיאָגט,
און גאָט האָט זיי אונטערגעבראַכט ביז אויף הײַנטיקן טאָג; 5און
וואָס ער האָט געטאָן מיט אײַך אין מדבר, ביז איר זײַט געקומען
צו דעמדאָזיקן אָרט; 6און וואָס ער האָט געטאָן צו דָתָן און
צו אֲבירָם די זין פון אֶליאָב דעם זון פון ראובן, וואָס די ערד
האָט אויפגעמאַכט איר מויל, און האָט זיי אײַנגעשלונגען אין
מיטן פון גאַנץ ישׂראל, מיט זייערע הויזגעזינטן און זייערע
געצעלטן, און דעם גאַנצן באַשטאַנד וואָס הינטער זיי; 7נײַערט
אײַערע אויגן האָבן געזען אַלדי גרויסע טואונג פון גאָט וואָס ער
האָט געטאָן. 8דרום זאָלט איר היטן אַלדאָס געבאָט וואָס איך
געביט אײַך הײַנט, כּדי איר זאָלט זײַן שטאַרק, און קומען און
אַרבן דאָס לאַנד וואָס איר גייט אַריבער אַהין, עס צו אַרבן; 9און
כּדי איר זאָלט מַאֲריך־יָמים זײַן אויף דער ערד וואָס גאָט האָט
געשוואָרן אײַערע עלטערן צו געבן זיי און זייער זאָמען — אַ לאַנד

וואָס פליסט מיט מילך און האָניק. [10]וואָרום דאָס לאַנד וואָס
דו קומסט אַהין, עס צו אַרבן, איז ניט ווי דאָס לאַנד מִצרַיִם,
וואָס איר זייט פון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען, וואָס אַז דו האָסט
פאַרזייט דיין זאָמען, האָסטו באַוועסערט מיט דיין פוס, אַזוי ווי
אַ גאָרטן פון גרינס. [11]נייערט דאָס לאַנד וואָס איר גייט
אַריבער אַהין, עס צו אַרבן, איז אַ לאַנד פון בערג און טאָלן;
פון רעגן פון הימל טרינקט עס וואַסער; [12]אַ לאַנד וואָס גאָט
דיין האַר זאָרגט זיך אום דעם; תּמיד זיינען די אויגן פון גאָט
דיין האַר דערויף פון אָנהייב יאָר ביז סוף יאָר.

[13]און עס וועט זיין, אויב צוהערן וועט איר צוהערן צו מיינע
געבאָט וואָס איך געביט אייך היינט, ליב צו האָבן גאָט אייער
האַר, און אים צו דינען מיט אייער גאַנצן האַרצן, און מיט אייער
גאַנצער זעל, [14]וועל איך געבן דעם רעגן פון אייער לאַנד אין
זיין צייט, פריערעגן און שפּעטרעגן, און וועסט איינזאַמלען
דיין תּבואה, און דיין וויין, און דיין אייל. [15]און איך וועל געבן
גראָז אין דיין פעלד פאַר דיין בהמה; און וועסט עסן און וועסט
זאַט זיין. [16]היט אייך, אייער האַרץ זאָל ניט איבערגערעדט
ווערן, און איר וועט זיך אָפּקערן, און דינען פרעמדע געטער,
און זיך בוקן צו זיי. [17]וואָרום דער צאָרן פון גאָט וועט
גרימען אויף אייך, און ער וועט פאַרשפּאַרן די הימלען, אַז
קיין רעגן זאָל ניט זיין, און די ערד וועט ניט געבן איר פּרוכט,
און איר וועט גיך אונטערגיין פון דעם גוטן לאַנד וואָס גאָט גיט
אייך.

[18]און איר זאָלט אַריינטאָן מיינע דאָזיקע ווערטער אין
אייער האַרצן, און אין אייער זעל, און איר זאָלט זיי אָנבינדן פאַר
אַ צייכן אויף אייער האַנט, און זיי זאָלן זיין פאַר אַ שטערנבאַנד
צווישן אייערע אויגן. [19]און איר זאָלט זיי לערנען אייערע
קינדער, רעדנדיק דערפון ווען דו זיצסט אין דיין הויז, און ווען

דו גייסט אין וועג, און ווען דו לייגסט זיך, און ווען דו שטייסט
אויף. [20]און זאָלסט זיי אויפשרייבן אויף די בייסשטידלאַך פון
דיין הויז, און אויף דיינע טויערן; [21]כדי אַייערע טעג און די טעג
פון אַייערע קינדער זאָלן זיך מערן אויף דער ערד וואָס גאָט
האָט געשוואָרן אַייערע עלטערן זיי צו געבן, אַזוי ווי די טעג
פון די הימלען איבער דער ערד.
[22]וואָרום אויב היטן וועט איר היטן אַלדאָסדאָזיקע
געבאָט וואָס איך געביט אַייך עס צו טאָן, ליב צו האָבן גאָט אַייער
האַר, צו גיין אין אַלע זיינע וועגן, און זיך צו באַהעפטן אָן אים,
[23]וועט גאָט פאַרטרייבן אַלע דידאָזיקע פעלקער פון פאַר אַייך,
און איר וועט אַרבן פעלקער גרעסערע און שטאַרקערע פון
אַייך. [24]איטלאַכער אָרט וואָס אַייער פוסטריט וועט דערויף
טרעטן, וועט געהערן צו אַייך, פון דעם מדבר און דעם לבָנון,
פון דעם טייך, דעם טייך פּרָת, און ביזן הינטערשטן ים, וועט
זיין אַייער געמאַרק. [25]קיינער וועט ניט באַשטיין פאַר אַייך;
גאָט אַייער האַר וועט געבן אַייער שרעק און אַייער מורא אויף
אַלדעם לאַנד וואָס איר וועט טרעטן דערויף, אַזוי ווי ער האָט
אַייך צוגעזאָגט.

## רְאֵה

[26]זע, איך לייג פאַר אַייך היינט אַ ברכה און אַ קללה;
[27]די ברכה, אויב איר וועט צוהערן צו די געבאָט פון גאָט
אַייער האַר, וואָס איך געביט אַייך היינט, [28]און די קללה, אויב
איר וועט ניט צוהערן צו די געבאָט פון גאָט אַייער האַר, און
איר וועט זיך אָפּקערן פון דעם וועג וואָס איך באַפעל אַייך
היינט, כדי צו גיין נאָך פרעמדע געטער, וואָס איר קענט ניט.
[29]און עס וועט זיין, אַז גאָט דיין האַר וועט דיך ברענגען אין
דעם לאַנד וואָס דו קומסט אַהין, עס צו אַרבן, זאָלסטו שטעלן

די ברכה אויפן באַרג גריזים, און די קללה אויפן באַרג עיבָל[א].
30 יאָ, זיי זיינען אויף יענער זייט יַרדן הינטער דעם וועג צו זונ־
אונטערגאַנג צו, אין לאַנד פון דעם כּנַעֲני וואָס זיצט אין דעם
פּלוין, אַקעגן גִלגָל, לעבן די אייכנבוימער פון מוֹרֶה. 31 וואָרום
איר גייט אַריבער דעם יַרדן צו קומען אַרבן דאָס לאַנד
וואָס גאָט אַייער האַר גיט אַייך, און איר וועט עס אַרבן, און
זיך באַזעצן דרינען; 32 זאָלט איר היטן צו טאָן אַלע חוקים און
געזעצן וואָס איך לייג פאַר אַייך היינט.

יב 1 דאָס זיינען די חוקים און די געזעצן וואָס איר זאָלט היטן צו
טאָן אין דעם לאַנד וואָס גאָט דער האַר פון דיינע עלטערן
האָט דיר געגעבן, עס צו אַרבן, אַלע טעג וואָס איר לעבט אויף
דער ערד. 2 אונטערברענגען זאָלט איר אונטערברענגען
אַלע ערטער וואָס די פעלקער וואָס איר ירשעט זיי האָבן
דאָרטן געדינט זייערע געטער, אויף די הויכע בערג, און אויף
די בערגלאַך, און אונטער יעטוועדער צווייגהאַפטיקן בוים.
3 און איר זאָלט אַיינוואַרפן זייערע מזבחות, און צעברעכן
זייערע זיילשטיינער, און זייערע געצנבוימער זאָלט איר
פאַרברענען אין פייער, און זייערע געשניצטע געטער זאָלט
איר אָפּהאַקן, און איר זאָלט אונטערברענגען זייער נאָמען פון
יענעם אָרט. 4 איר זאָלט ניט טאָן אַזוי [ווי זיי], צו גאָט אַייער האַר.
5 נייערט צו דעם אָרט וואָס גאָט אַייער האַר וועט אויסדער־
ווײַלן פון אַלע אַייערע שבטים צו טאָן זיין נאָמען דאָרטן—צו
זיין רואונג זאָלט איר אַייך ווענדן, און אַהין זאָלט איר גיין. 6 און
אַהין זאָלט איר ברענגען אַייערע בראַנדאָפּפער און אַייערע
שלאַכטאָפּפער, און אַייערע מעשׂרס, און די אָפּשיידונג פון
אַייער האַנט, און אַייערע נדרים, און אַייערע פרייוויליקע גאָבן,
און די ערשטלינגען פון אַייערע רינדער און אַייערע שאָף. 7 און

[א] זע כז׳ 11׳ א׳ ווי׳

איר זאָלט דאָרטן עסן פאַר גאָט אײַער האַר, און זיך פרייען
מיט דעם גאַנצן אויפטו פון אײַער האַנט, איר און אײַערע
הויזגעזינטן, לויט ווי גאָט דיין האַר האָט דיך געבענטשט. [8]איר
זאָלט ניט טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס מיר טוען דאָ היינט, איטלאַכער
אַלץ וואָס איז רעכטפאַרטיק אין זיינע אויגן; [9]וואָרום איר
זייט ביז אַצונד ניט געקומען צו דער רו און צו דער אַרבונג וואָס
גאָט דיין האַר גיט דיר. [10]אָבער אַז איר וועט אַריבערגיין דעם
יַרדן, און איר וועט זיך באַזעצן אין דעם לאַנד וואָס גאָט אײַער
האַר מאַכט אײַך אַרבן, און ער וועט אײַך באַרוען פון אַלע
אײַערע פיינט פון רונד אַרום, און איר וועט זיצן אין זיכערקייט,
[11]זאָל זיין: דער אָרט וואָס גאָט אײַער האַר וועט אים
אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן, אַהין זאָלט
איר ברענגען אַלץ וואָס איך באַפעל אײַך: אײַערע בראַנד־
אָפּפער און אײַערע שלאַכטאָפּפער, אײַערע מעשׂרס, און די
אָפּשיידונג פון אײַער האַנט, און אַלע אײַערע געקליבענע
נדרים וואָס איר וועט מנדר זיין צו גאָט. [12]און איר זאָלט זיך
פרייען פאַר גאָט אײַער האַר, איר, און אײַערע זין און אײַערע
טעכטער, און אײַערע קנעכט און אײַערע דינסטן, און דער לֵוִי
וואָס אין אײַערע טויערן; וואָרום ער האָט ניט קיין חלק און
קיין נחלה ביי אײַך. [13]היט דיך, זאָלסט ניט אויפּברענגען דיינע
בראַנדאָפּפער אין איטלאַכן אָרט וואָס דו וועסט זען; [14]נייערט
אין דעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן אין איינעם פון
דיינע שבטים, דאָרטן זאָלסטו אויפּברענגען דיינע בראַנד־
אָפּפער, און דאָרטן זאָלסטו טאָן אַלץ וואָס איך באַפעל דיר.
[15]אָבער מעגסט וויפיל דיין האַרץ געלוסט שלאַכטן און
עסן פלייש אין אַלע דיינע טויערן, ווי נאָך דער מזל־ברכה פון
גאָט דיין האַר וואָס ער האָט דיר געגעבן; דער אומרײנער אַזוי
ווי דער ריינער מעג עס עסן, אַזוי ווי אַ הירש און ווי אַ הינד.

[16]נאָר דאָס בלוט זאָלט איר ניט עסן; אויף דער ערד זאָלסטו עס אויסגיסן אַזוי ווי וואַסער.

[17]טאָרסט ניט עסן אין דיינע טויערן דעם מעשׂר פון דיין תּבֿואה און דיין וויין און דיין אייל, און די ערשטלינגען פון דיינע רינדער און דיינע שאָף, און אַלע נדרים וואָס דו וועסט מנדר זיין, און דיינע פרייוויליקע גאָבן, און די אָפּשיידונג פון דיין האַנט; [18]נייערט פאַר גאָט דיין האַר זאָלסטו עס עסן, אין דעם אָרט וואָס גאָט דיין האַר וועט אים אויסדערוויילן, דו, און דיין זון און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דער לֵוִי וואָס אין דיינע טויערן. און זאָלסט זיך פרייען פאַר גאָט דיין האַר מיט דעם גאַנצן אויפטו פון דיין האַנט. [19]היט דיך, זאָלסט ניט פאַרלאָזן דעם לֵוִי, אַלע טעג אויף דיין לאַנד.

[20]אַז גאָט דיין האַר וועט דערברייטערן דיין געמאַרק, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און וועסט זאָגן: „לאָמיך עסן פלייש", ווייל דיין האַרץ וועט געלוסטן צו עסן פלייש, מעגסטו עסן פלייש וויפיל דיין האַרץ געלוסט. [21]אויב עס וועט זיין ווייט פון דיר דער אָרט וואָס גאָט דיין האַר וועט אויסדערוויילן צו טאָן זיין נאָמען דאָרטן, זאָלסטו שלאַכטן פון דיינע רינדער און פון דיינע שאָף וואָס גאָט האָט דיר געגעבן, אַזוי ווי איך האָב דיר באַפוילן, און עסן אין דיינע טויערן וויפיל דיין האַרץ געלוסט. [22]אָבער ווי מע עסט אַ הירש און אַ הינד, אַזוי זאָלסטו עס עסן; דער אומרייִנער אין אײנעם מיטן רייִנעם מעג עס עסן. [23]נאָר זיי פעסט ניט צו עסן דאָס בלוט, וואָרום דאָס בלוט איז דאָס לעבן, און טאָרסט ניט עסן דאָס לעבן מיטן פלייש. [24]זאָלסט עס ניט עסן; אויף דער ערד זאָלסטו עס אויסגיסן אַזוי ווי וואַסער. [25]זאָלסט עס ניט עסן, כּדי עס זאָל גוט זיין דיר און דיינע קינדער נאָך דיר, אַז דו וועסט טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט.

[26]נאָר דיינע געהייליקטע זאַכן וואָס וועלן זיין בײַ דיר,
און דיינע נדרים, זאָלסטו נעמען און גיין צו דעם אָרט וואָס
גאָט וועט אויסדערוויילן; [27]און זאָלסט מאַכן דיינע בראַנד־
אָפּפער, דאָס פלייש און דאָס בלוט, אויף דעם מזבח פון גאָט
דיין האַר; און דאָס בלוט פון דיינע שלאַכטאָפּפער זאָל אויס־
געגאָסן ווערן אויף דעם מזבח פון גאָט דיין האַר, און דאָס
פלייש זאָלסטו עסן. [28]היט און זאָלסט געהאָרכן אַלע דידאָזיקע
ווערטער וואָס איך באַפעל דיר, כּדי עס זאָל גוט זיין דיר און
דיינע קינדער נאָך דיר ביז אייביק, אַז דו וועסט טאָן וואָס איז
גוט און רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט דיין האַר.

[29]אַז גאָט דיין האַר וועט פאַרשניידן די פעלקער וואָס דו
קומסט אַהין, זיי צו פאַרטרייבן פון פאַר דיר, און וועסט זיי
ירשען, און זיך באַזעצן אין זייער לאַנד, [30]היט דיך, זאָלסט
ניט געשטרויכלט ווערן זיי נאָכצוטאָן, נאָכדעם ווי זיי וועלן
פאַרטיליגט ווערן פון פאַר דיר, און זאָלסט ניט נאָכפרעגן נאָך
זייערע געטער, אַזוי צו זאָגן: ווי פלעגן דידאָזיקע פעלקער
דינען זייערע געטער? טאָ לאָמיך אויך אַזוי טאָן. [31]זאָלסט ניט
טאָן אַזוי צו יהוה דיין גאָט; וואָרום יעטוועדער אומווערדיקייט
פון יהוה, וואָס ער האָט פיינט, האָבן זיי געטאָן צו זייערע געטער;
וואָרום אַפילו זייערע זין און זייערע טעכטער פאַרברענען
זיי אין פייער צו זייערע געטער.

יג [1]אַלדאָס וואָרט וואָס איך באַפעל אייך, דאָס זאָלט איר
היטן צו טאָן; זאָלסט ניט צולייגן דערצו, און זאָלסט ניט
מינערן דערפון.

[2]אַז צווישן דיר וועט אויפשטיין אַ נביא, אָדער אַ חלומער
פון חלומות, און ער וועט דיר געבן אַ צייכן אָדער אַ וווּנדער–
[3]און דער צייכן און דאָס וווּנדער וואָס ער האָט דיר פאַרויס־
געזאָגט, וועט אָנקומען–אַזוי צו זאָגן: לאָמיר גיין נאָך פרעמדע

געטער—וואָס דו קענסט ניט—און לאָמיר זיי דינען; [4]זאָלסטו ניט צוהערן צו די ווערטער פון יענעם נביא, אָדער יענעם חלומער פון חלומות, וואָרום דאָס פּרוּווט אײַך יהוה אײַער גאָט, כדי צו וויסן אויב איר האָט ליב יהוה אײַער גאָט מיט אײַער גאַנצן האַרצן און מיט אײַער גאַנצער זעל. [5]נאָך יהוה אײַער גאָט זאָלט איר גיין, און פאַר אים זאָלט איר מורא האָבן, און זיינע געבאָט זאָלט איר היטן, און צו זיין קול זאָלט איר צוהערן, און אים זאָלט איר דינען, און אָן אים זאָלט איר זיך באַהעפטן. [6]און יענער נביא אָדער יענער חלומער פון חלומות זאָל געטייט ווערן, ווייל ער האָט גערעדט אָפּקערונג קעגן יהוה אײַער גאָט, וואָס האָט אײַך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, און וואָס האָט דיך אויסגעלייזט פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט—כדי דיך אַראָפּצופירן פון דעם וועג וואָס יהוה דיין גאָט האָט דיר באַפוילן צו גיין אין אים. און זאָלסט אויס־ראַמען דאָס בייז פון צווישן דיר.

[7]אַז דיין ברודער, דער זון פון דיין מוטער, אָדער דיין זון, אָדער דיין טאָכטער, אָדער די ווייב פון דיין בוזעם, אָדער דיין חבר, וואָס איז אַזוי ווי דײַן אייגן זעל, וועט דיך אָנרעדן אין פאַרבאָרגעניש, אַזוי צו זאָגן: לאָמיר גיין און דינען פרעמדע געטער—וואָס ניט דו האָסט געקענט, ניט דיינע עלטערן; [8]פון די געטער פון די פעלקער וואָס אַרום אײַך, פון די וואָס זיינען נאָנט צו דיר, אָדער פון די וואָס זיינען ווייט פון דיר, פון עק ערד ביז עק ערד—[9]זאָלסטו ניט אײַנוויליקן צו אים, און ניט צוהערן צו אים, און דיין אויג זאָל אים ניט שוינען, און זאָלסט זיך ניט דערבאַרימען, און אים ניט פאַרדעקן. [10]נייערט הרגען זאָלסטו אים הרגען; דיין האַנט זאָל זיין אויף אים די ערשטע אים צו טייטן, און דערנאָך די האַנט פון גאַנצן פאָלק. [11]און זאָלסט אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און ער זאָל שטאַרבן,

דערפֿאַר וואָס ער האָט דיך געזוכט אַראָפּצופֿירן פֿון גאָט דיין
האַר, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פֿון לאַנד מִצרַיִם, פֿון דעם
הויז פֿון קנעכטשאַפֿט. [12]און גאַנץ ישׂראל וועלן הערן און
וועלן מורא האָבן, און וועלן מער ניט טאָן אַזוי ווי דידאָזיקע
שלעכטע זאַך צווישן דיר.

[13]אַז דו וועסט הערן אין איינער פֿון דיינע שטעט וואָס גאָט
דיין האַר גיט דיר, צו וווינען דאָרטן, אַזוי צו זאָגן: [14]עס זיינען
אַרויסגעטרעטן נידערטרעכטיקע לייט פֿון צווישן דיר, און
האָבן אַראָפּגעפֿירט די באַוווינער פֿון זייער שטאָט, אַזוי צו זאָגן:
לאָמיר גיין און דינען פֿרעמדע געטער—וואָס איר קענט ניט;
[15]און וועסט נאָכזוכן און אויספֿאָרשן און גוט נאָכפֿרעגן, ערשט
די זאַך איז אמת ריכטיק, דידאָזיקע אומווערדיקייט איז געטאָן
געוואָרן צווישן דיר, [16]זאָלסטו שלאָגן דערשלאָגן די באַוווינער
פֿון דערדאָזיקער שטאָט מיטן שאַרף פֿון שווערד; פֿאַרוויסט
זי—אַלע וואָס אין איר, און אירע בהמות, מיטן שאַרף פֿון
שווערד. [17]און איר גאַנצן זאַקרויב זאָלסטו צונויפֿקלייבן אין
מיטן פֿון איר מאַרק, און פֿאַרברענען אין פֿייער די שטאָט מיט
איר גאַנצן זאַקרויב, אין גאַנצן צו גאָט דיין האַר, און זי זאָל זיין
אַן אייביקער חורבה־הויפֿן; זי זאָל מער ניט אָפּגעבויט ווערן.
[18]און קיין שום זאַך פֿון דעם חרם זאָל זיך ניט אָנקלעפּן אין דיין
האַנט, כּדי גאָט זאָל זיך אָפּקערן פֿון זיין גרימצאָרן, און דיר
שענקען דערבאַרימונג, און זיך דערבאַרימען אויף דיר, און
דיך מערן, אַזוי ווי ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן; [19]אַז
דו וועסט צוהערן צו דעם קָול פֿון גאָט דיין האַר, צו היטן אַלע
זיינע געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט, צו טאָן וואָס איז
רעכטפֿאַרטיק אין די אויגן פֿון גאָט דיין האַר.

יד [1]קינדער זייט איר צו גאָט אייער האַר; איר זאָלט אייך
ניט אַיינשניידן, און ניט מאַכן אַ פּליך צווישן אייערע אויגן,

נאָך אַ טויטן. [2]ווארום אַ הייליק פאָלק ביסטו בײַ גאָט דײַן האַר, און דיך האָט גאָט אויסדערוויילט אים צו זײַן פאַר אַן אייגן פאָלק, פון אַלע פעלקער וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד.

[3]זאָלסט ניט עסן קיין אומווערדיקייט. [4]דאָס זײַנען די בהמות וואָס איר מעגט עסן: אַן אָקס, אַ שעפּס, און אַ ציג, [5]אַ הינד, און אַ הירש, און אַ דאַמהירש, און אַ שטײַנבאָק, און אַ גאַזעל, און אַ ווילדציג, און אַ באַרגשעפּס. [6]און איטלעכע בהמה וואָס איז באַקלויט מיט קלויען, און זי זײַנען בײַ איר צעשפּאָלטן אויף צוויי קלויען, וואָס איז מַעֲלֵה־גֵרָה צווישן בהמות, זי מעגט איר עסן. [7]אָבער דידאָזיקע טאָרט איר ניט עסן פון די וואָס זײַנען מַעֲלֵה־גֵרָה, און פון די וואָס זײַנען באַקלויט מיט צעשפּאָלטענע קלויען: דעם קעמל, און דעם האָז, און דעם קיניגל, ווײַל מַעֲלֵה־גֵרָה זײַנען זיי, אָבער מיט קלויען זײַנען זיי ניט באַקלויט; זיי זײַנען אומריין פאַר אײַך. [8]און דעם חזיר, ווײַל באַקלויט מיט קלויען איז ער, אָבער ניט מַעֲלֵה־גֵרָה; ער איז אומריין פאַר אײַך. פון זייער פלייש טאָרט איר ניט עסן, און אָן זייער נבֵלה טאָרט איר זיך ניט אָנרירן.

[9]דידאָזיקע מעגט איר עסן פון אַלץ וואָס אין וואַסער: אַלץ וואָס האָט פלוספעדערן און שופּן מעגט איר עסן; [10]און אַלץ וואָס האָט ניט פלוספעדערן און שופּן טאָרט איר ניט עסן; דאָס איז אומריין פאַר אײַך.

[11]יעטוועדער ריינעם עוף מעגט איר עסן. [12]און דאָס זײַנען די וואָס איר טאָרט פון זיי ניט עסן: דער אָדלער, און דער ביינברעכער, און דער שוואַרצאָדלער; [13]און די ווײַ, און דער פאַלקפויגל, און דער האַביך לויט זײַנע מינים; [14]און יעטוועדער ראָב לויט זײַנע מינים; [15]און דער שטרויספויגל, און דער נאַכטשפּאַרבער, און דער ים־פויגל, און דער שפּאַרבער לויט

זיינע מינים; [16]די אַייל, און די שטאָקאַייל, און דער אוהו; [17]און
דער פּעליקאַן, און דער גײער, און דער פישפרעסער; [18]און
דער שטאָרך, און דער בושל לויט זיינע מינים, און דער
אויערהאָן, און די פלעדערמויז. [19]און יעטוועדער געפליגלטע
ווידמענונג איז אומריין פאַר אײַך; זיי טאָרן ניט געגעסן ווערן.
[20]יעטוועדער ריינעם עוף מעגט איר עסן.
[21]איר זאָלט ניט עסן קיין נבֿלה; דעם אײַנגעוואַנדערטן
וואָס אין דיינע טויערן מעגסטו עס אַוועקגעבן, ער זאָל עס
עסן; אָדער פאַרקויפן צו אַ פרעמדן; וואָרום אַ הייליק פאָלק
ביסטו ביי גאָט דיין האַר.
זאָלסט ניט קאָכן אַ ציקעלע אין זיין מוטערס מילך.

[22]מעשׂרן זאָלסטו מעשׂרן דעם גאַנצן אײַנטראָג פון דיין
זריעה, וואָס קומט אַרויס פון דיין פעלד יאָריערלאַך. [23]און
זאָלסט עסן פאַר גאָט דיין האַר, אין דעם אָרט וואָס ער וועט
אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן, דעם מעשׂר פון
דיין תבֿואה, פון דיין וויין, און פון דיין אייל, און די ערשטלינגען
פון דיינע רינדער און דיינע שאָף, כּדי זאָלסט לערנען מורא
צו האָבן פאַר גאָט דיין האַר אַלע טעג. [24]און אויב דער וועג
וועט זיין צו פיל פאַר דיר, אויב דו וועסט עס ניט קענען
אַוועקטראָגן, ווייל דער אָרט וואָס גאָט דיין האַר וועט אים אויס־
דערוויילן צו טאָן זיין נאָמען דאָרטן, וועט זיין צו ווייט פאַר
דיר, אַז גאָט דיין האַר וועט דיך בענטשן, [25]זאָלסטו עס מאַכן
צו געלט, און נעמען דאָס געלט אײַנגעבונדן אין דיין האַנט,
און גיין צו דעם אָרט וואָס גאָט דיין האַר וועט אים אויס־
דערוויילן; [26]און זאָלסט אויסגעבן דאָס געלט אויף אַלץ וואָס דיין
האַרץ וועט געלוסטן, אויף רינדער און אויף שאָף און אויף וויין
און אויף געטראַנק, און אויף אַלץ וואָס דיין האַרץ פאַרלאַנגט
דיר; און זאָלסט דאָרטן עסן פאַר גאָט דיין האַר, און זיך פרייען,

דו און דיין הויגעזינט. [27]און דעם לֵוִי וואָס אין דיינע טויערן,
אים זאָלסטו ניט פאַרלאָזן, וואָרום ער האָט ניט קיין חלק און
קיין נחלה ביי דיר.

[28]צום סוף פון אַלע דריי יאָר–אין יענעם יאָר זאָלסטו
אַרויסטראָגן דעם גאַנצן מעשׂר פון דיין תבואה, און אַוועק
לייגן אין דיינע טויערן. [29]און עס זאָל קומען דער לֵוִי, ווייל
ער האָט ניט קיין חלק און קיין נחלה ביי דיר, און דער
פרעמדער, און דער יתום, און די אַלמנה, וואָס אין דיינע
טויערן, און זיי זאָלן עסן און זאַט זיין, כּדי גאָט דיין האַר זאָל
דיך בענטשן אין יעטוועדער טואונג פון דיין האַנט וואָס דו
וועסט טאָן.

טו [1]צום סוף פון אַלע זיבן יאָר זאָלסטו מאַכן שמיטה. [2]און
דאָס איז דער דין פון שמיטה: יעטוועדער בעל־חוב זאָל
אָפּלאָזן וואָס ער האָט געליען זיין חבר; ער זאָל ניט מאָנען פון
זיין חבר און זיין ברודער, ווען מע האָט אויסגערופן שמיטה צו
גאָט. [3]פון דעם פרעמדן מעגסטו מאָנען, אָבער פון וואָס דיר
קומט ביי דיין חבר זאָלסטו אָפּלאָזן דיין האַנט. [4]פונדעסטוועגן
וועט ניט זיין ביי דיר אַן אביון, וואָרום בענטשן וועט דיך
גאָט בענטשן אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר
אַ נחלה, עס צו אַרבן; [5]אויב נאָר צוהערן וועסטו צוהערן צו
דעם קָול פון גאָט דיין האַר, צו היטן צו טאָן אַלדאָסדאָזיקע
געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט. [6]וואָרום גאָט דיין האַר
וועט דיך בענטשן אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און וועסט
אַנטלייען צו פיל פעלקער, און דו אַליין וועסט ניט לייען, און
וועסט געוועלטיקן איבער פיל פעלקער, און איבער דיר וועט
מען ניט געוועלטיקן.

[7]אַז ביי דיר וועט זיין אַן אביון, איינער פון דיינע ברידער,
אין איינעם פון דיינע טויערן, אין דיין לאַנד וואָס גאָט דיין האַר

גיט דיר, זאָלסטו ניט האַרט מאַכן דיין האַרץ, און ניט צודריקן
דיין האַנט פאַר דיין ברודער דעם אביון. 8 נייערט עפענען
זאָלסטו אים עפענען דיין האַנט, און אַנטלייען זאָלסטו אים
אַנטלייען גענוג פאַר זיין באַדערפעניש וואָס ער באַדאַרף. 9 היט
דיך, עס זאָל ניט זיין אין דיין האַרצן אַ בייזער געדאַנקען, אַזוי
צו זאָגן: דאָס זיבעטע יאָר, דאָס יאָר פון שמיטה, דערנענטערט
זיך; און דיין אויג וועט זיין שלעכט צו דיין ברודער דעם אביון,
און וועסט אים ניט געבן, און ער וועט רופן איבער דיר צו גאָט,
און אויף דיר וועט זיין אַ זינד. 10 געבן זאָלסטו אים געבן, און
דיין האַרץ זאָל ניט פאַרדריסן ווען דו גיסט אים, וואָרום
פון וועגן דערדאָזיקער זאַך וועט דיך גאָט דיין האַר בענטשן
אין אַלץ וואָס דו טוסט, און אין אַלץ צו וואָס דיין האַנט נעמט
זיך. 11 וואָרום עס וועט ניט אויסגיין אַן אביון פון לאַנד; דרום
באַפעל איך דיר, אַזוי צו זאָגן: עפענען זאָלסטו עפענען דיין
האַנט צו דיין ברודער, צו דיין אָרעמאַן און צו דיין אביון אין
דיין לאַנד.

12 אַז דיין ברודער, אַ איד, אָדער אַ אידישע פרוי, וועט
זיך פאַרקויפן צו דיר, זאָל ער דיר דינען זעקס יאָר, און אויפן
זיבעטן זאָלסטו אים אַרויסלאָזן פריי פון דיר. 13 און אַז דו
לאָזט אים אַרויס פריי פון דיר, זאָלסטו אים ניט אַרויסלאָזן
מיט ליידיקן; 14 באַשענקען זאָלסטו אים באַשענקען פון דיינע
שאָף, און פון דיין שייער, און פון דיין קעלטער; מיט וואָס גאָט
דיין האַר האָט דיך געבענטשט, דערפון זאָלסטו אים געבן.
15 און זאָלסט געדענקען אַז אַ קנעכט ביסטו געוועזן אין לאַנד
מִצרַיִם, און גאָט דיין האַר האָט דיך אויסגעלייזט; דרום באַפעל
איך דיר היינט דידאָזיקע זאַך. 16 און עס וועט זיין, אַז ער
וועט זאָגן צו דיר: איך וויל ניט אַוועקגיין פון דיר; ווייל ער
האָט ליב דיך און דיין הויזגעזינט, וואָרום אים איז גוט ביי דיר,

[17]זאָלסטו נעמען אַן אָל, און דורכשטעכן זיין אויער ביז אין
טיר, און ער זאָל דיר זיין אַן אייביקער קנעכט; און אויך צו
דיין דינסט זאָלסטו טאָן אַזוי. [18]עס זאָל ניט שווער זיין אין
דיינע אויגן, ווען דו לאָזט אים אַרויס פריי פון דיר, וואָרום
טאָפּל ווי פאַר דעם לוין פון אַ לוינאַרבעטער האָט ער דיר
געדינט זעקס יאָר; און גאָט דיין האַר וועט דיך בענטשן אין
אַלץ וואָס דו וועסט טאָן.

[19]יעטוועדער ערשטלינג אַ זָכר וואָס וועט געבאָרן ווערן
צווישן דיינע רינדער און צווישן דיינע שאָף, זאָלסטו הייליקן צו
גאָט דיין האַר; זאָלסט ניט אַרבעטן מיט דעם בכור פון דיינע
אָקסן, און ניט שערן דעם בכור פון דיינע שאָף. [20]פאַר גאָט דיין
האַר זאָלסטו אים עסן יאָר אין יאָר, אין דעם אָרט וואָס גאָט וועט
אויסדערוויילן, דו און דיין הויזגעזינט. [21]און אויב ער וועט
זיין מיט אַ מום, אַ הינקעדיקער, אָדער אַ בלינדער—מיט
וואָסער עס איז בייזן מום, זאָלסטו אים ניט שלאַכטן צו גאָט דיין
האַר. [22]אין דיינע טויערן זאָלסטו אים עסן, דער אומריינער
און איינעם מיט דעם ריינעם, אַזוי ווי אַ הירש און ווי אַ הינד.
[23]נאָר זיין בלוט זאָלסטו ניט עסן; אויף דער ערד זאָלסטו עס
אויסגיסן אַזוי ווי וואַסער.

טז [1]היט אָפּ דעם חודש אָביב, און זאָלסט מאַכן דעם קָרבן
פֶּסח צו גאָט דיין האַר, וואָרום אין חודש אָביב האָט דיך
גאָט דיין האַר אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, ביי נאַכט. [2]און
זאָלסט שלאַכטן דעם קָרבן־פֶּסח צו גאָט דיין האַר, פון שאָף
אָדער פון רינדער, אין דעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן
צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן. [3]זאָלסט ניט עסן דערביי
חמץ; זיבן טעג זאָלסטו עסן דערביי מצות, ברויט פון נויט,
וואָרום אין געאייל ביסטו אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מִצרַיִם;
כדי זאָלסט געדענקען דעם טאָג פון דיין אַרויסגיין פון לאַנד

מִצרַיִם, אַלע טעג פֿון דײַן לעבן. [4]און עס זאָל ניט געזען ווערן
בײַ דיר זויערטייג אין דײַן גאַנצן גבול זיבן טעג; און עס זאָל
ניט איבערנעכטיקן ביז אין דער פֿרי פֿון דעם פֿלייש וואָס דו
וועסט שלאַכטן אין אָוונט פֿון ערשטן טאָג. [5]טאָרסט ניט
שלאַכטן דעם קָרבן־פֶּסַח אין איינעם פֿון דײַנע טויערן וואָס גאָט
דײַן האַר גיט דיר. [6]נײַערט אין דעם אָרט וואָס גאָט דײַן האַר
וועט אויסדערוויילן אויף צו מאַכן רוען זײַן נאָמען, דאָרטן
זאָלסטו שלאַכטן דעם קָרבן־פֶּסַח, אין אָוונט ווי די זון גייט
אונטער, אין דער צײַט פֿון דײַן אַרויסגיין פֿון מִצרַיִם. [7]און
זאָלסט אים בראָטן און עסן אין דעם אָרט וואָס גאָט דײַן האַר
וועט אים אויסדערוויילן; און אין דער פֿרי זאָלסטו זיך אומקערן,
און גיין צו דײַנע געצעלטן. [8]זעקס טעג זאָלסטו עסן מצות, און
אויפֿן זיבעטן טאָג זאָל זײַן אַ הייליקע אײַנזאַמלונג צו גאָט דײַן
האַר; זאָלסט ניט טאָן קיין אַרבעט.

[9]זיבן וואָכן זאָלסטו דיר ציילן; פֿון ווען מע לאָזט אַראָפּ
אַ שניידמעסער אויף דער תּבֿואה זאָלסטו אָנהייבן ציילן זיבן
וואָכן. [10]און זאָלסט מאַכן דעם יָום־טוב פֿון שבֿועות[א] צו גאָט
דײַן האַר, ווי נאָך דער פֿרײַער גאָב פֿון דײַן האַנט, וואָס דו
וועסט געבן, לויט ווי גאָט דײַן האַר וועט דיך בענטשן. [11]און
זאָלסט זיך פֿרייען פֿאַר גאָט דײַן האַר, דו, און דײַן זון און דײַן
טאָכטער, און דײַן קנעכט און דײַן דינסט, און דער לֵוִי וואָס
אין דײַנע טויערן, און דער פֿרעמדער, און דער יָתום, און די
אַלמנה, וואָס צווישן דיר—אין דעם אָרט וואָס גאָט דײַן האַר
וועט אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זײַן נאָמען דאָרטן. [12]און
זאָלסט געדענקען אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין מִצרַיִם, און
זאָלסט אָפּהיטן און טאָן דידאָזיקע געזעצן.

[13]דעם יָום־טוב פֿון סוכּות זאָלסטו דיר מאַכן זיבן טעג, ווען
דו זאַמלסט אײַן פֿון דײַן שייער און פֿון דײַן קעלטער. [14]און

[א] וואָכן.

זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום־טוב, דו, און דיין זון און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דער לֵוִי, און דער פרעמדער, און דער יתום, און די אַלמנה, וואָס אין דיינע טויערן. [15]זיבן טעג זאָלסטו האַלטן יום־טוב צו גאָט דיין האַר אין דעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן; וואָרום גאָט דיין האַר וועט דיך בענטשן אין דיין גאַנצן אַיינקום, און אין יעטוועדער טואונג פון דיינע הענט, און וועסט זיין לויטער פריילאַך.

[16]דריי מאָל אין יאָר זאָלן אַלע דיינע מאַנספאַרשוינען זיך ווייזן פאַר גאָט דיין האַר, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויס־דערוויילן: אין דעם יום־טוב פון מצות, און אין דעם יום־טוב פון שבועות, און אין דעם יום־טוב פון סוכות; און מע זאָל זיך ניט ווייזן פאַר גאָט מיט ליידיקן; [17]איטלאַכער לויט דער גאָב פון זיין האַנט, ווי נאָך דער מזל־ברכה פון גאָט דיין האַר, וואָס ער האָט דיר געגעבן.

## שׁוֹפְטִים

[18]ריכטער און אויפזעער זאָלסטו דיר מאַכן אין אַלע דיינע טויערן, וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר, לויט דיינע שבטים; און זיי זאָלן משפטן דאָס פאָלק מיט אַ גערעכטן משפט. [19]זאָלסט ניט פאַרדרייען אַ משפט; זאָלסט ניט דערקענען קיין פנים, און ניט נעמען שוחד, וואָרום שוחד מאַכט בלינד די אויגן פון קלוגע, און פאַרקרימט די ווערטער פון גערעכטע. [20]נאָך גערעכטיקייט, נאָך גערעכטיקייט זאָלסטו זיך יאָגן, כּדי זאָלסט לעבן און אַרבן דאָס לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר.

[21]זאָלסט דיר ניט פלאַנצן אַ געצנבוים פון אַ שום האָלץ לעבן דעם מזבח פון גאָט דיין האַר, וואָס דו וועסט דיר מאַכן.

22 און זאָלסט דיר ניט אויפשטעלן אַ זיילשטיין, וואָס גאָט דיין
האַר האָט פיינט.
יז 1 זאָלסט ניט שלאַכטן צו גאָט דיין האַר אַן אָקס אָדער אַ
שעפּס וואָס אין אים איז דאָ אַ מום, עפּעס אַ שלעכטע
זאַך; וואָרום אַן אומווערדיקייט ביי גאָט דיין האַר איז דאָס.
2 אַז עס וועט געפונען ווערן צווישן דיר, אין איינעם פון
דיינע טויערן וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר, אַ מאַן אָדער אַ פרוי
וואָס וועט טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט דיין האַר,
איבערצוטרעטן זיין בונד; 3 און ער וועט גיין און דינען פרעמדע
געטער, און זיך בוקן צו זיי, אָדער צו דער זון, אָדער צו דער
לבנה, אָדער צו דעם גאַנצן חיל פון הימל, וואָס איך האָב ניט
געהייסן; 4 און עס וועט דיר דערציילט ווערן, און וועסט הערן,
און וועסט גוט אויספאָרשן, ערשט די זאַך איז אמת ריכטיק,
דידאָזיקע אומווערדיקייט איז געטאָן געוואָרן אין ישראל,
5 זאָלסטו אַרויספירן יענעם מאַן אָדער יענע פרוי, וואָס האָבן
געטאָן דידאָזיקע שלעכטע זאַך, צו דיינע טויערן–דעם מאַן
אָדער די פרוי–און זאָלסט זיי פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און
זיי זאָלן שטאַרבן. 6 לויט דעם מויל פון צוויי עדות אָדער דריי
עדות זאָל געטייט ווערן דער וואָס ווערט געטייט; ער זאָל ניט
געטייט ווערן לויט דעם מויל פון איין עדות. 7 די האַנט פון
די עדות זאָל זיין אויף אים די ערשטע אים צו טייטן, און
דערנאָך די האַנט פון גאַנצן פאָלק; און זאָלסט אויסראַמען
דאָס בייז פון צווישן דיר.
8 אַז אַ זאַך וועט זיין פאַרהוילן פון דיר אין אַ משפט, צווישן
בלוט און בלוט, צווישן אַ טענה און אַ טענה, אָדער צווישן אַ
שעדיקונג און אַ שעדיקונג, אין שטרייטזאַכן אין דיינע טויערן,
זאָלסטו אויפשטיין און אַרויפגיין צו דעם אָרט וואָס גאָט דיין
האַר וועט אים אויסדערוויילן. 9 און זאָלסט קומען צו די

כֹּהנים פון שבט לֵוִי, און צו דעם ריכטער וואָס וועט זיין אין
יענע טעג, און זאָלסט פרעגן, און זיי וועלן דיר זאָגן דאָס וואָרט
פון דעם משפּט. 10און זאָלסט טאָן לויט דעם וואָרט וואָס זיי
וועלן דיר זאָגן פון יענעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן;
און זאָלסט היטן צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס זיי וועלן דיך לערנען.
11לויט דער לערנונג וואָס זיי וועלן דיך לערנען, און לויט דעם
משפּט וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, זאָלסטו טאָן; זאָלסט זיך ניט
אָפּקערן פון דעם וואָרט וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, רעכטס אָדער
לינקס. 12און דער מאַן וואָס וועט טאָן מיט מוטוויליקייט,
ניט צו געהאָרכן דעם כֹּהן וואָס שטייט צו דינען דאָרטן
גאָט דיין האַר, אָדער דעם ריכטער, יענער מאַן זאָל שטאַרבן;
און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון ישׂראל. 13און דאָס גאַנצע
פאָלק וועט הערן און וועט מורא האָבן, און זיי וועלן מער ניט
מוטוויליקן.

14אַז דו וועסט קומען אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר
גיט דיר, און וועסט עס אַרבן, און וועסט זיך באַזעצן דרינען,
און וועסט זאָגן: איך וויל מאַכן אַ מלך איבער מיר, אַזוי ווי אַלע
פעלקער וואָס אַרום מיר, 15מאַכן זאָלסטו מאַכן אַ מלך
איבער דיר דעם וואָס גאָט דיין האַר וועט אים אויסדערוויילן;
פון צווישן דיינע ברידער זאָלסטו מאַכן איבער דיר אַ מלך;
טאָרסט ניט אויפזעצן איבער דיר אַ פרעמדן מאַן, וואָס איז
ניט דיינער אַ ברודער. 16אָבער ער זאָל זיך ניט מערן פערד,
און ניט אומקערן דאָס פאָלק קיין מִצרַיִם, כּדי צו מערן פערד;
וואָס גאָט האָט אײַך אָנגעזאָגט: איר זאָלט זיך מער ניט
אומקערן אויף דעמדאָזיקן וועג. 17און ער זאָל זיך ניט מערן
ווייבער, כּדי זיין האַרץ זאָל זיך ניט אָפּקערן; אויך זילבער
און גאָלד זאָל ער זיך ניט מערן אַ סך. 18און עס וועט זיין, אַז
ער זעצט זיך אויף דעם טראָן פון זיין מלוכה, זאָל ער זיך

אויפשרייבן אַן איבערחזרונג פון דערדאָזיקער תּורה אויף אַ
בוך, פון דער וואָס פאַר די כּהנים פון שבט לֵוִי. [19]און דאָס
זאָל זיין ביי אים, און ער זאָל לייענען דערין אַלע טעג פון זיין
לעבן, כּדי ער זאָל לערנען מורא צו האָבן פאַר גאָט זיין האַר,
צו היטן אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה, און דידאָזיקע
געזעצן, זיי צו טאָן; [20]אַז זיין האַרץ זאָל זיך ניט דערהייבן
איבער זיינע ברידער, און ער זאָל זיך ניט אָפּקערן פון די
געבאָט רעכטס אָדער לינקס, כּדי ער זאָל מַאֲרִיך־יָמִים זיין
אויף זיין מלוכה, ער און זיינע קינדער, צווישן ישׂראל.

יח [1]די כּהנים פון לֵוִי, דער גאַנצער שבט לֵוִי, זאָלן ניט
האָבן קיין חלק און קיין נחלה אין ישׂראל; די פייער־
אָפּפער פון גאָט און זיין נחלה זאָלן זיי עסן. [2]און זיי זאָלן ניט
האָבן קיין נחלה צווישן זייערע ברידער; גאָט איז זייער נחלה,
אַזוי ווי ער האָט צו זיי גערעדט.

[3]און דאָס זאָל זיין דאָס רעכט פון די כּהנים, פון דעם
פאָלק, פון די וואָס שלאַכטן אַ שלאַכטאָפּפער; סיי אַן אָקס,
סיי אַ שעפּס, זאָל מען געבן דעם כּהן די שולטער, און די
קינבאַקן, און דעם מאָגן. [4]דאָס ערשטע פון דיין תּבואה, פון
דיין וויין, און פון דיין אייל, און דאָס ערשטע פון דער שערונג
פון דיינע שאָף, זאָלסטו אים געבן. [5]וואָרום אים האָט גאָט
דיין האַר אויסדערוויילט פון אַלע דיינע שבטים, צו שטיין צו
דינען אין נאָמען פון גאָט, ער און זיינע קינדער אַלע טעג.

[6]און אַז אַ לֵוִי וויל קומען פון איינעם פון דיינע טויערן
פון גאַנץ ישׂראל, וואָס ער וווינט דאָרטן, זאָל ער קומען
ווי פיל זיין האַרץ געלוסט, צו דעם אָרט וואָס גאָט וועט אויס־
דערוויילן. [7]און ער זאָל דינען אין נאָמען פון גאָט זיין האַר
אַזוי ווי אַלע זיינע ברידער די לְוִיִם וואָס שטייען דאָרטן פאַר

גאָט. [8]גלײַכע חלקים זאָלן זײ עסן, אַחוץ װאָס אים װערט געגעבן לויט די פאָטערהײַזער.

[9]אַז דו קומסט אין דעם לאַנד װאָס גאָט דײַן האַר גיט דיר, זאָלסטו זיך ניט אָפּלערנען צו טאָן אַזױ װי די אומװערדיקײטן פון יענע פעלקער. [10]עס זאָל זיך ניט געפינען בײַ דיר אײנער װאָס מאַכט דורכגײן זײַן זון אָדער זײַן טאָכטער דורכן פײַער[א], אַ װאָרזאָגער פון װאָרזאָגענישן, אַ צײכנזעער, אָדער אַ טרעפער, אָדער אַ מכשף, [11]אָדער אַ צויבערשפּרעכער, אָדער אײנער װאָס פרעגט בײַ אַ גײַסט אָדער אַ רוח, אָדער אַ פאָרשער בײַ טויטע. [12]װאָרום אַן אומװערדיקײט בײַ גאָט איז יעטװעדער װאָס טוט דאָס, און פון װעגן דידאָזיקע אומװערדיקײטן פאַרטרײַבט זײ גאָט דײַן האַר פון פאַר דיר. [13]גאַנץ זאָלסטו זײַן מיט גאָט דײַן האַר. [14]װאָרום דידאָזיקע פעלקער װאָס דו ירשעסט זײ, הערן זיך צו צו צײכנזעערס, און צו װאָרזאָגערס, אָבער דו–ניט אַזױ־װאָס האָט דיר געגעבן גאָט דײַן האַר. [15]אַ נביא פון צװישן דיר, פון דײַנע ברידער, אַזאַ װי איך, װעט דיר אױפשטעלן גאָט דײַן האַר; צו אים זאָלט איר זיך צוהערן. [16]געגנױ אַזױ װי דו האָסט פאַרלאַנגט פון גאָט דײַן האַר אין חורב, אין טאָג פון דער אײַנזאַמלונג, אַזױ צו זאָגן: לאָמיך ניט הערן װידער דעם קָול פון גאָט מײַן האַר, לאָמיך ניט זען מער דאָסדאָזיקע גרויסע פײַער, כדי איך זאָל ניט שטאַרבן. [17]און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: גוט איז װאָס זײ האָבן גערעדט. [18]אַ נביא װעל איך זײ אױפשטעלן פון צװישן זײערע ברידער, אַזאַ װי דו, און איך װעל אַרײַנגעבן מײַנע װערטער אין זײַן מױל, און ער װעט רעדן צו זײ אַלץ װאָס איך װעל אים באַפעלן. [19]און עס װעט זײַן, דער מאַן װאָס װעט ניט צוהערן צו מײַנע װערטער װאָס ער װעט רעדן אין מײַן נאָמען, װעל איך אױפמאָנען פון אים. [20]אָבער דער נביא װאָס

[א] פאַרברענען צום גאָט מולך.

ווערט מוטוויליקן צו רעדן אין מיין נאָמען אַ וואָרט וואָס איך
האָב אים ניט באַפוילן צו רעדן, אָדער דער וואָס וועט רעדן
אין נאָמען פון פרעמדע געטער, יענער נביא זאָל שטאַרבן.
[21]און אויב דו וועסט זאָגן אין דיין האַרצן: ווי אַזוי וועלן מיר
דערקענען דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט עס ניט גערעדט? [22]אַז
דער נביא וועט רעדן אין נאָמען פון גאָט, און דאָס וואָרט וועט
ניט געשען און ניט אָנקומען, איז דאָס אַ וואָרט וואָס גאָט האָט
עס ניט גערעדט; מיט מוטוויליקייט האָט עס דער נביא
גערעדט; זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר אים.

יט [1]אַז גאָט דיין האַר וועט פאַרשניידן די פעלקער וואָס
גאָט דיין האַר גיט דיר זייער לאַנד, און וועסט זיי
ירשען, און זיך באַזעצן אין זייערע שטעט, און אין זייערע
הייזער, [2]זאָלסטו דיר אָפּשיידן דריי שטעט אין מיטן פון דיין
לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר, עס צו אַרבן. [3]זאָלסט דיר
אָפּמאַרקירן דעם וועג, און אַיינטיילן אין דרייען דאָס געמאַרק
פון דיין לאַנד וואָס גאָט דיין האַר וועט דיך מאַכן אַרבן, און
עס זאָל זיין אויף צו אַנטלויפן אַהין פאַר איטלאַכן טויטשלעגער.
[4]און דאָס איז דער פאַל פון דעם טויטשלעגער וואָס קען
אַהין אַנטלויפן און בלייבן לעבן: דער וואָס וועט דערשלאָגן
זיין חבר אָן אַ כיוון, און ער איז אים ניט געווען אַ שונא פון
נעכטןדאייערנעכטן; [5]ווי אַז איינער וועט קומען מיט זיין חבר
אין וואַלד האַקן בוימער, און זיין האַנט וועט זיך פאַרמעסטן
מיט דער האַק אָפּצוהאַקן דעם בוים, און דער אַייזן וועט
אָפּשפרינגען פון שטיל, און וועט טרעפן זיין חבר, און ער וועט
שטאַרבן; ער זאָל אַנטלויפן אין איינער פון דידאָזיקע שטעט,
און בלייבן לעבן; [6]כדי דער בלוטמאָנער זאָל ניט נאָכיאָגן
דעם טויטשלעגער ווען זיין האַרץ איז הייס, און אים כאַפּן,
ווייל דער וועג איז אַ ווייטער, און אים דערשלאָגן צום טויט,

ווען אים קומט ניט טויטשטראָף, ווייל ער איז אים ניט געווען
אַ שונא פון נעכטן־אייערנעכטן. [7]דרום באַפעל איך דיר, אַזוי
צו זאָגן: דריי שטעט זאָלסטו דיר אָפּשיידן. [8]און אויב גאָט דיין
האַר וועט דערברייטערן דיין געמאַרק, אַזוי ווי ער האָט
געשוואָרן דיינע עלטערן, און וועט דיר געבן דאָס גאַנצע לאַנד
וואָס ער האָט צוגעזאָגט דיינע עלטערן צו געבן—[9]אַז דו וועסט
היטן אַלדאָסדאָזיקע געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט עס
צו טאָן, ליב צו האָבן גאָט דיין האַר, און צו גיין אין זיינע וועגן
אַלע טעג—זאָלסטו דיר צולייגן נאָך דריי שטעט צו דידאָזיקע
דריי; [10]כּדי עס זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן אומשולדיק בלוט אין
דיין לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה, און עס
זאָל ניט זיין אויף דיר קיין בלוט.

[11]אָבער אַז אַ מאַן וועט זיין אַ שונא זיין חבר, און ער וועט
לויערן אויף אים, און וועט אויפשטיין אויף אים, און וועט אים
שלאָגן צום טויט, און ער וועט שטאַרבן; און ער וועט אַנטלויפן
אין איינער פון דידאָזיקע שטעט, [12]זאָלן שיקן די עלטסטע פון
זיין שטאָט, און אים נעמען פון דאָרטן, און אים איבערגעבן
אין האַנט פון דעם בלוטמאָנער, און ער זאָל שטאַרבן. [13]דיין
אויג זאָל זיך ניט דערבאַרימען אויף אים, און זאָלסט אויס־
ראַמען אומשולדיק [פאַרגאָסן] בלוט פון ישראל, כּדי דיר זאָל
גוט זיין.

[14]זאָלסט ניט פאַררוקן דעם גרענעץ פון דיין חבר, וואָס
די פריערדיקע האָבן אָפּגעגרענעצט, אין דיין נחלה וואָס דו
וועסט ירשען, אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר, עס
צו אַרבן.

[15]עס זאָל ניט אויפשטיין איין עדות קעגן אַ מאַן וועגן אַ
שום פאַרברעך אָדער אַ שום פאַרזינדיקונג—אין אַ שום זינד
וואָס ער האָט געזינדיקט; דורך דעם מויל פון צוויי עדות,

אָדער דורך דעם מויל פון דריי עדות, זאָל אַ זאַך באַשטיין.
[16]אַז עס וועט אויפשטיין אַן אומגערעכטער עדות אַקעגן אַ מאַן,
צו זאָגן אויף אים פאַרקערטע עדות, [17]זאָלן די צוויי מענטשן
וואָס האָבן דעם שטרייט, זיך שטעלן פאַר גאָט, פאַר די כֹּהנים
און די ריכטער וואָס וועלן זיין אין יענע טעג. [18]און אויב
די ריכטער וועלן גוט אויספאָרשן, ערשט דער עדות איז
אַ פאַלשער עדות, ליגן האָט ער געזאָגט אויף זיין ברודער,
[19]זאָלט איר טאָן צו אים, אַזוי ווי ער האָט געטראַכט צו טאָן
צו זיין ברודער; און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון צווישן
דיר. [20]און די איבעריקע וועלן הערן און וועלן מורא האָבן,
און וועלן מער ניט טאָן אַזוי ווי דידאָזיקע שלעכטע זאַך צווישן
דיר. [21]און דיין אויג זאָל זיך ניט דערבאַרימען: אַ נפש פאַר
אַ נפש, אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן, אַ האַנט פאַר
אַ האַנט, אַ פוס פאַר אַ פוס.

כ [1]אַז דו וועסט אַרויסגיין אויף מלחמה אַקעגן דיין פיינט,
און וועסט זען פערד און רייטוועגן, פאָלק מער פון דיר,
זאָלסטו ניט מורא האָבן פאַר זיי, וואָרום גאָט דיין האַר איז
מיט דיר, דער וואָס האָט דיך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם.
[2]און עס וועט זיין, ווי איר דערנענטערט זיך צו דער מלחמה,
אַזוי זאָל גענענען דער כֹּהן, און זאָל רעדן צום פאָלק, [3]און
זאָגן צו זיי: הער, ישׂראל, איר גענענט היינט אויף מלחמה אַקעגן
אײַערע פיינט, זאָל ניט שלאַף ווערן אײַער האַרץ; איר זאָלט
ניט מורא האָבן און ניט אײַלן און זיך ניט שרעקן פאַר זיי; [4]וואָרום
גאָט אײַער האַר איז דער וואָס גייט מיט אײַך, מלחמה צו
האַלטן פאַר אײַך אַקעגן אײַערע פיינט, אײַך צו העלפן. [5]און די
אויפזעער זאָלן רעדן צום פאָלק, אַזוי צו זאָגן: איז ווער עמיצער
דאָ וואָס האָט געבויט אַ ניי הויז, און האָט עס ניט באַנייט?
זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער שטאַרבט

ער אין מלחמה, און אַן אַנדער מאַן וועט עס באַנייען. 6אָדער
איז ווער עמיצער דאָ וואָס האָט געפלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן, און
האָט אים ניט אָנגעהויבן? זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זייַן
היים, טאָמער שטאַרבט ער אין מלחמה, און אַן אַנדער מאַן
וועט עס אָנהייבן. 7אָדער איז ווער עמיצער דאָ וואָס האָט
פאַרקנסט אַ ווייַב, און האָט זי ניט גענומען? זאָל ער גיין און
זיך אומקערן צו זייַן היים, טאָמער שטאַרבט ער אין מלחמה,
און אַן אַנדער מאַן וועט זי נעמען. 8און די אויפזעער זאָלן
ווייטער רעדן צום פאָלק, און זאָגן: איז ווער עמיצער דאָ וואָס
איז שרעקעדיק און ווייכהאַרציק? זאָל ער גיין און זיך
אומקערן צו זייַן היים, כּדי דאָס האַרץ פון זייַנע ברידער
זאָל ניט צעגיין אַזוי ווי זייַן האַרץ. 9און עס וועט זייַן,
ווי די אויפזעער ענדיקן רעדן צום פאָלק, אַזוי זאָלן זיי
אויפזעצן חיל־פירער איבערן פאָלק.

10אַז דו וועסט גענענען צו אַ שטאָט, צו האַלטן מלחמה
אויף איר, זאָלסטו איר צורופן שלום. 11און עס וועט זייַן, אויב
זי וועט דיר ענטפערן שלום, און וועט דיר עפענען, איז, דאָס
גאַנצע פאָלק, וואָס געפינט זיך אין איר, זאָל דיר ווערן צו צינז
און דיר דינען. 12אויב אָבער זי וועט ניט אײַנגיין אויף שלום
מיט דיר, און וועט מאַכן מלחמה מיט דיר, זאָלסטו לעגערן
אויף איר; 13און אַז גאָט דייַן האַר וועט זי געבן אין דייַן האַנט,
זאָלסטו טייטן אַלע אירע מאַנספאַרשוינען מיטן שאַרף פון
שווערד. 14נאָר די ווייבער און די קליינע קינדער, און די
בהמות, און אַלץ וואָס וועט זייַן אין דער שטאָט, איר גאַנצן
רויב, זאָלסטו רויבן פאַר דיר; און זאָלסט עסן דעם רויב פון
דייַנע פייַנט, וואָס גאָט דייַן האַר האָט דיר געגעבן. 15אַזוי
זאָלסטו טאָן צו אַלע שטעט וואָס זייַנען זייער ווייט פון דיר,
וואָס זיי זייַנען ניט פון די שטעט פון די היגע פעלקער. 16אָבער

פון די שטעט פון די היגע אומות, וואָס גאָט דײַן האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה, זאָלסטו ניט לאָזן לעבן קיין אָטעם. [17]נײַערט פאַרוויסטן זאָלסטו זיי פאַרוויסטן: דעם חתּי, און דעם אֶמוֹרי, דעם כּנַעֲני, און דעם פּרִזי, דעם חִוִי, און דעם יבוּסי, אַזוי ווי גאָט דײַן האַר האָט דיר באַפּוילן; [18]כּדי זיי זאָלן אײַך ניט לערנען צו טאָן אַזוי ווי אַלע זייערע אומווערדיקייטן וואָס זיי האָבן געטאָן צו זייערע געטער, און איר וועט זינדיקן צו יהוה אײַער גאָט.

[19]אַז דו וועסט לעגערן אויף אַ שטאָט פיל טעג צו האַלטן מלחמה אויף איר, כּדי זי אײַנצונעמען, זאָלסטו ניט צעשטערן אירע בוימער דורך אויפהייבן דערויף אַ האַק; ווייל עסן פון זיי מעגסטו, אָבער זיי אָפּהאַקן טאָרסטו ניט; וואָרום איז דער בוים פון פעלד אַ מענטש, צו זיין אין באַלעגערונג פון דיר? [20]בלויז אַ בוים וואָס דו ווייסט, אַז ער איז ניט אַ בוים צו עסן, אים מעגסטו צעשטערן און אָפּהאַקן, און בויען באַלאַגערווערק אַרום דער שטאָט וואָס האַלט מיט דיר מלחמה, ביז איר נידערונג.

**כא** [1]אַז אַ געהרגעטער וועט געפונען ווערן ליגנדיק אין פעלד, אין דעם לאַנד וואָס גאָט דײַן האַר גיט דיר עס צו אַרבן, און עס איז ניט באַוווּסט ווער עס האָט אים דער־שלאָגן, [2]זאָלן אַרויסגיין דײַנע עלטסטע און דײַנע ריכטער, און זיי זאָלן אָפּמעסטן ביז די שטעט וואָס אַרום דעם געהרגעטן. [3]און עס זאָל זײַן: די שטאָט וואָס איז די נעענטסטע צום געהרגעטן, זאָלן די עלטסטע פון יענער שטאָט נעמען אַ יונגע קו, וואָס מיט איר איז נאָך ניט געאַרבעט געוואָרן, וואָס האָט נאָך ניט געצויגן אַ יאָך. [4]און די עלטסטע פון יענער שטאָט זאָלן אַראָפּפירן די יונגע קו צו אַ האַרטן טאָל, וואָס ווערט ניט באַאַרבעט און ניט באַזייט; און זיי זאָלן אָפּהאַקן דער יונגער קו דאָס געניק דאָרטן אין טאָל. [5]און די כּהנים, די קינדער

פון לֵוִי, זאָלן גענענען; וואָרום זיי האָט גאָט דײַן האַר אויס־
דערוויילט אים צו טאָן דינסט, און צו בענטשן אין נאָמען פון
גאָט, און לויט זייער מויל זאָל זײַן בײַ יעטוועדער שטרײַט און
יעטוועדער שעדיקונג. [6]און אַלע עלטסטע פון יענער שטאָט, די
נענטסטע צום געהרגעטן, זאָלן וואַשן זייערע הענט איבער
דער יונגער קו וואָס מע האָט איר אָפּגעהאַקט דאָס גניק אין
טאָל. [7]און זיי זאָלן אויסרופן און זאָגן: אונדזערע הענט האָבן
ניט פאַרגאָסן דאָסדאָזיקע בלוט, און אונדזערע אויגן האָבן ניט
געזען. [8]פאַרגיב דײַן פאָלק ישׂראל, וואָס דו, גאָט, האָסט אויס־
געלייזט, און לאָז ניט אומשולדיק [פאַרגאָסן] בלוט צווישן דײַן
פאָלק ישׂראל, און זיי זאָל פאַרגעבן ווערן דאָס בלוט. [9]אַזוי
זאָלסטו אויסראַמען אומשולדיק [פאַרגאָסן] בלוט פון צווישן
דיר; אויב דו ווילסט טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן
פון גאָט.

## כִּי תֵצֵא

[10]אַז דו וועסט אַרויסגיין אין מלחמה אַקעגן דײַנע פײַנט,
און גאָט דײַן האַר וועט זיי געבן אין דײַן האַנט, און וועסט
פאַנגען פון זיי געפאַנגענע, [11]און וועסט זען צווישן די געפאַנגענע
אַ פרוי שיין אין געשטאַלט, און וועסט זי גלוסטן, און וועסט זי
דיר וועלן נעמען פאַר אַ ווײַב, [12]זאָלסטו זי ברענגען אין דײַן הויז,
און זי זאָל אָפּגאָלן איר קאָפּ, און אָפּשנײַדן אירע נעגל; [13]און
זי זאָל אויסטאָן פון זיך די קליידונג פון איר געפאַנגענשאַפט,
און זיצן אין דײַן הויז, און באַוויינען איר פאָטער און איר
מוטער אַ חודש צײַט, און דערנאָך זאָלסטו קומען צו איר, און זי
באַמאַנען, און זי זאָל דיר ווערן פאַר אַ ווײַב. [14]און עס וועט
זײַן, אויב זי וועט דיר ניט געפעלן, זאָלסטו זי לאָזן גיין וווהין
זי וויל, אָבער פאַרקויפן פאַר געלט זאָלסטו זי ניט פאַרקויפן;

טאָרסט ניט באַלעבאַטעווען איבער איר; דערפאַר וואָס דו האָסט זי געפּייניקט.

[15]אַז אַ מאַן וועט האָבן צוויי ווייבער, איינע אַ באַליבטע און איינע אַ פאַרהאַסטע, און זיי וועלן אים געבערן זין, אי די באַליבטע אי די פאַרהאַסטע, און דער זון דער בכור וועט זיין פון דער פאַרהאַסטער, [16]איז, אין דעם טאָג וואָס ער גיט ירושה זיינע זין דאָס וואָס ער האָט, קען ער ניט מאַכן פאַר דעם בכור דעם זון פון דער באַליבטער איבער דעם זון פון דער פאַרהאַסטער, וואָס איז דער בכור. [17]נייערט דעם בכור דעם זון פון דער פאַרהאַסטער מוז ער אָנדערקענען, אים צו געבן צוויי חלקים פון אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט; וואָרום ער איז דער ערשטלינג פון זיין קראַפט, צו אים געהערט דאָס רעכט פון דער בכורה.

[18]אַז אַ מאַן וועט האָבן אַ זון אַן אָפּקערער און אַ ווידער־שפּעניקער, וואָס הערט ניט צו דעם קול פון זיין פאָטער, און צו דעם קול פון זיין מוטער, און זיי וועלן אים שטראָפן, און ער וועט ניט צוהערן צו זיי, [19]זאָל זיין פאָטער און זיין מוטער אים אָננעמען, און אים אַרויספירן צו די עלטסטע פון זיין שטאָט, און צו דעם טויער פון זיין אָרט. [20]און זיי זאָלן זאָגן צו די עלטסטע פון זיין שטאָט: דערדאָזיקער זון אונדזערער איז אַן אָפּקערער און אַ ווידערשפּעניקער, ער הערט ניט צו אונדזער קול; ער איז אַ פרעסער און אַ זויפער. [21]און אַלע מענטשן פון זיין שטאָט זאָלן אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און ער זאָל שטאַרבן. און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון צווישן דיר; און גאַנץ ישׂראל וועלן הערן, און וועלן מורא האָבן.

[22]און אַז אויף אַ מאַן וועט זיין אַ זינד פון טויטשטראָף, און ער וועט געטייט ווערן, און וועסט אים אויפהענגען אויף אַ בוים, [23]זאָלסטו ניט לאָזן איבערנעכטיקן זיין טויטן לייב אויפן בוים; נאָר באַגראָבן זאָלסטו אים באַגראָבן אין דעם אייגענעם טאָג;

וואָרום אַ שענדונג פון גאָט איז אַ געהאַנגענער; און זאָלסט ניט פאַראומרייניקן דיין לאַנד, וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה.

כב [1]זאָלסט ניט זען דיין ברודערס אָקס אָדער זיין שעפּס פאַרבלאָנדזשעטע, און זיך פאַרהוילן פון זיי; אומקערן זאָלסטו זיי אומקערן צו דיין ברודער. [2]און אויב דיין ברודער איז ניט נאָנט פון דיר, אָדער דו קענסט אים ניט, זאָלסטו עס אַריינעמען אין דיין הויז, און עס זאָל זיין ביי דיר, ביז דיין ברודער פרעגט זיך נאָך אויף דעם, און וועסט עס אים אומקערן. [3]און אַזוי זאָלסטו טאָן מיט זיין אייזל, און אַזוי זאָלסטו טאָן מיט זיין קלייד, און אַזוי זאָלסטו טאָן מיט אַלעם פאַרלאָרענעם פון דיין ברודער, וואָס וועט פאַרלאָרן ווערן ביי אים, און דו וועסט עס געפינען; טאָרסט זיך ניט פאַרהוילן.

[4]זאָלסט ניט זען דיין ברודערס אייזל אָדער זיין אָקס געפאַלן אין וועג, און זיך פאַרהוילן פון זיי; אויפשטעלן זאָלסטו זיי אויפשטעלן אין איינעם מיט אים.

[5]אויף אַ פרוי זאָל ניט זיין אַ בגד פון אַ מאַנספאַרשוין, און אַ מאַנספאַרשוין זאָל ניט אָנטאָן אַ קלייד פון אַ פרוי; וואָרום אַן אומווערדיקייט ביי גאָט דיין האַר איז איטלאַכער וואָס טוט דאָס.

[6]אַז פאַר דיר וועט זיך טרעפן אין וועג אַ נעסט פון אַ פויגל אויף ערגעץ אַ בוים, אָדער אויף דער ערד, מיט פייגעלאַך אָדער אייער, און די מוטער זיצט אויף די פייגעלאַך אָדער אויף די אייער, זאָלסטו ניט נעמען די מוטער אין איינעם מיט די קינדער. [7]אַוועקלאָזן זאָלסטו אַוועקלאָזן די מוטער, און די קינדער זאָלסטו נעמען צו דיר; כדי דיר זאָל גוט זיין, און זאָלסט מאַריך־יָמים זיין.

[8]אַז דו וועסט בויען אַ ניי הויז, זאָלסטו מאַכן אַ געלענדער

צו דיין דאַך, כדי זאָלסט ניט ברענגען בלוט אויף דיין הויז,
אַז עמיצער וועט אַראָפּפאַלן פון אים.
[9]זאָלסט ניט פאַרזייען דיין וויינגאָרטן געמישט, כדי עס זאָל
ניט הייליק ווערן[א] אי די שֶפע פון דעם זאָמען וואָס דו וועסט
זייען, אי דער אַיינטראָג פון דעם וויינגאָרטן.
[10]זאָלסט ניט אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל אין איינעם.
[11]זאָלסט ניט אָנטאָן שַעַטנֵז, וואָל מיט פלאַקס אין איינעם.
[12]פרענדז זאָלסטו דיר מאַכן אויף די פיר עקן פון דיין
צודעק וואָס דו דעקסט זיך דערמיט צו.
[13]אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ ווייב, און וועט קומען צו איר,
און וועט זי פיינט קריגן, [14]און ער וועט מאַכן אויף איר אַ בלבול,
און אַרויסלאָזן אויף איר אַ שֵם־רַע, און זאָגן: איך האָב גענומען
דידאָזיקע ווייב, און איך האָב צו איר גענענט, און האָב ביי איר
ניט געפונען קיין בתולים; [15]זאָל דער פאָטער פון דער מיידל,
און איר מוטער, נעמען און אַרויסברענגען די בתולים פון דער
מיידל צו די עלטסטע פון שטאָט, אין טויער. [16]און דער
פאָטער פון דער מיידל זאָל זאָגן צו די עלטסטע: איך האָב
געגעבן מיין טאָכטער צו דעמדאָזיקן מאַן פאַר אַ ווייב, און
ער האָט זי פיינט געקריגן; [17]און אָט מאַכט ער אַ בלבול, אַזוי
צו זאָגן: איך האָב ניט געפונען ביי דיין טאָכטער קיין בתולים;
און דאָס זיינען די בתולים פון מיין טאָכטער. און זיי זאָלן
פאַנאַנדערשפרייטן די דעקע פאַר די עלטסטע פון שטאָט.
[18]און די עלטסטע פון יענער שטאָט זאָלן נעמען דעם מאַן
און אים שטראָפן. [19]און זיי זאָלן אים קְנסען הונדערט
זילבערשטיק, און געבן דעם פאָטער פון דער מיידל; ווייל
ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ שֵם־רַע אויף אַ יונגפרוי פון ישׂראל.
און זי זאָל אים בלייבן פאַר אַ ווייב; ער קען זי ניט אַוועקשיקן
אַלע זיינע טעג.

[א] ד. ה. פאַרווערט פאַרן געברויך.

[20]אויב אָבער דידאָזיקע זאַך איז אמת, עס זיינען ניט געפונען געוואָרן קיין בתולים ביי דער מיידל, [21]זאָל מען אַרויספירן די מיידל צום איינגאַנג פון איר פאָטערס הויז, און די מענטשן פון איר שטאָט זאָלן זי פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און זי זאָל שטאַרבן; ווייל זי האָט געטאָן אַ נבֿלה אין ישׂראל, מזנה צו זיין אין איר פאָטערס הויז. און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון צווישן דיר.

[22]אַז אַ מאַן וועט געפונען ווערן ליגנדיק מיט אַ פרוי אַן אשת־איש, זאָלן זיי ביידע שטאַרבן, אי דער מאַן וואָס איז געלעגן מיט דער פרוי, אי די פרוי. און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון ישׂראל.

[23]אַז אַ מיידל אַ יונגפרוי וועט זיין פאַרקנסט צו אַ מאַן, און אַ מאַן וועט זי טרעפן אין שטאָט, און וועט ליגן מיט איר, [24]זאָלט איר זיי ביידן אַרויספירן צום טויער פון יענער שטאָט, און איר זאָלט זיי פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און זיי זאָלן שטאַרבן: די מיידל דערפאַר וואָס זי האָט ניט געשריען אין שטאָט, און דער מאַן, דערפאַר וואָס ער האָט געפייניקט זיין חברס ווייב. און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון צווישן דיר.

[25]אויב אָבער דער מאַן וועט טרעפן די פאַרקנסטע מיידל אין פעלד, און דער מאַן וועט זי אָנכאַפּן, און וועט ליגן מיט איר, זאָל בלויז שטאַרבן דער מאַן וואָס איז מיט איר געווען; [26]און דער מיידל זאָלסטו קיין זאַך ניט טאָן; ניטאָ אויף דער מיידל קיין טויטזינד; וואָרום אַזוי ווי אַ מאַן שטייט אויף קעגן זיין חבר, און דערהרגעט אים אויף טויט, אַזוי איז דידאָזיקע זאַך. [27]וואָרום אין פעלד האָט ער זי געטראָפן; די פאַרקנסטע מיידל האָט געשריען, און ניט געווען ווער זאָל איר העלפן.

[28]אַז אַ מאַן וועט טרעפן אַ מיידל, אַ יונגפרוי וואָס איז ניט פאַרקנסט, און ער וועט זי אָנכאַפּן, און וועט ליגן מיט איר,

און זיי וועלן געפֿונען ווערן, 29 זאָל דער מאַן וואָס איז געלעגן
מיט איר, געבן דעם פֿאָטער פֿון דער מיידל פֿופֿציק זילבער־
שטיק, און זי זאָל אים ווערן פֿאַר אַ ווייב, דערפֿאַר וואָס ער
האָט זי געפּייניקט; ער קען זי ניט אַוועקשיקן אַלע זיינע טעג.

כג 1 קיינער זאָל ניט נעמען זיין פֿאָטערס ווייב, און ניט
אַנטפּלעקן זיין פֿאָטערס צודעק[א].
2 אַ צעדריקטער אָדער אַ פֿאַרשניטענער אין די שאַנד־
גלידער זאָל ניט קומען אין דער עדה פֿון גאָט.
3 אַ ממזר זאָל ניט קומען אין דער עדה פֿון גאָט; צומאָל
דער צענטער דור פֿון אים זאָל ניט קומען אין דער עדה פֿון
גאָט.
4 אַן עמוני און אַ מואָבי זאָל ניט קומען אין דער עדה פֿון
גאָט; צומאָל דער צענטער דור זאָל ניט קומען פֿון זיי אין דער
עדה פֿון גאָט, ביז אייביק; 5 דערפֿאַר וואָס זיי זיינען אייך ניט
אַקעגנגעקומען מיט ברויט און מיט וואַסער אונטערוועגנס,
ווען איר זייט אַרויסגעגאַנגען פֿון מִצרַיִם, און וואָס ער האָט
געדונגען אויף דיר בִּלעָם דעם זון פֿון בְּעוֹרן פֿון פּתוֹר אין אֲרַם־
נַהֲרַיִם, דיך צו שילטן; 6 נאָר גאָט דיין האַר האָט ניט געוואָלט
צוהערן צו בִּלעָמען, און גאָט דיין האַר האָט דיר פֿאַרקערט
די קללה אין אַ ברכה; ווייל גאָט דיין האַר האָט דיך ליב.
7 זאָלסט ניט זוכן זייער פֿריד און זייער וווילזיין, אַלע דיינע
טעג אויף אייביק.
8 זאָלסט ניט פֿאַראומווערדיקן אַן אֲדוֹמי, וואָרום ער איז
דיין ברודער; זאָלסט ניט פֿאַראומווערדיקן אַ מִצרי, וואָרום
דו ביסט געוווען אַ פֿרעמדער אין זיין לאַנד. 9 די קינדער וואָס
ווערן געבאָרן פֿון זיי, דער דריטער דור, מעגן קומען פֿון זיי
אין דער עדה פֿון גאָט.

[א] אין טעקסט: כָּנָף, עק קלייד.

10אַז דו וועסט אַרויסגיין אין לאַגער אַקעגן דיינע פיינט,
זאָלסטו זיין אָפּגעהיט פון איטלאַכער שלעכטער זאַך. 11אַז
צווישן דיר וועט זיין אַ מאַן וואָס וועט ניט זיין ריין, דורך אַ
נאַכטיקער סיבה, זאָל ער אַרויסגיין אויסן לאַגער; ער טאָר ניט
אַריינקומען אין לאַגער. 12און עס זאָל זיין: אַקעגן אָוונט זאָל
ער זיך בּאָדן אין וואַסער, און ווי די זון גייט אונטער, זאָל ער
אַריינקומען אין לאַגער.
13און אַן אָרט זאָלסטו האָבּן אויסן לאַגער, און אַהין זאָלסטו
גיין אַרויס. 14און אַ פּלעקל זאָלסטו האָבּן בײַ דיין וואָפן;
און עס וועט זיין, אַז דו זעצסט זיך דרויסן, זאָלסטו
דערמיט אויפגראָבּן, און זיך אומקערן און פאַרדעקן דיין קויט.
15וואָרום גאָט דיין האַר גייט אום אין מיטן פון דיין לאַגער, דיך
צו באַשירעמען, און איבּערצוגעבּן דיינע פיינט צו דיר; דרום
זאָל דיין לאַגער זיין הייליק, כדי ער זאָל ניט זען בײַ דיר אַ
מיאוסע זאַך, און זיך אָפּקערן פון דיר.
16זאָלסט ניט איבּערענטפערן אַ קנעכט צו זיין האַר, אַז ער
וועט זיך ראַטעווען צו דיר פון זיין האַר. 17בײַ דיר זאָל ער
זיצן, אין דיין מיט, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסדערוויילן,
אין איינעם פון דיינע טויערן, ווו אים איז בעסער; זאָלסט אים
ניט קריוודען.
18עס זאָל ניט זיין אַ שאַנדפרוי פון די טעכטער פון ישׂראל,
און עס זאָל ניט זיין אַ שאַנדיונג פון די זין פון ישׂראל.
19זאָלסט ניט ברענגען דעם לוין פון אַ זונה, און דאָס
געצאָלט פון אַ הונט, אין דעם הויז פון גאָט דיין האַר, פאַר אַ שום
נדר, וואָרום אַן אומווערדיקייט בײַ גאָט דיין האַר זיינען זיי
ביידע.
20זאָלסט ניט לייען דיין ברודער אויף צינזן; צינזן פון געלט,
צינזן פון עסנוואַרג, צינזן פון יעטוועדער זאַך וואָס טראָגט צינזן.

21 דעם פרעמדן מעגסטו לייען אויף צינזן, אָבער דיין ברודער
טאָרסטו ניט לייען אויף צינזן; כּדי גאָט דיין האַר זאָל דיך
בענטשן אין אַלץ צו וואָס דיין האַנט נעמט זיך, אין דעם לאַנד
וואָס דו קומסט אַהין, עס צו אַרבן.
22 אַז דו וועסט מנדר זיין אַ נדר צו גאָט דיין האַר, זאָלסטו
זיך ניט שפּעטיקן אים צו באַצאָלן; וואָרום מאָנען וועט אים
מאָנען גאָט דיין האַר פון דיר, און אויף דיר וועט זיין אַ זינד.
23 אויב אָבער דו וועסט זיך פאַרמיידן פון מנדר זיין, וועט אויף
דיר ניט זיין קיין זינד. 24 וואָס גייט אַרויס פון דיין מויל זאָלסטו
אָפּהיטן, און זאָלסט טאָן אַזוי ווי דו האָסט פרייוויליק מנדר
געווען צו גאָט דיין האַר—וואָס דו האָסט אַרויסגערעדט מיט
דיין מויל.
25 אַז דו קומסט אין דיין חברס וויינגאָרטן, מעגסטו עסן
וויינטרויבן צו זאַט וויפיל דו ווילסט, אָבער אין דיין כּלי
זאָלסטו ניט אַריינטאָן.
26 אַז דו קומסט אין דיין חברס תּבואה, מעגסטו אָפּרייסן
זאַנגען מיט דיין האַנט, אָבער אַ שניידמעסער טאָרסטו ניט
אויפהייבן אויף דיין חברס תּבואה.
כד 1 אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ ווייב און זי באַמאַנען, איז,
אויב זי וועט געפינען אַן אומחן אין זיינע אויגן, ווייל
ער האָט אויסגעפונען אין איר אַ מיאוסע זאַך, און ער וועט איר
שרייבן אַ גט, און געבן אין איר האַנט, און וועט זי אַוועקשיקן
פון זיין הויז, 2 און זי וועט אַוועק פון זיין הויז, און גיין און ווערן
אַן אַנדער מאַנס, 3 און דער לעצטער מאַן וועט זי פיינט קריגן,
און וועט איר שרייבן אַ גט, און געבן אין איר האַנט, און וועט
זי אַוועקשיקן פון זיין הויז, אָדער דער לעצטער מאַן וואָס האָט
זי גענומען פאַר אַ ווייב צו אים, וועט שטאַרבן, 4 טאָר ניט איר
ערשטער מאַן, וואָס האָט זי אַוועקגעשיקט, זי צוריקנעמען צו

ווערן פאַר אַ ווייב צו אים, נאָכדעם אַז זי איז פאַראומרייניקט
געוואָרן; וואָרום אַן אומווערדיקייט איז דאָס פאַר גאָט;
און זאָלסט ניט זינדיק מאַכן דאָס לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט
דיר פאַר אַ נחלה.
5 אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ נייע ווייב, זאָל ער ניט אַרויס־
גיין אין חיל, און אויף אים זאָל ניט אַרויפגעלייגט ווערן קיין
זאַך; פריי זאָל ער זיין פאַר זיין היים איין יאָר, און דערפרייען
זיין ווייב וואָס ער האָט גענומען.
6 מע זאָל ניט נעמען אין משכון אַ האַנטמיל אָדער אַן
אויבערשטן מילשטיין; וואָרום אַ נפש נעמט מען אין משכון.
7 אַז עמיצער וועט געפונען ווערן גנבענדיק אַ נפש פון
זיינע ברידער, פון די קינדער פון ישׂראל, און ער וועט
באַלעבאַטעווען איבער אים, און וועט אים פאַרקויפן, זאָל
שטאַרבן יענער גנב. און זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון
צווישן דיר.
8 זיי אָפּגעהיט מיט דער פּלאָג פון צרעת, צו היטן זייער
און צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס די כּהנים פון שבט לֵוִי וועלן אייך
לערנען; אַזוי ווי איך האָב זיי באַפוילן, זאָלט איר היטן צו טאָן.
9 געדענק וואָס גאָט דיין האַר האָט געטאָן צו מרימען אונטער־
וועגנס[א], ווען איר זייט אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם.
10 אַז דו וועסט אַנטלייען דיין חבר וואָסער עס איז הלוואה,
זאָלסטו ניט אַריינגיין צו אים אין הויז צו נעמען זיין משכון.
11 דרויסן זאָלסטו שטיין, און דער מאַן וואָס דו אַנטלייסט אים,
זאָל דיר אַרויסטראָגן דעם משכון דרויסן. 12 און אויב ער איז
אַן אָרעמאַן, זאָלסטו זיך ניט לייגן מיט זיין משכון. 13 אומקערן
זאָלסטו אים אומקערן דעם משכון, ווי די זון גייט אונטער; כּדי
ער זאָל זיך לייגן אין זיין צודעק, און דיך בענטשן; און פון דיר
וועט עס זיין אַ גערעכטיקייט פאַר גאָט דיין האַר.

[א] זע בַּמִדְבָּר יב, 9.

[14]זאָלסט ניט דריקן אַן אָרעמען און נויטבאַדערפטיקן לוינאַרבעטער פון דיינע ברידער, אָדער פון דיין פרעמדן וואָס איז אין דיין לאַנד, אין דיינע טויערן. [15]אין דעם אייגענעם טאָג זאָלסטו אָפּגעבן זיין לוין, און די זון זאָל ניט אונטערגיין דערויף; וואָרום ער איז אַן אָרעמאַן, און ער קוקט אויס דערויף; כּדי ער זאָל ניט רופן אויף דיר צו גאָט, און אויף דיר וועט זיין אַ זינד.

[16]פאָטערס זאָלן ניט געטייט ווערן פאַר קינדער, און קינדער זאָלן ניט געטייט ווערן פאַר פאָטערס; יעטוועדער פאַר זיין זינד זאָל געטייט ווערן.

[17]זאָלסט ניט פאַרדרייען דעם משפּט פון אַ פרעמדן, פון אַ יתום; און זאָלסט ניט נעמען אין משכּון דעם בגד פון אַן אַלמנה. [18]און זאָלסט געדענקען אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין מִצרַיִם, און גאָט דיין האַר האָט דיך אויסגעלייזט פון דאָרטן; דרום באַפעל איך דיר צו טאָן די דאָזיקע זאַך.

[19]אַז דו וועסט שניידן דיין שניט אין פעלד, און וועסט פאַרגעסן אַ גאַרב אין פעלד, זאָלסטו זיך ניט אומקערן זי צו נעמען; פאַרן פרעמדן, פאַרן יתום, און פאַר דער אַלמנה, זאָל עס זיין; כּדי גאָט דיין האַר זאָל דיך בענטשן אין יעטוועדער טואונג פון דיינע הענט. [20]אַז דו וועסט אָפּקלאַפּן דיין איילבערטבוים, זאָלסטו ניט נאָכזוכן די צווייגן הינטער דיר; פאַרן פרעמדן, פאַרן יתום, און פאַר דער אַלמנה, זאָל עס זיין. [21]אַז דו וועסט האַרבסטן דיין וויינגאָרטן, זאָלסטו ניט נאָכקלייבן הינטער דיר; פאַרן פרעמדן, פאַרן יתום, און פאַר דער אַלמנה, זאָל עס זיין. [22]און זאָלסט געדענקען אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין לאַנד מִצרַיִם; דרום באַפעל איך דיר צו טאָן די דאָזיקע זאַך.

כה [1]אַז צווישן מענטשן וועט זיין אַ קריג, און זיי וועלן גענענען צום משפּט, און מע וועט זיי משפּטן, און גערעכט

מאַכן דעם גערעכטן, און שולדיק מאַכן דעם שולדיקן, [2]איז, אויב דעם שולדיקן קומט שלאָגן, זאָל דער ריכטער אים לאָזן אַנידערלייגן און שלאָגן פאַר זיין געזיכט, וועדליק זיין שולד, מיט אַ צאָל. [3]פערציק שלעג זאָל מען אים געבן, ניט מער; טאָמער שלאָגט מען אים מער ווי דאָס, צו פיל שלעג, וועט דיין ברודער געשענדט ווערן פאַר דיינע אויגן.

[4]זאָלסט ניט פאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל ווען ער דרעשט.

[5]אַז ברידער וועלן וווינען אין איינעם, און איינער פון זיי וועט שטאַרבן, און קיין קינד האָט ער ניט, זאָל דעם געשטאָרבענעמס ווייב ניט ווערן אַ פרעמדן מאַנס פון דרויסן; איר שוואָגער זאָל קומען צו איר, און זי נעמען פאַר אַ ווייב צו אים, און זי באַשווען. [6]און עס זאָל זיין: דער ערשטלינג וואָס זי וועט געבערן, זאָל זיין אויפן נאָמען פון זיין געשטאָרבענעם ברודער, כדי זיין נאָמען זאָל ניט אויסגעמעקט ווערן פון ישׂראל. [7]און אויב דער מאַן וועט ניט וועלן נעמען זיין שוועגערין, זאָל זיין שוועגערין אַרויפגיין אין טויער צו די עלטסטע, און זאָגן: מיין שוואָגער וויל ניט אויפשטעלן זיין ברודער אַ נאָמען אין ישׂראל; ער וויל מיך ניט באַשווען. [8]און די עלטסטע פון זיין שטאָט זאָלן אים רופן, און רעדן צו אים. און אַז ער וועט זיך שטעלן און זאָגן: איך וויל זי ניט נעמען, [9]זאָל זיין שוועגערין גענענען צו אים פאַר די אויגן פון די עלטסטע, און אַראָפּציִען זיין שוך פון זיין פוס, און אַ שפּיי טאָן אין זיין פּנים, און אויסרופן און זאָגן: אַזוי זאָל געטאָן ווערן צו דעם מאַן וואָס וויל ניט בויען זיין ברודערס הויז. [10]און זיין נאָמען זאָל גערופן ווערן אין ישׂראל: דאָס הויז פון דעם וואָס מיטן אַראָפּ־געצויגענעם שוך.

[11]אַז צוויי מענער וועלן זיך ראַנגלען צווישן זיך, איינער

מיטן אַנדערן, און איינעמס ווייב וועט גענענען אַרויסצו־
ראַטעווען איר מאַן פון זיין שלעגערס האַנט, און זי וועט אויס־
שטרעקן איר האַנט, און אים אָננעמען פאַר די ענגע ערטער,
[12]זאָלסטו אָפּהאַקן איר האַנט; דיין אויג זאָל זיך ניט דער־
באַרימען.
[13]זאָלסט ניט האָבן אין דיין בײַטל צווייערליי וואָגשטיינער,
אַ גרעסערן און אַ קלענערן. [14]זאָלסט ניט האָבן אין דיין
הויז צווייערליי איֵפָהס, אַ גרעסערע און אַ קלענערע. [15]אַ
פול און ריכטיק געוויכט זאָל זיין ביי דיר; אַ פולע און
ריכטיקע איֵפָה זאָל זיין ביי דיר; כּדי דיינע טעג זאָלן זיך
לענגערן אויף דער ערד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר. [16]וואָרום
אַן אומווערדיקייט ביי גאָט דיין האַר איז איטלאַכער וואָס טוט
דאָס—איטלאַכער וואָס טוט אַן עוולה.
[17]געדענק וואָס עֲמָלֵק האָט דיר געטאָן אונטערוועגנס, ווען
איר זייט אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם; [18]ווי ער האָט דיך
געטראָפן אונטערוועגנס, און האָט געשלאָגן דיינע הינטערשטע,
אַלע אָפּגעשלאַפטע הינטער דיר, בעת דו ביסט געווען פאַר־
שמאַכט און מיד; און ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר גאָט.
[19]דרום זאָל זיין, אַז גאָט דיין האַר באַרוט דיך פון אַלע דיינע
פיינט פון רונד אַרום, אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר
פאַר אַ נחלה, עס צו אַרבן, זאָלסטו אויסמעקן דעם זֵכֶר פון
עֲמָלֵק פון אונטערן הימל; זאָלסט ניט פאַרגעסן.

## כִּי תָבוֹא

כו [1]און עס וועט זיין, אַז דו וועסט קומען אין דעם לאַנד וואָס
גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה, און וועסט עס אַרבן,
און זיך באַזעצן דרינען, [2]זאָלסטו נעמען פונעם ערשטן פון
יעטוועדער פרוכט פון דער ערד, וואָס דו וועסט אַרייננעמען פון
דיין לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר, און זאָלסט אַריינטאָן

אין אַ קאָרבּ, און גיין צו דעם אָרט וואָס גאָט דיין האַר וועט
אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן. 3און זאָלסט
קומען צו דעם כּהן וואָס וועט זיין אין יענע טעג, און זאָגן צו
אים: איך זאָג היינט פאַר גאָט דיין האַר, אַז איך בין געקומען
אין דעם לאַנד וואָס גאָט האָט געשוואָרן אונדזערע עלטערן אונדז
צו געבן. 4און דער כּהן זאָל נעמען דעם קאָרבּ פון דיין האַנט,
און אים אַוועקשטעלן פאַר דעם מזבח פון גאָט דיין האַר. 5און
זאָלסט אויסרופן און זאָגן פאַר גאָט דיין האַר: אַ בלודנער
אַרַמי איז געווען מיין פאָטער, און ער האָט גענידערט קיין
מִצרַיִם, און האָט זיך דאָרטן אויפגעהאַלטן מיט אַ הייפל
מענטשן, און ער איז דאָרטן געוואָרן אַ פאָלק, גרויס, מאַכטיק,
און פיל. 6און די מִצרים האָבן אונדז שלעכטס געטאָן, און האָבן
אונדז געפּייניקט, און אַרויפגעלייגט אויף אונדז שווערע אַרבעט.
7און מיר האָבן געשריען צו גאָט דעם האַר פון אונדזערע עלטערן,
און גאָט האָט צוגעהערט אונדזער קול, און געזען אונדזער פּיין,
און אונדזער מאַטערניש, און אונדזער געדריקטקייט. 8און גאָט
האָט אונדז אַרויסגעצויגן פון מִצרַיִם מיט אַ שטאַרקער האַנט,
און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט גרויס פאַרכטיקייט,
און מיט צייכנס און מיט וווּנדער. 9און ער האָט אונדז
געבראַכט צו דעמדאָזיקן אָרט, און אונדז געגעבן דאָסדאָזיקע
לאַנד, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק. 10און אַצונד
זע, איך האָב געבראַכט דאָס ערשטע פון דער פרוכט פון דער
ערד וואָס דו, גאָט, האָסט מיר געגעבן. און זאָלסט עס אַוועק־
לייגן פאַר גאָט דיין האַר, און זיך בוקן פאַר גאָט דיין האַר.
11און זאָלסט זיך פרייען מיט אַלעם גוטן וואָס גאָט דיין האַר
האָט געגעבן דיר און דיין הויזגעזינט—דו, און דער לֵוִי, און דער
פרעמדער וואָס צווישן דיר.
12אַז דו וועסט ענדיקן מעשׂרן דעם גאַנצן מעשׂר פון דיין

תבואה אין דעם דריטן יאָר, דעם יאָר פון מעשׂר, זאָלסטו עס
געבן דעם לֵוִי, דעם פרעמדן, דעם יתום, און דער אַלמנה,
כּדי זיי זאָלן עסן אין דיינע טויערן, און זאַט זיין. [13]און זאָלסט
זאָגן פאַר גאָט דיין האַר: איך האָב אַרויסגעראַמט דאָס הייליקע
פון הויז, און האָב עס אויך אַוועקגעגעבן דעם לֵוִי, און דעם
פרעמדן, דעם יתום, און דער אַלמנה, אַזוי ווי אַל דיין געבאָט
וואָס דו האָסט מיר געבאָטן; איך בין ניט אַוועקגעגאַנגען פון
דיינע געבאָט, און האָב ניט פאַרגעסן. [14]איך האָב ניט געגעסן
אין מיין אַבלות דערפון, און איך האָב ניט אַרויסגעטראָגן
דערפון אומריינערהייט, און ניט געגעבן דערפון פאַר אַ טויטן;
איך האָב צוגעהערט צו דעם קָול פון גאָט מיין האַר; איך האָב
געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס דו האָסט מיר באַפוילן. [15]לוג פון דיין
הייליקער וווינונג, פון הימל, און בענטש דיין פאָלק ישׂראל,
און די ערד וואָס דו האָסט אונדז געגעבן, אַזוי ווי דו האָסט
געשוואָרן אונדזערע עלטערן–אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך
און האָניק.

[16]היינטיקן טאָג באַפעלט דיר גאָט דיין האַר צו טאָן
די דאָזיקע חוקים און די געזעצן; און זאָלסט זיי אָפּהיטן און טאָן
מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער זעל. [17]דו האָסט
היינט אויסדערוויילט יהוה אים צו האָבן פאַר דיין גאָט, און
צו גיין אין זיינע וועגן, און צו היטן זיינע חוקים און זיינע געבאָט
און זיינע געזעצן, און צוצוהערן צו זיין קָול. [18]און גאָט האָט
דיך היינט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַן אייגן פאָלק,
אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און צו היטן אַלע זיינע געבאָט;
[19]און דיך צו שטעלן העכער איבער אַלע פעלקער וואָס ער
האָט געמאַכט, פאַר אַ לויב, און פאַר אַ נאָמען, און פאַר אַ
שיינקייט, און כּדי זאָלסט זיין אַ הייליק פאָלק צו גאָט דיין
האַר, אַזוי ווי ער האָט גערעדט.

כז 1און משה און די עלטסטע פון ישׂראל האָבן באַפוילן
דעם פאָלק, אַזוי צו זאָגן: היט אַלע געבאָט וואָס איך
געביט אַייך היינט. 2און עס וועט זיין, אין דעם טאָג וואָס איר
וועט אַריבערגיין דעם יַרדן צו דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר
גיט דיר, זאָלסטו דיר אויפשטעלן גרויסע שטיינער, און זיי
באַקאַלכן מיט קאַלך. 3און זאָלסט אויפשרייבן אויף זיי אַלע
ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה, אַז דו וועסט אַריבערגיין;
כּדי זאָלסט קומען אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר,
אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, אַזוי ווי גאָט דער
האַר פון דיינע עלטערן האָט דיר צוגעזאָגט. 4און עס וועט זיין,
ווי איר גייט אַריבער דעם יַרדן, זאָלט איר אויפשטעלן
דידאָזיקע שטיינער וואָס איך באַפעל אַייך היינט, אויף דעם
באַרג עֵיבָל, און זאָלסט זיי באַקאַלכן מיט קאַלך. 5און זאָלסט
דאָרטן בויען אַ מזבח צו גאָט דיין האַר, אַ מזבח פון שטיינער;
זאָלסט ניט אויפהייבן אויף זיי אַן אַייזן. 6פון גאַנצע שטיינער
זאָלסטו בויען דעם מזבח פון גאָט דיין האַר; און זאָלסט
אויפברענגען אויף אים בראַנדאָפּפער צו גאָט דיין האַר. 7און
זאָלסט שלאַכטן פרידאָפּפער און עסן דאָרטן, און זיך פרייען
פאַר גאָט דיין האַר. 8און זאָלסט אויפשרייבן אויף די שטיינער
אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה זייער קלאָר.

9און משה און די כּהנים פון שבט לֵוִי האָבן גערעדט צו
גאַנץ ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: זיי שטיל און הער, ישׂראל: היינטיקן
טאָג ביסטו געוואָרן פאַר אַ פאָלק צו גאָט דיין האַר. 10דרום
זאָלסטו צוהערן צו דעם קָול פון גאָט דיין האַר, און טאָן
זיינע געבאָט און זיינע געזעצן וואָס איך געביט דיר היינט.

11און משה האָט באַפוילן דעם פאָלק אין יענעם טאָג, אַזוי
צו זאָגן: 12דידאָזיקע זאָלן שטיין אויפן באַרג גְרִזים צו בענטשן
דאָס פאָלק, ווען איר גייט אַריבער דעם יַרדן: שמעון, און לֵוִי,

און יהודה, און יִששָׂכָר, און יוסף, און בנימין. [13]און דידאָזיקע
זאָלן שטיין אויפֿן באַרג עֵיבָל פֿאַר דער קללה: ראובן, גָד,
און אָשר, און זבולון, דָן, און נפתלי. [14]און די לוִיִים זאָלן אויס־
רופֿן און זאָגן צו אַלע מענער פֿון ישׂראל אויף אַ הויכן קָול:

[15]פֿאַרשאָלטן דער מאַן, וואָס וועט מאַכן אַ געשניצט אָדער געגאָסן בילד, אַן אומווערדיקייט צו גאָט, דאָס ווערק פֿון אַ מײַנסטערס הענט, און אויפֿשטעלן אין פֿאַרבאָרגעניש!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זיך אָפּרופֿן און זאָגן: אָמן!

[16]פֿאַרשאָלטן דער וואָס איז מבֿזה זײַן פֿאָטער אָדער זײַן מוטער!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[17]פֿאַרשאָלטן דער וואָס פֿאַררוקט דעם גרענעץ פֿון זײַן חבֿר!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[18]פֿאַרשאָלטן דער וואָס פֿאַרפֿירט אַ בלינדן אין וועג!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[19]פֿאַרשאָלטן דער וואָס פֿאַרדרייט דעם משפּט פֿון אַ פֿרעמדן, אַ יתום, און אַן אַלמנה!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[20]פֿאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט זײַן פֿאָטערס ווײַב, וואָרום ער האָט אַנטפּלעקט זײַן פֿאָטערס צודעק!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[21]פֿאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט וואָסער עס איז בהמה!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[22]פֿאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט זײַן שוועסטער, זײַן פֿאָטערס טאָכטער, אָדער זײַן מוטערס טאָכטער!

און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

[23]פֿאַרשאָלטן דער וואָס ליגט מיט זיין שוויגער!
און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!
[24]פֿאַרשאָלטן דער וואָס שלאָגט זיין חבר אין פֿאַרבאָרגעניש!
און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!
[25]פֿאַרשאָלטן דער וואָס נעמט שוחד צו דערשלאָגן אַ נפֿש,
אומשולדיק בלוט!
און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!
[26]פֿאַרשאָלטן דער וואָס וועט ניט מקיים זיין די ווערטער
פֿון דערדאָזיקער תּורה, זיי צו טאָן!
און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

כח [1]און עס וועט זיין, אויב צוהערן וועסטו צוהערן צו דעם
קול פֿון גאָט דיין האַר, צו היטן צו טאָן אַלע זיינע
געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט, וועט גאָט דיין האַר דיך
שטעלן העכער איבער אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד. [2]און
אַלע דידאָזיקע ברכות וועלן קומען אויף דיר, און דיך
דערגרייכן, אַז דו וועסט צוהערן צו דעם קול פֿון גאָט דיין האַר.
[3]געבענטשט וועסטו זיין אין שטאָט, און געבענטשט וועסטו
זיין אין פֿעלד.
[4]געבענטשט די פֿרוכט פֿון דיין לייב, און די פֿרוכט פֿון
דיין ערד, און די פֿרוכט פֿון דיין בהמה, די געבורט פֿון דיינע
רינדער, און די פֿרוכפּערונג פֿון דיינע שאָף.
[5]געבענטשט דיין קאָרב, און דיין טייגמולטער.
[6]געבענטשט וועסטו זיין ביי דיין אַריינגיין, און געבענטשט
וועסטו זיין ביי דיין אַרויסגיין.
[7]גאָט וועט געבן דיינע פֿיינט וואָס שטייען אויף אַקעגן דיר,
געשלאָגענע פֿאַר דיר; אויף איין וועג וועלן זיי אַרויסגיין אַקעגן
דיר, און אויף זיבן וועגן וועלן זיי אַנטלויפֿן פֿאַר דיר.
[8]גאָט וועט באַפֿעלן אַ ברכה ביי דיר אין דיינע שפּייכלערס,

און אין אַלץ צו וואָס דײַן האַנט נעמט זיך, און ער וועט דיך
בענטשן אין דעם לאַנד וואָס גאָט דײַן האַר גיט דיר. [9] גאָט
וועט דיך אויפשטעלן פֿאַר אַ הײליקן פֿאָלק צו זיך, אַזוי ווי
ער האָט דיר געשוואָרן, אויב דו וועסט היטן די געבאָט פֿון גאָט
דײַן האַר, און וועסט גײן אין זײַנע וועגן. [10] און אַלע פֿעלקער
פֿון דער ערד וועלן זען, אַז גאָטס נאָמען ווערט גערופֿן אויף
דיר, און זיי וועלן מורא האָבן פֿאַר דיר. [11] און גאָט וועט דיר
געבן אַ שֶפע פֿון גוטס אין דער פּרוכט פֿון דײַן לײַב, און אין
דער פּרוכט פֿון דײַן בהמה, און אין דער פּרוכט פֿון דײַן ערד,
אויף דער ערד וואָס גאָט האָט געשוואָרן דײַנע עלטערן דיר
צו געבן. [12] גאָט וועט דיר עפֿענען זײַן גוטן אוצר, דעם הימל,
צו געבן דעם רעגן פֿון דײַן לאַנד אין זײַן צײַט, און צו בענטשן
יעטוועדער טואונג פֿון דײַן האַנט; און וועסט אַנטלײַען פֿיל
פֿעלקער, און דו אַלײן וועסט ניט לײַען. [13] און גאָט וועט דיך
מאַכן פֿאַר דעם קאָפּ און ניט פֿאַר דעם עק, און וועסט רק זײַן
אויבן, און ניט זײַן אונטן, אויב דו וועסט צוהערן צו די געבאָט
פֿון גאָט דײַן האַר, וואָס איך געביט דיר הײַנט צו היטן און צו
טאָן, [14] און וועסט זיך ניט אָפּקערן פֿון אַלע ווערטער וואָס
איך געביט דיר הײַנט, רעכטס אָדער לינקס, כּדי צו גײן
נאָך פֿרעמדע געטער, זיי צו דינען.

[15] און עס וועט זײַן, אַז דו וועסט ניט צוהערן צו דעם קָול
פֿון גאָט דײַן האַר, צו היטן צו טאָן אַלע זײַנע געבאָט און
זײַנע געזעצן וואָס איך געביט דיר הײַנט, וועלן קומען אויף
דיר אַלע דיזאָזיקע קללות, און וועלן דיך דערגרײַכן.

[16] פֿאַרשאָלטן וועסטו זײַן אין שטאָט, און פֿאַרשאָלטן
וועסטו זײַן אין פֿעלד.

[17] פֿאַרשאָלטן דײַן קאָרב, און דײַן טײגמולטער.

[18] פֿאַרשאָלטן די פּרוכט פֿון דײַן לײַב, און די פּרוכט פֿון

דיין ערד, די געבורט פון דיינע רינדער, און די פּרוכפּערונג
פון דיינע שאָף.
[19]פֿאַרשאָלטן וועסטו זיין ביי דיין אַריינגיין, און פֿאַרשאָלטן
וועסטו זיין ביי דיין אַרויסגיין.
[20]גאָט וועט אָנשיקן אויף דיר אַ קללה, אַ מהומה, און אַן
אָנגעשריי, אויף יעטוועדער אונטערנעם פון דיין האַנט וואָס
דו וועסט טאָן, ביז דו וועסט פֿאַרטיליגט ווערן, און ביז דו
וועסט גיך אונטערגיין פון וועגן דיינע שלעכטע מעשׂים, וואָס
דו האָסט מיך פֿאַרלאָזן. [21]גאָט וועט באַהעפטן אָן דיר די
פּעסט, ביז ער וועט דיך פֿאַרלענדן פון דער ערד וואָס דו
גייסט אַהין, זי צו אַרבן. [22]גאָט וועט דיך פּלאָגן מיט דער, און
מיט קדחת, און מיט היץ, און מיט ברענונג, און מיט טריקעניש*,
און מיט קאָרנבראַנד, און מיט וועלקעניש; און זיי וועלן דיך
נאָכיאָגן ביז דו וועסט אונטערגיין. [23]און דער הימל וואָס
איבער דיין קאָפּ וועט זיין קופּער, און די ערד וואָס אונטער דיר
אַייזן. [24]גאָט וועט מאַכן דעם רעגן פון דיין לאַנד שטויב און
ערד; עס וועט נידערן אויף דיר פון הימל, ביז דו וועסט פֿאַר־
טיליגט ווערן.

[25]גאָט וועט דיך געבן אַ געשלאָגענעם פֿאַר דיינע פֿיינט;
אויף איין וועג וועסטו אַרויסגיין אַקעגן זיי, און אויף זיבן וועגן
וועסטו אַנטלויפֿן פֿאַר זיי, און וועסט זיין צו שוידער ביי
אַלע קיניגרייכן פון דער ערד. [26]און דיינע טויטע לייבער
וועלן זיין צו שפּייז פֿאַר יעטוועדער פֿויגל פון הימל, און פֿאַר
דער חיה פון דער ערד, און קיינער וועט ניט אַוועקטרייבן.
[27]גאָט וועט דיך פּלאָגן מיט דעם אויסשלאָג פון מִצרַיִם, און מיט
בלאָטערן, און מיט קרעץ, און מיט בייסעניש, אַז דו וועסט
ניט קענען געהיילט ווערן. [28]גאָט וועט דיך פּלאָגן מיט משוגעת,
און מיט בלינדקייט, און מיט צעדולטקייט פון האַרצן. [29]און

* וואָרטשפּיל: וּבַחַרְחֻר וּבַחֶרֶב

וועסט טאַפּן אין מיטן טאָג אַזוי ווי אַ בלינדער טאַפּט אין דער
פינצטער, און וועסט ניט באַגליקן אין דיינע וועגן, און וועסט
רק זיין באַרויבט און באַגזלט אַלע טעג, און קיינער וועט ניט
העלפן. 30אַ ווייב וועסטו פאַרקנסן, און אַן אַנדערער וועט
מיט איר זיין; אַ הויז וועסטו בויען, און וועסט ניט וווינען דערין;
אַ ווייַנגאָרטן וועסטו פלאַנצן, און וועסט אים ניט אָנהייבן.
31דיין אָקס וועט געשאָכטן ווערן פאַר דיינע אויגן, און וועסט
פון אים ניט עסן; דיין אייזל וועט אַוועקגעגזלט ווערן פון פאַר
דיין פּנים, און וועט דיר ניט אומגעקערט ווערן; דיינע שאָף
וועלן אַוועקגעגעבן ווערן צו דיינע פיינט, און וועסט ניט האָבן
ווער זאָל העלפן. 32דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן אַוועק־
געגעבן ווערן צו אַן אַנדער פאָלק, און דיינע אויגן וועלן זען,
און אויסגיין נאָך זיי אַ גאַנצן טאָג, און דיין האַנט וועט זיין אָן
מאַכט. 33די פרוכט פון דיין ערד, און דיין גאַנצע מי, וועט
אויפעסן אַ פאָלק וואָס דו קענסט ניט, און וועסט רק זיין
באַרויבט און געדריקט אַלע טעג. 34און וועסט ווערן משוגע פון
דער זעאונג פון דיינע אויגן וואָס דו וועסט זען. 35גאָט וועט דיך
פּלאָגן מיט אַ בייזן אויסשלאָג אויף די קני און אויף די שענקלען,
אַז דו וועסט ניט קענען געהיילט ווערן; פון דיין פוסטריט
ביז דיין שפּיץ קאָפּ. 36גאָט וועט אַוועקפירן דיך, און דיין מלך
וואָס דו וועסט אויפשטעלן איבער דיר, צו אַ פאָלק וואָס דו
און דיינע עלטערן האָבן ניט געקענט; און וועסט דאָרטן דינען
פרעמדע געטער, האָלץ און שטיין. 37און וועסט זיין פאַר אַ
שרעק, פאַר אַ שפּריכוואָרט, און פאַר אַ שפּאָט, צווישן אַלע
פעלקער וואָס גאָט וועט דיך אַהין אַוועקפירן.
38פיל זריעה וועסטו אַרויסטראָגן אין פעלד, און ווייניק
וועסטו איינזאַמלען, וואָרום דער הייַשעריק וועט עס פאַרצערן.
39ווייַנגערטנער וועסטו פלאַנצן און באַאַרבעטן, אָבער וויין

וועסטו ניט טרינקען און ניט אַריינעמען, וואָרום דער וואָרעם וועט עס אויפעסן. [40]איילבערטבוימער וועסטו האָבן אין דיין גאַנצן געמאַרק, אָבער מיט אייל וועסטו זיך ניט זאַלבן, וואָרום דיינע איילבערטן וועלן אַראָפּפאַלן. [41]זין און טעכטער וועסטו האָבן, אָבער זיי וועלן ניט בלייבן ביי דיר, וואָרום זיי וועלן אַוועקגיין אין געפאַנגענשאַפט. [42]אַלע דיינע בוימער און די פרוכט פון דיין ערד וועט ירשען דער גריל.

[43]דער פרעמדער וואָס צווישן דיר וועט שטייגן העכער און העכער איבער דיר, און דו וועסט נידערן אַראָפּ און אַראָפּ. [44]ער וועט דיר אַנטלייען, און דו וועסט אים ניט אַנטלייען; ער וועט זיין דער קאָפּ, און דו וועסט זיין דער עק.

[45]און אַלע דיזאָזיקע קללות וועלן קומען אויף דיר, און וועלן דיך נאָכיאָגן און דיך דערגרייכן, ביז דו וועסט פאַרטיליגט ווערן, ווייל דו האָסט ניט צוגעהערט צו דעם קול פון גאָט דיין האַר, צו היטן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן וואָס ער האָט דיר געבאָטן. [46]און זיי וועלן זיין פאַר אַ צייכן און פאַר אַ וווּנדער אויף דיר און אויף דיין זאָמען ביז אייביק. [47]דערפאַר וואָס דו האָסט ניט געדינט גאָט דיין האַר מיט שמחה, און מיט אַ פריילאַכן האַרצן, אין אַ שֶפע פון אַלץ, [48]וועסטו דינען דיין פיינט, וואָס גאָט וועט אים אָנשיקן אויף דיר, אין הונגער, און אין דאָרשטיקייט, און אין נאַקעטקייט, און אין מינערונג פון אַלץ; און ער וועט אַרויפטאָן אַן אַייזערנעם יאָך אויף דיין האַלדז, ביז ער וועט דיך פאַרטיליגן.

[49]גאָט וועט אָנטראָגן אויף דיר אַ פאָלק פון דער וייטן, פון עק ערד, אַזוי ווי עס קומט צו שוועבן אַן אָדלער, אַ פאָלק וואָס דו וועסט ניט פאַרשטיין זיין לשון; [50]אַ פאָלק מיט אַ פאַר־שייטן פנים, וואָס וועט ניט שוינען דעם פנים פון אַ זקן, און אַ יונגן וועט ער ניט לייטזעליקן. [51]און ער וועט אויפעסן די פרוכט

פון דיין בהמה, און די פרוכט פון דיין ערד, ביז דו וועסט פאַר־
טיליגט ווערן; וואָס וועט דיר ניט איבערלאָזן קיין תבואה, קיין
וויין, און קיין אייל, קיין געבורט פון דיינע רינדער, און קיין
פרוכפּערונג פון דיינע שאָף, ביז ער וועט דיך אונטערברענגען.
[52]און ער וועט דיך באַלעגערן אין אַלע דיינע טויערן, ביז עס
וועלן נידערן דיינע הויכע און פעסטע מויערן, וואָס דו האָסט
זיך אויף זיי פאַרזיכערט, אין דיין גאַנצן לאַנד; יאָ, ער וועט דיך
באַלעגערן אין אַלע דיינע טויערן, אין דיין גאַנצן לאַנד וואָס
גאָט דיין האַר האָט דיר געגעבן. [53]און וועסט עסן די פרוכט
פון דיין לייב, דאָס פלייש פון דיינע זין און דיינע טעכטער
וואָס גאָט דיין האַר האָט דיר געגעבן, אין דער באַלעגערונג,
און אין דער דריקונג וואָס דיין פיינט וועט דיך דריקן.
[54]דער איידעלער מענטש צווישן דיר און דער זייער פאַר־
צערטלטער, זיין אויג וועט זיין שלעכט צו זיין ברודער, און
צו דער ווייב פון זיין בוזעם, און צו די איבעריקע קינדער וואָס
ער וועט איבערלאָזן, [55]צו געבן איינעם פון זיי פון דעם פלייש
פון זיינע קינדער וואָס ער וועט עסן, ווייל גאָרנישט וועט אים זיין
געבליבן אין דער באַלעגערונג, און אין דער דריקונג וואָס
דיין פיינט וועט דיך דריקן אין אַלע דיינע טויערן. [56]די
איידעלע צווישן דיר און די פאַרצערטלטע, וואָס האָט קיינמאָל
ניט געפּרוּווט שטעלן איר פוסטריט אויף דער ערד, פון פאַר־
צערטלטקייט און פון איידלקייט, איר אויג וועט זיין שלעכט
צו דעם מאַן פון איר בוזעם, און צו איר זון, און צו איר
טאָכטער, [57]און צו איר נאָכגעבורט וואָס קומט אַרויס פון צווישן
אירע פיס, און צו אירע קינדער וואָס זי וועט געבערן, וואָרום
זי וועט זיי אויפעסן אין פאַרבאָרגעניש, אין מינערונג פון אַלץ,
אין דער באַלעגערונג, און אין דער דריקונג וואָס דיין פיינט
וועט דיך דריקן אין דיינע טויערן.

[58]אויב דו וועסט ניט היטן צו טאָן אַלע ווערטער פון דער־
דאָזיקער תּורה, וואָס שטייען געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך,
מורא צו האָבן פאַר דעמדאָזיקן געאַכפּערטן און פאָרכטיקן
נאָמען, פאַר יהוה דיין גאָט, [59]וועט גאָט מאַכן וווּנדערלאַך
דיינע פּלאָגן, און די פּלאָגן פון דיינע קינדער—גרויסע און
אָנגעהאַלטענע פּלאָגן, און בייזע און אָנגעהאַלטענע קרענק.
[60]און ער וועט ווידער ברענגען אויף דיר אַלע ווייטאָקן פון מִצרַיִם,
וואָס דו האָסט זיך געשראָקן פאַר זיי, און זיי וועלן זיך באַהעפטן
אָן דיר. [61]אויך יעטוועדער קרענק און יעטוועדער פּלאָג וואָס
שטייט ניט געשריבן אין דעם בוך פון דערדאָזיקער תּורה, וועט
זיי גאָט אַרויפברענגען אויף דיר ביז דו וועסט פאַרטיליגט ווערן.
[62]און איר וועט בלייבן מיט אַ הייפל מענטשן, אָנשטאָט וואָס
איר זייט געווען אַזוי ווי די שטערן פון הימל אין פילקייט; ווייל
דו האָסט ניט צוגעהערט צו דעם קול פון גאָט דיין האַר. [63]און
עס וועט זיין, אַזוי ווי גאָט האָט זיך געפרייט איבער אייך, אייך
צו באַגיטיקן, און אַייך צו מערן, אַזוי וועט גאָט זיך פרייען
איבער אַייך, אַייך אונטערצוברענגען און אַייך צו פאַרטיליגן;
און איר וועט אַוועקגעריסן ווערן פון דער ערד וואָס דו קומסט
אַהין, זי צו אַרבן. [64]און גאָט וועט דיך צעשפּרייטן צווישן אַלע
אומות, פון עק ערד ביז עק ערד, און וועסט דאָרטן דינען
פרעמדע געטער, וואָס דו און דיינע עלטערן האָבן ניט
געקענט, האָלץ און שטיין. [65]און צווישן דידאָזיקע פעלקער
וועסטו קיין רו ניט האָבן, און קיין מנוחה וועט ניט זיין פאַר דיין
פוסטריט; און גאָט וועט דיר געבן דאָרטן אַן אומרואיק האַרץ,
און אויסגייעניש פון די אויגן, און פאַרשמאַכטונג פון דער זעל.
[66]און דיין לעבן וועט דיר הענגען אַנטקעגן, און וועסט אַנגסטן
טאָג און נאַכט, און ניט זיין זיכער מיט דיין לעבן. [67]אין פרי־
מאָרגן וועסטו זאָגן: הלוואַי ווערט אָוונט! און אין אָוונט וועסטו

זאָגן: הלוואַי ווערט פרימאָרגן! פון וועגן דער אַנגסט פון דיין
האַרצן וואָס דו וועסט אַנגסטן, און פון וועגן דער זעאונג פון
דיינע אויגן וואָס דו וועסט זען. [68]און גאָט וועט דיך אומקערן
אויף שיפן קיין מִצרַיִם, אויף דעם וועג וואָס איך האָב דיר
געזאָגט, וועסט אים מער ניט אָנזען. און איר וועט זיך דאָרטן
אָנבאָטן צו אײַערע פיינט פאַר קנעכט און פאַר דינסטן, און
קיין קויפער וועט ניט זיין.

[69]דאָס זיינען די ווערטער פון דעם בונד וואָס גאָט האָט
באַפוילן משהן צו שליסן מיט די קינדער פון ישׂראל אין לאַנד
מואָב, אַחוץ דעם בונד וואָס ער האָט געשלאָסן מיט זיי אין
חורֵב.

כט [1]און משה האָט צונויפגערופן גאַנץ ישׂראל, און האָט
צו זיי געזאָגט:

איר האָט געזען אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן פאַר אייערע
אויגן אין לאַנד מִצרַיִם צו פַּרעהן, און צו אַלע זיינע קנעכט, און
צו זיין גאַנצן לאַנד; [2]די גרויסע פרוווּנגען וואָס דיינע אויגן האָבן
געזען, יענע גרויסע צייכנס און ווונדער. [3]אָבער גאָט האָט
אייך ניט געגעבן אַ האַרץ צו פאַרשטיין, און אויגן צו זען, און
אויערן צו הערן, ביז אויף היינטיקן טאָג. [4]און איך האָב אײַך
געפירט פערציק יאָר דורכן מדבר; אײַערע קליידער זיינען
ניט אָפּגעטראָגן געוואָרן אויף אײַך, און דיין שוך איז ניט
אָפּגעטראָגן געוואָרן אויף דיין פוס. [5]ברויט האָט איר ניט געגעסן,
און וויין און געטראַנק האָט איר ניט געטרונקען; כּדי איר זאָלט
וויסן אַז איך בין יהוה אײַער גאָט. [6]און אַז איר זייט געקומען
צו דעמדאָזיקן אָרט, איז אַרויסגעגאַנגען סיחון דער מלך פון
חֶשבּון, און עוֹג דער מלך פון בָּשָן, אַקעגן אונדז אויף מלחמה,
און מיר האָבן זיי געשלאָגן. [7]און מיר האָבן צוגענומען זייער
לאַנד, און האָבן עס געגעבן פאַר אַ נחלה צו די ראוּבֵנים, און

צו די גָדים, און צו דעם האַלבן שבט מנשה. [8]דרום זאָלט איר היטן די ווערטער פון דעמדאָזיקן בונד, און זיי טאָן, כדי איר זאָלט באַגליקן אין אַלץ וואָס איר וועט טאָן.

## נִצָּבִים

[9]איר שטייט היינט אַלע פאַר גאָט אייער האַר, אייערע הויפטלייט, אייערע שבטים, אייערע עלטסטע, און אייערע אויפזעערס, אַלע מענער פון ישראל, [10]אייערע קליינע קינדער, אייערע ווייבער, און דיין פרעמדער וואָס אין דיין לאַגער, פון דיין האָלצהעקער ביז דיין וואַסערשעפער; [11]אַז דו זאָלסט אַריינטרעטן אין דעם בונד פון יהוה דיין גאָט און אין זיין שבועה וואָס יהוה דיין גאָט שליסט מיט דיר היינט; [12]כדי דיך אויפצושטעלן היינט פאַר אַ פאָלק צו אים, און ער זאָל דיר זיין צום גאָט, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און אַזוי ווי ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן. [13]און ניט מיט אייך אַליין שליס איך דעמ־דאָזיקן בונד און דידאָזיקע שבועה, [14]נייערט אי מיט דעם וואָס שטייט דאָ מיט אונדז היינט פאַר גאָט אונדזער האַר, אי מיט דעם וואָס איז דאָ ניט פאַראַן מיט אונדז היינט. [15]וואָרום איר ווייסט ווי מיר זיינען געזעסן אין לאַנד מִצרַיִם, און ווי מיר זיינען דורכ־געגאַנגען צווישן די פעלקער וואָס איר זייט דורכגעגאַנגען. [16]און איר האָט געזען זייערע אומווערדיקייטן, און זייערע אָפגעטער, האָלץ און שטיין, זילבער און גאָלד, וואָס ביי זיי. [17]טאָמער איז דאָ צווישן אייך אַ מאַן, אָדער אַ פרוי, אָדער אַ משפחה, אָדער אַ שבט, וואָס זיין האַרץ קערט זיך אָפ היינט פון יהוה אונדזער גאָט, צו גיין דינען די געטער פון יענע פעלקער; טאָמער איז פאַראַן צווישן אייך אַ וואָרצל וואָס פרוכפּערט ביטערקרויט און ווערמוט; [18]און עס וועט זיין, אַז ער וועט הערן

די ווערטער פון דערדאָזיקער שבועה, וועט ער זיך רימען אין
זיין האַרצן, אַזוי צו זאָגן: פריד וועט זיין צו מיר, ווען איך וועל
גיין אין דער איינגעשפּאַרטקייט פון מיין האַרצן—כּדי אונטער־
צוברענגען דאָס באַוועסערטע אין איינעם מיטן דאָרשטיקן[*]—
[19]וועט אים גאָט ניט וועלן פאַרגעבן, נייערט דער צאָרן פון גאָט
און זיין פאַרדראָס וועט דענסמאָל ברענען אויף יענעם מאַן,
און אויף אים וועט הויערן די גאַנצע קללה וואָס שטייט געשריבן
אין דעמדאָזיקן בוך, און גאָט וועט אויסמעקן זיין נאָמען פון
אונטערן הימל. [20]און גאָט וועט אים אָפּשיידן צום בייזן פון
אַלע שבטים פון ישׂראל, אַזוי ווי אַלע קללות פון דעם בונד
וואָס שטייט געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך פון דער תּורה.
[21]און דער שפּעטערדיקער דור, אייערע קינדער וואָס וועלן
אויפשטיין נאָך אייך, און דער פרעמדער וואָס וועט קומען פון
אַ ווייטן לאַנד, וועלן זאָגן:—ווען זיי וועלן זען די פּלאָגן פון
דעמדאָזיקן לאַנד, און אירע קרענק מיט וואָס גאָט האָט עס
קראַנק געמאַכט; [22]אַז שוועבל און זאַלץ, פאַרברענט, איז איר
גאַנצע ערד; ניט זי ווערט געזייט, און ניט זי לאָזט אַרויס אַ
שפּראָצונג, און ניט עס וואַקסט אויף איר אַ שום גראָז, אַזוי ווי
די איבערקערעניש פון סדום, און עמוֹרָה, אַדמָה, און צבוֹיִים,
וואָס גאָט האָט איבערגעקערט אין זיין כּעס און אין זיין גרימ־
צאָרן—[23]וועלן אַלע פעלקער זאָגן: פאַרוואָס האָט גאָט געטאָן
אַזוי צו דעמדאָזיקן לאַנד? וואָס איז דערדאָזיקער גרויסער
גרימצאָרן? [24]און מע וועט זאָגן: פאַרוואָס זיי האָבן פאַרלאָזן
דעם בונד פון יהוה דעם גאָט פון זייערע עלטערן, וואָס ער
האָט מיט זיי געשלאָסן, ווען ער האָט זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד
מִצרַיִם; [25]און זיי זענען געגאַנגען און האָבן געדינט פרעמדע
געטער, און זיך געבוקט צו זיי, געטער וואָס זיי האָבן זיי ניט
געקענט, און וואָס ער האָט זיי ניט אַיינגעטיילט. [26]און דער

[*] ד׳ ה׳ אַלץ מיטאַנאַנדער׳

צאָרן פון גאָט האָט געגרימט אויף דעמדאָזיקן לאַנד, צו ברענגען
דערויף די גאַנצע קללה וואָס שטייט געשריבן אין דעמדאָזיקן
בוך. 27און גאָט האָט זיי אַרויסגעריסן פון זייער ערד מיט
רוגזה, און מיט גרימצאָרן, און מיט גרויס כעס, און האָט זיי
פאַרוואָרפן אין אַן אַנדער לאַנד, אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג.
28דאָס פאַרבאָרגענע איז בײַ גאָט אונדזער האַר, אָבער
דאָס אַנטפּלעקטע איז פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדער
אויף אייביק–צו טאָן אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה.
ל 1און עס וועט זײַן, אַז עס וועלן קומען אויף דיר אַלע
דידאָזיקע זאַכן, די ברכה און די קללה, וואָס איך האָב
געלייגט פאַר דיר, און וועסט דיר נעמען צום האַרצן, צווישן די
אַלע פעלקער וואָס גאָט דײַן האַר האָט דיך אַהין פאַרשטויסן,
2און וועסט זיך אומקערן צו גאָט דײַן האַר, און וועסט צוהערן
צו זײַן קול, אַזוי ווי אַלץ וואָס איך באַפעל דיר הײַנט, דו און
דײַנע קינדער, מיט דײַן גאַנצן האַרצן, און מיט דײַן גאַנצער
זעל, 3וועט גאָט דײַן האַר אומקערן דײַן געפאַנגענשאַפט,
און ער וועט דיך דערבאַרימען, און וועט צוריק דיך אײַנ־
זאַמלען פון אַלע אומות וואָס גאָט דײַן האַר האָט דיך אַהין
צעשפּרייט. 4אַז דײַנע פאַרשטויסענע זאָלן זײַן אין עק הימל,
וועט דיך גאָט דײַן האַר פון דאָרטן אײַנזאַמלען, און וועט פון
דאָרטן דיך נעמען. 5און גאָט דײַן האַר וועט דיך ברענגען אין
דעם לאַנד וואָס דײַנע עלטערן האָבן געאַרבט, און וועסט עס
אַרבן, און ער וועט דיך באַגיטיקן, און דיך מערן מֵיין פון
דײַנע עלטערן. 6און גאָט דײַן האַר וועט באַשנײַדן דײַן האַרץ,
און דאָס האַרץ פון דײַנע קינדער, ליב צו האָבן גאָט דײַן האַר
מיט דײַן גאַנצן האַרצן, און מיט דײַן גאַנצער זעל, כּדי זאָלסט
לעבן. 7און גאָט דײַן האַר וועט געבן אַלע דידאָזיקע קללות
אויף דײַנע פײַנט, און אויף דײַנע שׂונאים וואָס האָבן דיך

געיאָגט. [8]און דו וועסט זיך אומקערן, און צוהערן צו דעם קָול
פֿון גאָט, און טאָן אַלע זיינע געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט.
[9]און גאָט דיין האַר וועט דיר געבן אַ שֶפע אין יעטוועדער
טואונג פֿון דיין האַנט, אין דער פרוכט פֿון דיין לייב, אין דער
פרוכט פֿון דיין בהמה, און אין דער פרוכט פֿון דיין ערד צום
גוטן; וואָרום גאָט וועט זיך ווידער פֿרייען מיט דיר צום גוטן,
אַזוי ווי ער האָט זיך געפֿרייט מיט דיינע עלטערן; [10]אַז דו
וועסט צוהערן צו דעם קָול פֿון גאָט דיין האַר, צו היטן זיינע
געבאָט און זיינע געזעצן וואָס שטייען געשריבן אין דעמדאָזיקן
בוך פֿון דער תּורה; אַז דו וועסט זיך אומקערן צו גאָט דיין האַר
מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער זעל. [11]וואָרום
דאָסדאָזיקע געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט, דאָס איז ניט
פֿאַרהוילן פֿון דיר, און דאָס איז ניט צו וויט. [12]ניט אויפֿן הימל
איז דאָס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַרויפֿגיין אויפֿן
הימל און עס נעמען פֿאַר אונדז, און עס אונדז לאָזן הערן, כּדי
מיר זאָלן עס טאָן? [13]און ניט פֿון יענער זייט ים איז דאָס, אַז
דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַריבערגיין אויף יענער זייט
ים, און עס נעמען פֿאַר אונדז, און דאָס אונדז לאָזן הערן, כּדי
מיר זאָלן עס טאָן? [14]נייערט זייער נאָנט איז דאָס וואָרט צו
דיר, אין דיין מויל, און אין דיין האַרצן, עס צו טאָן.

[15]זע, איך האָב היינט געלייגט פֿאַר דיר לעבן און גוטס, און
טויט און שלעכטס, [16]וואָס איך באַפֿעל דיר היינט ליב צו האָבן
גאָט דיין האַר, צו גיין אין זיינע וועגן, און צו היטן זיינע געבאָט
און זיינע חוקים און זיינע געזעצן, כּדי זאָלסט לעבן און זיך
מערן, און גאָט דיין האַר זאָל דיך בענטשן אין דעם לאַנד וואָס
דו קומסט אַהין, עס צו אַרבן. [17]אָבער אַז דיין האַרץ וועט זיך
אָפּקערן, און וועסט ניט צוהערן, און וועסט אַראָפּגעפֿירט
ווערן, און וועסט זיך בוקן צו פֿרעמדע געטער, און זיי דינען,

18 זאָג איך אײַך הײנט אָן, אַז אונטערגײן װעט איר אונטערגײן;
איר װעט ניט מַאֲריך־יָמים זײַן אויף דער ערד װאָס דו גײסט
אַריבער דעם יַרדן צו קומען אַהין, זי צו אַרבן. 19 איך מאַך
הײנט עדות אַקעגן אײַך הימל און ערד: לעבן און טויט האָב איך
געלײגט פֿאַר אײַך, אַ ברכה און אַ קללה, דרום זאָלסטו אויס־
װײלן דאָס לעבן, כּדי זאָלסט לעבן, דו און דײַן זאָמען; 20 ליב
צו האָבן גאָט דײַן האַר, צוצוהערן צו זײַן קָול, און זיך צו
באַהעפטן אָן אים, װאָרום דאָס איז דײַן לעבן און דײַן אַריכת־
יָמים; כּדי צו זיצן אויף דער ערד װאָס גאָט האָט געשװאָרן
צו דײַנע עלטערן, צו אַברהמען, צו יצחקן, און צו יעקבן, זײ
צו געבן.

## וַיֵּלֶךְ

לא 1 און משה איז געגאַנגען, און האָט גערעדט די דאָזיקע
װערטער צו גאַנץ ישׂראל. 2 און ער האָט צו זײ געזאָגט:
אַ מאַן פֿון הונדערט און צװאַנציק יאָר בין איך הײנט; איך קען
ניט מער אַרויסגײן און אַרײַנגײן; און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:
װעסט ניט אַריבערגײן דעם דאָזיקן יַרדן. 3 גאָט דײַן האַר, ער
גײט אַריבער דיר פֿאַרויס; ער װעט פֿאַרטיליקן די דאָזיקע
פֿעלקער פֿון פֿאַר דיר, און װעסט זײ ירשען; יהושוַע, ער גײט
אַריבער דיר פֿאַרויס, אַזױ װי גאָט האָט גערעדט. 4 און גאָט
װעט טאָן צו זײ אַזױ װי ער האָט געטאָן צו סיחון און צו עוג,
די מלכים פֿון אֱמוֹרי, און צו זײער לאַנד, װאָס ער האָט זײ פֿאַר־
טיליגט. 5 און גאָט װעט זײ איבערגעבן צו אײַך, און איר װעט
טאָן צו זײ אַזױ װי אַלדאָס געבאָט װאָס איך האָב אײַך געבאָטן.
6 זײט שטאַרק און פֿעסט, איר זאָלט ניט מורא האָבן און זיך ניט
שרעקן פֿאַר זײ, װאָרום גאָט דײַן האַר, ער איז דער װאָס גײט
מיט דיר; ער װעט דיך ניט אָפּלאָזן און דיך ניט פֿאַרלאָזן.

7 און מֹשה האָט גערופֿן יהושוּען, און ער האָט צו אים
געזאָגט פֿאַר די אויגן פֿון גאַנץ ישׂראל: זײַ שטאַרק און פֿעסט,
וואָרום דו וועסט קומען מיט דעמדאָזיקן פֿאָלק אין דעם לאַנד
וואָס גאָט האָט געשוואָרן זייערע עלטערן זיי צו געבן, און דו
וועסט עס זיי מאַכן אַרבן. 8 און גאָט, ער איז דער וואָס גייט
דיר פֿאַרויס; ער וועט זײַן מיט דיר, ער וועט דיך ניט
אָפּלאָזן און דיך ניט פֿאַרלאָזן; זאָלסט ניט מורא האָבן און
ניט אַנגסטן.
9 און מֹשה האָט אויפֿגעשריבן דידאָזיקע תּורה, און האָט
זי געגעבן צו די כֹּהנים, די קינדער פֿון לֵוי, וואָס טראָגן דעם
אָרון פֿון גאָטס בונד, און צו אַלע עלטסטע פֿון ישׂראל. 10 און
מֹשה האָט זיי באַפֿוילן, אַזוי צו זאָגן: צום סוֹף פֿון אַלע זיבן יאָר,
אין דער צײַט פֿון דעם יאָר פֿון שמיטה, אין דעם יום־טוב פֿון
סוכּות, 11 ווען גאַנץ ישׂראל קומט זיך וויזן פֿאַר גאָט דײַן האַר,
אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסדערוויילן, זאָלסטו לייענען
דידאָזיקע תּורה פֿאַר גאַנץ ישׂראל אין זייערע אויערן. 12 זאַמל
אײַן דאָס פֿאָלק, די מענער און די ווײַבער און די קליינע
קינדער, און דײַן פֿרעמדן וואָס אין דײַנע טויערן, כּדי זיי זאָלן
הערן, און כּדי זיי זאָלן לערנען, און מורא האָבן פֿאַר גאָט
אײַער האַר, און היטן צו טאָן אַלע ווערטער פֿון דערדאָזיקער
תּורה; 13 און זייערע קינדער וואָס האָבן ניט געוווּסט, זאָלן
הערן, און לערנען מורא צו האָבן פֿאַר גאָט אײַער האַר אַלע
טעג וואָס איר לעבט אויף דער ערד וואָס איר גייט אַריבער
דעם יַרדן אַהין, זי צו אַרבן.
14 און גאָט האָט געזאָגט צו מֹשהן: זע, דײַנע טעג גענענען
צום שטאַרבן, רוף יהושוּען, און שטעלט אײַך אין אוהל־מועד,
און איך וועל אים באַפֿעלן. זײַנען געגאַנגען מֹשה און יהושוּע,
און האָבן זיך געשטעלט אין אוהל־מועד. 15 און גאָט האָט זיך

באַוויזן אין געצעלט אין אַ וואָלקנזייל, און דער וואָלקנזייל
איז געשטאַנען ביים איינגאַנג פון געצעלט. [16]און גאָט האָט געזאָגט
צו משהן: זע, דו לייגסט זיך מיט דיינע עלטערן, און דאָסדאָזיקע
פאָלק וועט אויפשטיין און זיך אָפּקערן נאָך די געטער פון
די פרעמדע פון דעם לאַנד וואָס ער קומט אַהין צווישן זיי,
און ער וועט מיך פאַרלאָזן, און פאַרשטערן מיין בונד וואָס איך
האָב געשלאָסן מיט אים. [17]און מיין צאָרן וועט גרימען אויף
אים אין יענעם טאָג, און איך וועל זיי פאַרלאָזן, און פאַרבאָרגן
מיין פּנים פון זיי, און ער וועט זיין צום פאַרצערן, און אים וועלן
טרעפן בייזן פיל און צרות, און ער וועט זאָגן אין יענעם טאָג:
פאַרוואָר, ווייל מיין גאָט איז ניט צווישן מיר, האָבן מיך געטראָפן
דידאָזיקע בייזן. [18]און פאַרבאָרגן וועל איך פאַרבאָרגן
מיין פּנים אין יענעם טאָג, פאַר אַלעם בייזן וואָס ער האָט
געטאָן, אַז ער האָט זיך געקערט צו פרעמדע געטער. [19]און
אַצונד שרייבט אייך אויף דאָסדאָזיקע געזאַנג, און לערן עס
אויס די קינדער פון ישׂראל; טו עס אַריין אין זייער מויל, כּדי
דאָסדאָזיקע געזאַנג זאָל מיר זיין צום עדות קעגן די קינדער
פון ישׂראל. [20]אַז איך וועל אים ברענגען אויף דער ערד וואָס
איך האָב צוגעשוואָרן זייערע עלטערן, וואָס פליסט מיט מילך
און האָניק, און ער וועט עסן און ווערן זאַט און פעט, און וועט
זיך קערן צו פרעמדע געטער, און זיי וועלן זיי דינען, און וועלן
מיך פאַראַכטן, און ער וועט פאַרשטערן מיין בונד, [21]איז, אַז
אים וועלן טרעפן בייזן פיל און צרות, וועט דאָסדאָזיקע
געזאַנג זיך אָפּרופן אים אין פּנים צום עדות, וואָרום עס וועט
ניט פאַרגעסן ווערן פון דעם מויל פון זיין זאָמען; ווייל איך
ווייס זיין טבֿע, ווי ער באַגייט זיך היינט, נאָך איידער איך
האָב אים געבראַכט אין דעם לאַנד וואָס איך האָב צוגעשוואָרן.
[22]און משה האָט אויפגעשריבן דאָסדאָזיקע געזאַנג אין

יענעם טאָג, און האָט עס אויסגעלערנט די קינדער פון ישׂראל.
[23]און ער האָט באַפֿוילן יהושוען דעם זון פון נון, און האָט געזאָגט: זײַ שטאַרק און פעסט, וואָרום דו וועסט ברענגען די קינדער פון ישׂראל אין דעם לאַנד וואָס איך האָב זיי צוגעשוואָרן, און איך וועל זײַן מיט דיר.

[24]און עס איז געווען, ווי משה האָט געענדיקט אויפשרײַבן די ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה אין אַ בוך, ביז זייער סוף, [25]אַזוי האָט משה באַפֿוילן די לוִיִים וואָס טראָגן דעם אָרון פון גאָטס בונד, אַזוי צו זאָגן: [26]נעמט דאָסדאָזיקע בוך פון דער תּורה, און איר זאָלט עס אַוועקלייגן בײַ דער זייט פון דעם אָרון פון דעם בונד פון גאָט אײַער האַר, און עס זאָל דאָרטן זײַן צום עדות קעגן דיר. [27]וואָרום איך קען דײַן ווידערשפּעניקייט און דײַן האַרטן נאַקן; זע, היינט, אַז איך לעב נאָך מיט אײַך, זייט איר געווען ווידערשפּעניקער אַקעגן גאָט, און ווי שוין נאָך מײַן טויט? [28]זאַמלט אײַן צו מיר אַלע עלטסטע פון אײַערע שבטים, און אײַערע אויפזעער, און איך וועל רעדן אין זייערע אויערן דידאָזיקע ווערטער, און וועל מאַכן הימל און ערד עדות קעגן זיי. [29]וואָרום איך ווייס אַז פאַרדאָרבן וועט איר פאַרדאָרבן ווערן נאָך מײַן טויט, און איר וועט זיך אָפּקערן פון דעם וועג וואָס איך האָב אײַך באַפֿוילן, און אײַך וועט געשען בייז אין סוף פון די טעג, ווײַל איר וועט טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, אים צו דערצערענען מיט דער טואונג פון אײַערע הענט.

[30]און משה האָט גערעדט אין די אויערן פון דער גאַנצער אײַנזאַמלונג פון ישׂראל די ווערטער פון דעמדאָזיקן געזאַנג ביז זייער סוף.

# הַאֲזִינוּ

לב [1] פאַרנעמט איר הימלען, און איך וועל רעדן,
און זאָל הערן די ערד די רייד פון מיין מויל.
[2] זאָל טריפן ווי רעגן מיין לערנונג,
זאָל רינען ווי טוי מיין וואָרט;
ווי אַ גוסרעגן אויף גראָז
און ווי שפּריירעגן אויף קרייטאַכץ.
[3] וואָרום דעם נאָמען פון יהוה וועל איך רופן;
גיט גרויסקייט צו אונדזער גאָט.

[4] דער פעלז–זיין ווערק איז גאַנץ,
ווייל אַלע זיינע וועגן זיינען רעכט;
אַ גאָט פון געטריישאַפט, און אָן אומרעכט,
גערעכט און רעכטפאַרטיק איז ער.
[5] איז פון אים די פאַרדאַרבונג? ניין!
זיינע קינדער, ווייערס איז דער פעלער;
אַ קרומער און פאַרדרייטער דור.
[6] ווילט איר אַזוי גאָט פאַרגעלטן,
געמיין און אומקלוג פאָלק?
איז ער ניט דיין פאָטער וואָס האָט דיך געשאַפן?
ער–וואָס האָט דיך געמאַכט און געפֿורעמט?

[7] געדענק די טעג פון פאַרצייטן,
באַטראַכט פון דור־דורות די יאָרן,
פרעג דיין פאָטער, ער זאָל דיר דערציילן,
דיינע זקנים, זיי זאָלן דיר זאָגן.
[8] ווען דער אויבערשטער האָט באַטיילט די אומות,
ווען ער האָט צעשיידט די קינדער פון מענטשן,
האָט ער געשטעלט די געמאַרקן פון פעלקער,

לויט דער צאָל פֿון די קינדער ישׂראלס.
9 וואָרום דער חלק פֿון גאָט איז זײַן פֿאָלק,
יעקב דער טייל פֿון זײַן נחלה.
10 ער האָט אים געפֿונען אין מדבר־לאַנד,
און אין וויסטן געוואָי פֿון דער ווילדערניש,
אים אַרומגערינגלט, אים אויפֿגעפּאַסט,
אים אָפּגעהיט ווי זײַן אויגאַפּל.
11 ווי אַן אָדלער וועקט זײַן נעסט,
פֿלאַטערט איבער זײַנע יונגע,
שפּרייט זײַנע פֿלעדערן און נעמט זיי,
טראָגט זיי אויף זײַן פֿליגל—
12 האָט יהוה אַליין אים געפֿירט,
און ניט געווען מיט אים אַ פֿרעמדער גאָט.
13 ער האָט אים געזעצט אויף די הייכן פֿון דער ערד,
און ער האָט געגעסן די פּרוכטן פֿון פֿעלד;
און ער האָט אים געמאַכט זויגן האָניק פֿון פֿעלז,
און אייל פֿון קיזלשטיין;
14 שמאַנט פֿון רינדער, און מילך פֿון שאָף,
מיט פֿעטס פֿון לעמער,
און ווידערס פֿון בשן און בעק,
מיט נירנפֿעטס פֿון ווייץ;
און פֿון טרויבנבלוט טרינקסטו שוימיקן ווײַן.
15 און ישורון איז פֿעט געוואָרן און האָט געבריקעט—
ביסט פֿעט, ביסט דיק, ביסט גראָב געוואָרן;
און ער האָט פֿאַרלאָזט גאָט וואָס האָט אים באַשאַפֿן,
און געשענדט דעם פֿעלז פֿון זײַן הילף.
16 זיי האָבן אים דערצערנט מיט פֿרעמדגעטער,
מיט אומווערדיקייטן אים דערבייזערט.

[17] זיי האָבן געשלאַכט צו שדים, אומגעטער,
געטער וואָס זיי האָבן זיי ניט געקענט,
נייע אָקאָרשט געקומענע,
וואָס אײַערע עלטערן האָבן זיך פאַר זיי ניט געפאָרכט.
[18] אָן דעם פעלז וואָס האָט דיך געבאָרן האָסטו ניט געדאַכט,
און פאַרגעסן דעם גאָט וואָס האָט דיך געהאַט.

[19] און יהוה האָט געזען און האָט פאַראַכט,
איבער דער דערצערענונג פון זײַנע זין און זײַנע טעכטער.
[20] און ער האָט געזאָגט: איך וועל פאַרבאָרגן מײַן פּנים פון זיי.
איך וועל זען וואָס וועט זײַן זייער סוף;
וואָרום אַ פאַרקערטער דור זײַנען זיי,
קינדער אָן טריישאַפט אין זיי.
[21] זיי האָבן מיך דערצערנט מיט אַן אומגאָט,
מיך דערבייזערט מיט זייערע נישטיקייטן,
און איך וועל זיי דערצערענען מיט אַן אומפאָלק,
מיט אַ געמיינער אומה וועל איך זיי דערבייזערן.
[22] וואָרום אַ פייער איז אָנגעצונדן אין מײַן נאָז,
און עס ברענט ביז דער טיפער אונטערערד,
און פאַרצערט די ערד מיט איר געוועקס,
און צעפלאַמט די גרונטפעסטן פון די בערג.
[23] איך וועל אויסלאָזן אויף זיי בייזן,
איך וועל מײַנע פײַלן פאַרלענדן אויף זיי:
[24] דאַרונג פון הונגער, און צערונג פון היץ,
און ביטערע פעסט;
און דעם צאָן פון חיות וועל איך שיקן אויף זיי,
מיט גיפט פון די שטויבקריכערס.
[25] דרויסן וועט אַוועקנעמען די שווערד,
און אין די קאַמערן די אימה;

אי דעם בחור אי די מיידל,
דעם זויגעדיקן מיטן גרייזגראָען מאַן.

26איך וואָלט געזאָגט: איך וועל זיי פאַרלענדן,
איך וועל פאַרטיליגן פון מענטשן זייער זכר;
27ווען איך פאָרכט ניט דעם שׂונאס דערצערנונג,
זייערע פיינט זאָלן ניט אויסלייגן פאַלש;
ניט זאָגן: אונדזער האַנט איז דערהויבן,
און ניט יהוה האָט דאָס אַלצדינג געטאָן.

28וואָרום אַ פאָלק אָן באַראָט זיינען זיי,
און ניטאָ קיין פאַרשטאַנדיקייט אין זיי.
29אַז זיי וואָלטן קלוג געווען, וואָלטן זיי דאָס באַטראַכט,
זיי וואָלטן באַקלערט זייער סוף:
30ווי קען איינער יאָגן טויזנט,
און צוויי פאַרטרייבן צען טויזנט,
ווען ניט זייער פעלז האָט זיי איבערגעגעבן,
און יהוה האָט זיי איבערגעענטפערט?
31וואָרום ניט ווי אונדזער פעלז איז זייער פעלז;
און מעגן אונדזערע שׂונאים אַנטשיידן.
32וואָרום פון ווינשטאָק פון סדום איז זייער ווינשטאָק,
און פון די פעלדער פון עמורה;
זייערע טרויבן זיינען טרויבן פון גיפט,
ביטערע הענגלאַך זיינען ביי זיי.
33סם פון שלאַנגען איז זייער וויין,
און אומדערבאַרימדיק פּיפּערנאָטערגיפט.

34פאַרוואָר, דאָס איז באַהאַלטן ביי מיר,
פאַרחתמעט אין מיינע שאַצקאַמערן;
35איך האַלט נקמה און באַצאָלונג

פאַר דער צייט ווען זייער פוס וועט זיך אויסגליטשן;
וואָרום נאָנט איז דער טאָג פון זייער בראָך,
און אייליק קומט וואָס איז אָנגעברייט פאַר זיי.
36 וואָרום גאָט וועט זיך אָננעמען פאַר זיין פאָלק,
און אויף זיינע קנעכט זיך דערבאַרימען,
ווען ער זעט אַז אויסגעגאַנגען איז די קראַפט,
און קיין מוטערמענטש איז ניטאָ;
37 און מע זאָגט: ווו זיינען זייערע געטער,
דער פעלז וואָס זיי האָבן זיך געשיצט אין אים?
38 וואָס האָבן דאָס פעטס פון זייערע שלאַכטאָפּפער געגעסן,
געטרונקען דעם וויין פון זייער גיסאָפּפער?
זאָלן זיי אויפשטיין און אַייך העלפן;
זאָל ער זיין איבער אַייך אַ פאַרבאָרגעניש.

39 זעט אַצונד אַז איך, איך בין דאָס,
און ניטאָ קיין גאָט מיט מיר;
איך טייט און מאַך לעבעדיק,
איך פאַרוווּנד און איך הייל,
און פון מיין האַנט איז ניטאָ ווער זאָל מציל זיין.
40 וואָרום איך הייב צום הימל מיין האַנט,
און זאָג: אַזוי ווי איך לעב אייביק,
41 ווען איך שאַרף דעם בליץ פון מיין שווערד,
און מיין האַנט וועט צום משפט זיך נעמען,
וועל איך אומקערן נקמה צו מיינע פיינט,
און מיינע שׂונאים וועל איך באַצאָלן.
42 איך וועל אָנשיכורן מיינע פיילן מיט בלוט,
און מיין שווערד וועט זיך אָנעסן מיט פלייש—
מיט בלוט פון דערשלאָגענע און געפאַנגענע,
מיט די לאַנגהאָריקע קעפּ פון דעם פיינט.

[43]באַזינגט, איר אומות, זיין פאָלק,
וואָרום פאַרן בלוט פון זיינע קנעכט וועט ער זיך נוקם זיין,
און נקמה וועט ער אומקערן צו זיינע פיינט,
און פאַרגיטיקן זיין לאַנד און זיין פאָלק.

[44]און משה איז געקומען און האָט גערעדט אַלע ווערטער פון דעמדאָזיקן געזאַנג אין די אויערן פון פאָלק, ער און יהושעַ דער זון פון נון. [45]און ווי משה האָט געענדיקט רעדן אַלע דידאָזיקע ווערטער צו גאַנץ ישׂראל, [46]האָט ער צו זיי געזאָגט: לייגט צו אייער האַרץ צו אַלע ווערטער וואָס איך זאָג אייך היינט אָן, אַז איר זאָלט זיי באַפעלן צו אייערע קינדער, צו היטן צו טאָן אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תּורה. [47]וואָרום דאָס איז ניט אַ הויל געריידּ פאַר אייך, נייערט דאָס איז אייער לעבן, און דורך דערדאָזיקער זאַך וועט איר מַאֲריך־יָמים זיין אויף דער ערד וואָס איר גייט אַהין אַריבער דעם יַרדן, זי צו אַרבן.

[48]און גאָט האָט גערעדט אין דעמדאָזיקן אייגענעם טאָג צו משהן, אַזוי צו זאָגן: [49]גיי אַרויף צו דעמדאָזיקן באַרג עֲבָרים, דעם באַרג נבוֹ וואָס אין לאַנד מואָב, וואָס אַקעגן יריחוֹ, און קוק אָן דאָס לאַנד כּנַעַן וואָס איך גיב צו די קינדער פון ישׂראל פאַר אַן אייגנטום. [50]און שטאַרב אויף דעם באַרג וואָס דו גייסט אַהין אַרויף, און ווער איינגעזאַמלט צו דיין פאָלק, אַזוי ווי דיין ברודער אַהרן איז געשטאָרבן אויפן באַרג הוֹר, און איז איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק. [51]פאַרוואָס איר האָט געפעלשט אָן מיר צווישן די קינדער פון ישׂראל, ביים וואַסער פון מריבת־קָדֵש, אין מדבר צִן, פאַרוואָס איר האָט מיך ניט געהייליקט צווישן די קינדער פון ישׂראל. [52]נאָר פון דער ווייטן וועסטו זען דאָס לאַנד, אָבער קומען אַהין וועסטו ניט, אין דעם לאַנד וואָס איך גיב צו די קינדער פון ישׂראל.

# וְזֹאת הַבְּרָכָה

לג 1און דאָס איז די ברכה וואָס משה דער געטלאַכער מאַן
האָט געבענטשט די קינדער פון ישׂראל פאַר זיין טויט.
און ער האָט געזאָגט:
2גאָט איז פון סיני געקומען,
און אויפגעשיינט פון שׂעיר אויף זיי;
ער האָט אַרויסגעשטראַלט פון באַרג פּאָרן,
און געקומען פון די הייליקע צענטויזנטן,
אין זיין רעכטער האַנט אַ פייערדיק געזעץ פאַר זיי.
3יאָ, דו ליבהאָבער פון די שבטים,
אַלע זייערע הייליקע זיינען ביי דיין האַנט;
און זיי ליגן צו דיינע פיס,
זיי נעמען אויף דיינע רייד.
4„אַ תּורה האָט אונדז משה באַפוילן,
אַ ירושה פאַר דער איינזאַמלונג פון יעקב״.
5און אַ מלך איז געווען אין ישורון,
ווען די קעפּ פון פאָלק האָבן זיך פאַרזאַמלט,
אין איינעם אַלע שבטים פון ישׂראל.

6לעבן זאָל ראובן און ניט שטאַרבן,
און זיינע מענטשן זאָלן ניט זיין געציילטע.

7און דאָס אויף יהודה; און ער האָט געזאָגט:
הער צו, גאָט, דעם קול פון יהודה,
און צו זיין פאָלק זאָלסטו אים ברענגען;
זיינע הענט זאָלן פאַר אים שטרייטן,
און אַ הילף פון זיינע פיינט זאָלסטו זיין.

8און אויף לֵוִי האָט ער געזאָגט:
דיינע אורים־ותומים צו דיין פרומען מאַן,

וואָס דו האָסט אים אין מַסָה געפּרווּוט,
אים געשטראָפּט פאַרן וואַסער פון מריבָה;
9וואָס האָט געזאָגט אויף זיין פאָטער און אויף זיין מוטער:
איך האָב זיי ניט געזען;
און האָט זיינע ברידער ניט דערקענט,
און זיינע קינדער ניט געוואָלט וויסן;
וואָרום זיי האָבן געהיט דיין וואָרט,
און דיין בונד האָבן זיי געהאַלטן.
10זיי לערנען דיינע געזעצן יעקבן,
און דיין תּורה ישׂראלן;
זיי טוען ווייררויך אין דיין נאָז,
און גאַנצאָפּפער אויף דיין מזבח.
11בענטש, גאָט, זיין פאַרמעג,
און דאָס ווערק פון זיינע הענט זאָלסטו באַווילִיקן;
צעהאַק די לענדן פון זיינע פיינט,
אַז זיינע שׂונאים זאָלן ניט אויפשטיין.

12אויף בנימין האָט ער געזאָגט:
דער באַליבטער פון גאָט
וועט רוען ביי אים אין זיכערקייט;
ער באַשירעמט אים אַ גאַנצן טאָג,
און צווישן זיינע אַקסלען טוט ער רוען.

13און אויף יוסף האָט ער געזאָגט:
געבענטשט פון גאָט זאָל זיין לאַנד זיין,
מיטן טייערסטן פון הימל, מיט טוי,
און מיטן תּהום וואָס הויערט אונטן;
14און מיט טייערסטע פרוכטן פון זון,
און מיט טייערסטן געוועקס פון לבנה;

15און מיטן בעסטן פון די אַלטע בערג,
און מיטן טייערסטן פון די אייביקע הייכן;
16און מיטן טייערסטן פון דער ערד און איר פולקייט,
און באַוויליקונג פון דעם וואָס האָט אין דאָרן גערוטא.
זאָל עס קומען אויפן קאָפּ פון יוסף,
און אויפן שפּיץ קאָפּ פון דעם פירשט פון זיינע ברידער.
17זיין ערשטגעבאָרענער אָקס, ער האָט פּראַכט,
און הערנער פון אַ ווילדטיר זיינען זיינע הערנער;
מיט זיי וועט ער שטויסן די פעלקער,
די עקן פון דער ערד מיטאַנאַנדער;
און דאָס זיינען די צענטויזנטן פון אפרים,
און דאָס זיינען די טויזנטן פון מנשה.

18און אויף זבולון האָט ער געזאָגט:
פריי זיך, זבולון, ביי דיין אַרויסגיין,
און יִשָׂשׂכָר, אין דיינע געצעלטן.
19פעלקער וועלן זיך טרעפן אויפן באַרג,
דאָרט וועלן זיי שלאַכטן שלאַכטאָפּפער פון גערעכטיקייט;
וואָרום די שֶׁפע פון ימען וועלן זיי זויגן,
און די פאַרבאָרגענע אוצרות פון זאַמד.

20און אויף גָד האָט ער געזאָגט:
געלויבט דער וואָס דערברייטערט גָד!
אַזוי ווי אַ לייבינטע רוט ער,
און פאַרצוקט דעם אָרעם און דעם שאַרבן.
21און ער האָט אויסגעקוקט דאָס ערשטע פאַר זיך,
ווייל דאָרט איז דער חלק פאַר אַ הערשער באַהאַלטן.
אָבער ער איז געקומען פאַרויס פאַרן פאָלק;
די גערעכטיקייט פון גאָט האָט ער געטאָן,

א זע שמות ג, 2—4.

און זײנע משפּטים, אין אײנעם מיט ישׂראל.

22און אויף דָן האָט ער געזאָגט:
דָן איז אַ יונגער לײב,
ער שפּרינגט פון בָשָן אַרויס.

23און אויף נפתלי האָט ער געזאָגט:
נפתלי, זאַט מיט באַװיליקונג,
און פול מיט דער ברכה פון גאָט,
דעם ים און דעם דָרום טו אַרבן!

24און אויף אָשר האָט ער געזאָגט:
געבענטשטער פון אַלע זין זאָל זײן אָשר,
באַליבט זאָל ער זײן בײ זײנע ברידער,
און באָדן אין אײל זײן פוס.
25אײַזן און קופּער דײנע ריגלען,
און װי דײנע טעג דײן שטאַרקײט.

26ניטאָ אַזאַ װי גאָט, ישורון;
ער רײט אויף די הימלען דיר צו הילף,
און אין זײן גרױסקײט אויף די װאָלקן.
27אַ באַשיצונג איז דער אײביקער גאָט,
און אונטן איז ער שטענדיקע אָרעמס.
און ער האָט פאַרטריבן דעם פײנט פון פאַר דיר,
און געהײסן: פאַרטיליק!
28און ישׂראל רוט אין זיכערקײט,
אָפּגעזונדערט—דער קװאַל פון יעקב,
אין אַ לאַנד פון תבואה און װײן;
און זײנע הימלען טריפן טױ.
29װויל דיר, ישׂראל, װער איז דײן גלײכן?

אַ פֿאָלק געהאָלפֿן דורך גאָט —
דעם שילד פֿון דײַן הילף,
און דעם וואָס איז די שווערד פֿון דײַן גרויסקייט!
און דײַנע פֿײַנט וועלן אײַנגיין פֿאַר דיר,
און דו וועסט אויף זייערע הייכן טרעטן.

לד 1און משה איז אַרויפֿגעגאַנגען פֿון די פּלוינען פֿון מואָב
צום באַרג נבֿו, אויפֿן שפּיץ פּסגה וואָס אַקעגן יריחו;
און גאָט האָט אים געוויזן דאָס גאַנצע לאַנד גִלעָד ביז דָן; 2און
גאַנץ נפֿתּלי, און דאָס לאַנד אפֿרים און מנשה, און דאָס גאַנצע
לאַנד יהודה ביז דעם הינטערשטן ים. 3און דעם דָרום, און
די [יַרדן־] געגנט, דעם טאָל פֿון יריחו, דער שטאָט פֿון טייטל־
בוימער, ביז צוֹעַר. 4און גאָט האָט צו אים געזאָגט: דאָס איז
דאָס לאַנד וואָס איך האָב געשוואָרן צו אַברהמען, צו יצחקן,
און צו יעקבֿן, אַזוי צו זאָגן: צו דײַן זאָמען וועל איך עס געבן.
איך האָב דיך געלאָזט זען מיט דײַנע אויגן, אָבער אַהין אַריבער־
קומען וועסטו ניט.
5און משה דער קנעכט פֿון גאָט איז דאָרטן געשטאָרבן,
אין לאַנד מואָב, לויט דעם מויל פֿון גאָט. 6און מע האָט אים
באַגראָבן אין טאָל, אין לאַנד מואָב, אַקעגן בֵית־פְּעוֹר; און קיין
מענטש ווייס ניט זײַן קבֿר ביז אויפֿן הײַנטיקן טאָג.
7און משה איז געווען הונדערט און צוואַנציק יאָר אַלט,
ווען ער איז געשטאָרבן; זײַן אויג איז ניט געווען טונקל, און זײַן
פֿרישקייט איז ניט אַוועק.
8און די קינדער פֿון ישׂראל האָבן באַוויינט משהן אין די
פּלוינען פֿון מואָב דרײַסיק טעג, ביז די טעג פֿון טרויערגעוויין
נאָך משהן האָבן זיך געענדיקט.
9און יהושע דער זון פֿון נון איז געווען פֿול מיט דעם גייסט
פֿון חכמה, ווײַל משה האָט אָנגעלענט אויף אים זײַנע הענט; און

די קינדער פון ישׂראל האָבן זיך צוגעהערט צו אים, און האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משהן.

10 און עס איז ניט אויפגעשטאַנען אין ישׂראל נאָך אַזאַ נביא ווי משה, וואָס גאָט האָט זיך דערקענט צו אים פּנים אֶל פּנים; 11 אין אַלע צייכנס און וווּנדער וואָס גאָט האָט אים געשיקט טאָן אין לאַנד מִצרַיִם, צו פַּרעהן, און צו אַלע זײַנע קנעכט, און צו זײַן גאַנצן לאַנד; 12 און אין אַלדער שטאַרקער האַנט, און אין אַלדער גרויסער פּאָרכטיקייט, וואָס משה האָט באַוויזן פֿאַר די אויגן פון גאַנץ ישׂראל.